שיינע-רחל סעמקאָף-באַדער

---

# אין געראַנגל פונ׳ם לעבן



# LIFE'S TURMOIL

**Stories and Novelettes**

By

**SHAYNE ROCHEL SAMKOFF-BADER**

FIRST VOLUME



Published by S. R. Publishing Committee
1949

# אין גערא̇נגל פונ׳ם לעבן

## דערציילונגען און נא̇וועלעטן

פון

## שיינע־רחל סעמקא̇ף־בא̇דער

ערשטער באנד



ארויסגעגעבן פונעם שיינע־רחל פא̇בלישינג קא̇מיטע
1949

## SHAYNE ROCHEL PUBLISHING COMMITTEE

*Executives*

Dr. Leon N. Adler
Samuel Chalfin
Louis Frank
Sol. Greenberg
Louis Morgenstern
Benjamin Salzberg
Sam Zwiebach

*Advisory Board*

A. Almi
Gershom Bader
H. Bieler
Rev. Israel Breeh
Dora Chalfin
N. Chanin
J. Dobzinsky
Dr. D. Globus
Naftali Gross
Jacob Kalich
R. Korkin
H. Kramer
Isaac Liebman
H. Lieberman
Israel C. Lutsky
Dr. S. Margoshes
Flora Morgenstern
S. J. Perlmutter
Molly Picon
Abraham Raisen
Harry Sackler
Gussie Salzberg
Saul Saphire
Rabbi Seidman
S. H. Setzer
Louis Shapiro
Dr. M. Sorgen
H. B. Sussman
Dr. J. Tenenbaum
William Vulcan
Hyman Zamkoff
Zalmen Zylbercweig

Printed in the United States of America by
The Shoulson Press, New York
255

# אינהאַלט פונ׳ם ערשטן טייל:

●


עלקע, אַ בריוו צו מיין שוועסטער אינ׳ם „תוהו ובוהו״ .... 10 — 7
רוזוועלט, אוטאָפּיסטישע אידיליע ............................ 28 — 11
„גענעראַל״ לייזער ראַכמאַנאָף, דער גרויסער טאַטע
פון דער שטאָט לידע ........................................ 41 — 29
צווישן כוואַליעס און ווינטן, נאָוועלעט ....................... 60 — 42
אַ רייזע אונטער דער באַנק, אַ פראַגמענט .................. 64 — 61
די העלדן פון באַראַנאָוויטש, דערציילונג ..................... 76 — 65
די לבנה האָט געשמייכלט, ראָמאַנס ........................... 90 — 77
שימינקע: א) אַ שיף מיט יתומים; ב) צען מינוט אויף
אייגענער ערד .............................................. 107 — 91
מאַמע און זוהן האָבן זיך געיאָגט, אַ פראַגמענט ........ 112 — 108
סאַראַטאָגע, אַ שטאָט וואָס האָט ליב אידן .................. 124 — 113
60 יאָר געבענקט נאָך אַ „גירלאַנדע״, דערציילונג .... 141 — 125
שמחה בעל שמחה, אַ פּאָרטרעט .................................. 152 — 142
ווען די באָן טוט זיך אַ ריר, ראָמאַנס ........................ 167 — 153
ביידן׳ס „אינדיען סאָמער״, סקיצע .............................. 176 — 168
ער און זיין שטעטל, דערציילונג ................................. 186 — 177
העט און שטעקן, אַ פראַגמענט ................................... 194 — 187
סאָניע, די מאַמע פון גראָדנע, אַ טיפּ ......................... 201 — 195
זונטאָג נאָך דער חתונה, אַ פּאָרטרעט .......................... 211 — 202
די ערשטע גרויע האָר, אַ שטריך . . . ............................ 218 — 212
נישט דער ריכטיגער מת, הומאָר אין אַ טראַגעדיע .... 235 — 219
צוויי שיך, סקיצע .................................................. 244 — 236
אַ טאַטע אויף אַ וואָך, אַ פּאָרטרעט ............................ 253 — 245

# צום חשוב'ן לייענער — עטליכע ווערטער

פון

## גרשם באַדער

שיינע־רחל איז אַ פּראָמינענטער ליטעראַרישער נאָמען.

מינדעסטענס אַ צוויי צענדליגג פון אירע פּיעסן זיינען געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אויף דער אידישער בינע, אויפגעפירט פון אַזעלכע קינסטלער ווי: קעני ליפּצין, מאָשקאָוויץ, בלאַנק, זאַץ, גאָלדענבורג — און פאַנאַנדערגעשיידט צו לאַנגע יאָרן: מאָלי פּיקאָן, סילי אַדלער, יאַבלאָקאָוו, נאַטאַנזאָן און מאָריס שוואַרץ.

איינע פון אירע פּיעסן איז אויך געפילמט געוואָרן מיט לודוויג זאַץ אין דער הויפּט־ראָלע.

די מוזיק צו אירע פּיעסן האָבן געשריבן אַזעלכע באַוואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן ווי: ברוידי, סעקונדא, אָלשאַנעצקי, עלשטיין, סעגדלער און רומשינסקי.

אין דערזעלבער צייט האָט מען אויך באַגעגענט אירע בעלעטריסטישע אַר־בייטן אין פאַרשידענע צייטונגען, ווי: פרייע אַרבעטער שטימע, אידישעס טאַגע־בלאַט, טאָג, מאָרגען־זשורנאַל, אַמעריקאַנער, נויאָרקער וואָכנבלאַט, קינדער־זשורנאַל, קינדער־צייטונג, אידישע וועלט (פילאַדעלפיע), אידישער קוריער (שיקאַגע), אידישער זשורנאַל (טאָראָנטאָ) און קענעדער אָדלער (מאָנטרעאָל).

פּשוט איבעררא‏ַשן דעם לייענער, וויל זיך מיר גלויבן, ווען באַלד די ערשטע זאַמלונג דערציילונגען און נאָוועלעטן מיט איר אידילישער קליינמאָלעריי, וועלכע איז טראָצדעם געבויט אויף אַ דראַמאַטישן הינטערגרונד, ווייל אַזוי אידיליש ווי דער גרעסטער טייל פון שיינע־רחל'ס דערציילונגען איז אין זייער פאָרם ביים אָנהויב, ווערן זייערע שילדערונגען גאָר גיך דראַמאַטיש, ווען זיי קומען אין זייער ווייטערער אַנטוויקלונג. פילט זיך אָבער נישט דאָרט דער געגענזאַץ און עס פאַר־אייניגט זיך די אידיליע מיט דער דראַמאַ אין אַ וואונדערליכער האַרמאָניע.

געוועהנליך דרייען זיך דאָ די בילדער אין ערשטער רייע אַרום דעם לעבן פון אונזערע איינגעוואַנדערטע מזרח־אידן, צווישן וועלכע עס פאַרברענגט די שריי־בערין אירע יאָרן און זי נעמט דערפון אַרויס דאָס אינטערעסאַנטסטע. דאַביי איז אויך צו באַמערקן, אַז וויפיל עס איז שוין געשריבן געוואָרן וועגן אונזערע איינ־געוואַנדערטע, איז דאָס אַלץ נישט גענוג. דאָס אויסזען זייערס ענדערט זיך אינ'ם גאַנג פון די אַלטעגליכע געשעהענישן אויף אַזוי ווייט, אַז די אימיגראַנטן פון היינט זיינען גאַנץ פאַרשידן אין באַגריף און פירונג פון אונזערע נעכטיגע אימיגראַנטן.

פאַרלאַנגט זיך דערפאַר אַ שטאַרקער געניט אויג און אַ מייסטערהאַפטע פעדער, צו קענען געבן אַ ריכטיגע שילדערונג פון די דאָזיגע גרופּן מיט די אַרויפ'ן און אַראָפּ'ן אין די ראַנגלעניש פון זייער לעבן.

די געשעהענישן פון די לעצטע עטליכע יאָר האָבן אויך אַרויסגערופן ביי דער שרייבערין בילדער פון איר קינדהייט אויף יענער זייט ים, איידער זי האָט פאַר־לאָזן די אַלטע היים. וואַנדערט איר זכרון איבער יענע חרוב־געוואָרענע שטעט און שטעטליך און איר פאַנטאַזיע פירט זי איבער די וועגן פון יענע אומגליקליכע, וואָס האָבן זיך נישט געראַטעוועט אין דער גרויסער שרפה.

און ווען עס צושפּילט זיך איר פאַנטאַזיע אויף די חורבות פון יענע מקומות, וואַנדערט זי מיט זייערע פאַרוואָגלטע איבערבלייבענישן איבער ימים און יבשות, ברעכט מיט זיי מויערן און שניידט דורך שטעכיגע דראָטען, מיט וועלכע עס ווערט פאַרצאַמט זייער וועג צו פרייהייט.

ווי באַמערקט, מישט זיך ביי שיינע־רחל'ען די אידיליע מיט דער דראַמאַ און זי מאַכט דעם לייענער לאַכן און וויינען אין זעלבן אויגענבליק, ווייל זי באַזיצט נישט בלויז דעם געהעריגן קוק פאַר די קלענסטע קלייניקייטן פון יעדער לעבנס־ערשיינונג, נאָר עס פאַרמישט זיך ביי איר אַלסדינג אין אַ וואונדערליך שטילן הומאָר, וועלכער קיצלט די לאַך־מוסקעלן פונ'ם לייענער אין מיטן פון זיינע טרערן, אַזוי איז איר געלעכטער אויסגעמישט מיט אַ טרער און ביי איר וויינען קרייזלט זיך אַ שמייכל אויף די ליפּן.

דאָס לעבן האָט פילע און פאַרשידענע הומאָריסטישע זייטן, וועלכע רירן אַמאָל דעם זשעניאַלן שילדערער צו אַ טרער. פונקט אַזוי האָבן די טראַגישע געשעהענישן אַן אורזאַך פאַר אַ שמייכל. די געשעהענישן פונ'ם לעבן זיינען אָפטמאָל אַזעלכע טרויעריגע, אַז זיי קענען מאַכן מלאכים לאַכן און טייוואָלים וויינען.

געפינט זיך דאָס אַלעס אין אַ גרויסער מאָס אין שיינע־רחל'ס קינסטלערישע שאַפונגען.

# עלקע



## אַ בריוו צו מיין שוועסטער אינ׳ם „תוהו ובוהו״

דו פרעגסט מיך, צי איך האָב אָן דיר פאַרגעסן, דו פרעגסט מיך אויף׳ן וואָר און דו פרעגסט מיך אין מיין חלום. דו פרעגסט מיך, צי ביזטו צוזאַמען מיט דיינע קינדער אַזוי אין בלוט פאַרשווענקט און אויף אַש פאַרברענט, אַז מען קען שוין אַייך גאָר נישט דערקענען און נישט געדענקען? דו פרעגסט מיך, צי עס האָט די אַש פון אייערע פאַרברענטע לייבער פאַרשטויבט מיין זכרון?

ניין, עלקע מיין שוועסטער, איך האָב דיך נישט פאַרגעסן! אָבער צו אָרים זיינען מיינע ווערטער, צו געפינען וואָס צו זאָגן וועגן דיר און דיינע קינדער, איר מיינע קדושים!

דו, מיין עלטעסטע שוועסטער, האָסט דאָך מיך די ערשטע גע־לערנט, ווי אָנצושרייבן דעם נאָמען „עלקע״! מיינע פינגער ברענען איצט ביים שרייבן דיין נאָמען, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין די פלאַמען, וואָס האָבן אייערע הייליגע לייבער געברענט, מיין טויטע שוואַרצע פעדער שפריצט מיט לעבעדיג רויט בלוט. דאָס שפריצט פאַר מיינע אויגן דאָס בלוט פון דיר מיט דיינע קינדער, מיט מיינע פעטערס, מומעס, קאָזינס און נאָך און נאָך מיליאָנען קדושים. דאָס ווייסע זייטל פאַפיר אונטער מיין פעדער סמאַליעט זיך אין גרויען אַש און פירט אַוועק מיינע געדאַנקען אַהין צו אַייך, אַייך אַלעמען צו זוכן, אָבער וואו? וואו זאָל זיך מיין געדאַנק אָפּשטעלן? ביי די הורבעס געשאָסענע, געקוילעטע

אָדער אין די ברענענדע האַלאָוועשקעס, צי אין דעם אויסגעברענטן שוואַרצן אַש פון די גרויסע קאַלך־אויוונס?

איך ווייס, שוועסטער מיינע, וואו עס איז אַהין־געקומען דיין זוהן יהודה־לייב. אין סאָלדאַטסקן מונדיר אויף דער גראָדנער ערד איז ער געפאַלן, קעמפפענדיג פאַר זיין „פאַטערלאַנד״ פוילן, ווי איז אונז!...

איך ווייס, אַז יהודה־לייב האָט איבערגעלאָזט אַ יונג ווייב מיט אַן עופה׳לע. איז ווער האָט זיי דער׳הרג׳ט? היטלער אָדער יהודה־לייב׳ס פוילישע „פאַטערלאַנד״, פאַר וועלכן ער איז געפאַלן מיט זיין ביקס אין האַנד?

וועגן יהודה־לייב׳ס טויט האָבן אונז געלאָזט וויסן דיינע אַנדערע קינדער, דיין חיה־פייגל, דיין שיינע־רחל און דיין חיים־איצקע. זיי האָבן נאָך דאַמאָלס געלעבט און זיי האָבן מיר געשריבן פון זייער ברודער׳ס טויט — און אַז דו, זייער מאַמע, ביזט פון דעם אונגליק שטאַרק קראַנק — און דאָס איז געווען דער לעצטער לעבעדיגער גרוס פון אייך.

פון דעמאָלט אָן האָב איך נאָר געהערט פון הורבעס הרוגים, פון קערפּערס אָן קעפּ און פון קעפּ אָן קערפּערס, פון קאַלך־אויוונס מיט פאַרברענטע מענשליכע גלידער, פון אין זייף געשמאָלצן מענשליכע פעטס, פון טייסטערס געמאַכט פון מענשליכע הויטן... יאָ, געהערט און געלייענט, אָבער דאָס איז דאָך גאָר „מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט״, עס קען דאָך אַזעלכעס נישט פּאַסירן, האָט דער מענשליכער געדאַנק נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם גרויזאַמען אמת. מען דאַרף נאָר וואַרטן אויף באַלד־באַלד, אָט־אָט וועט זיך אָפּלעשן דאָס גרויסע פייער און דער בריוו־טרעגער וועט ברענגען אַ גרוס פון ליידענדע, צוקאַלע־טשעטע, אָבער אַ זכר פון לעבן...

אָבער אומזיסט, אומזיסט איז געווען דאָס וואַרטן, דאָס זוכן, דאָס האָפן!

און אָט האָט די מאָדערנע וויסנשאַפט אָפּגעפאָטאָגראַפירט און אַריבערגעבראַכט בילדער, מואוויס פון דער גרויזאַמער ווירקליכקייט און אַהין זיינען מיר געלאָפן אייך זוכן!

איך זיץ אין אַ מואווי־הויז, איך גראָב אַיין מיינע בליקן אין די גרויסע קאַלך־אויוונס. אָט אַזאַ מין אויוון האָבן מיר דאָך געהאַט אין אונזער היים! איך דערמאָן זיך ווי פרייטאָג פלעגט אונזער מאַמע באַקן ברויט און חלה אויף שבת אין אָט אַזאַ אויוון להבדיל, איך פלעג שטיין אויף אַ בענקל און פלעכטן פון אַ שטיקל טייג פאַר מיר אַ קליין חלה׳לע — און דו, עלקע, די גרויסע שוועסטער מיינע, פלעגסט העלפן דער מאַמע׳ן, פלעגסט אַרויסשאַרן די ברענענדיגע הייסע קוילן פונ׳ם אויוון און נאָכדעם איינגעצן אַ פּאַמעלע אין וואַסער און

אַריינרוקן דעם נאָסן פּאַמעלע אין אויוון. און ווען איך האָב דיך געפרעגט, פאַרוואָס דו טוסט דאָס, האָסטו מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער אויוון איז צו הייס, מען דאַרף אים אַביסל אָפּלעשן, ווייל עס איז אַ רחמנות אויף מיין חלה׳לע, אַריין צו זעצן אין אַ צו־הייסן אויוון.

און פאַר דיר מיט דיינע קינדער האָט מען דעם אויוון נישט אָפּ־געלאָשן, געשטופּט אייך אין דעם אויוון, אין די ברענענדיגע קוילן אַריין!

מיינע בליקן עסן זיך איין טיפער און טיפער אין דעם אינעווייניג פון דעם אויוון! איך זע אויסגעברענטע האַלאָוועשקעס. איז דאָס אַ האַלאָוועשקע, געבליבן פון דעם האַלץ, אָדער איז דאָס דיינע אַ האַנט? די האַנט, וואָס האָט מיך אַמאָל געגלעט און געצערטלט? און אַט פאַלט מיין בליק אויף אַ הורבע געשאָסענע, געשאָכטענע הרוגים. אַט זע איך, ווי מען וואַרפט צוזאַמען אַ סך אַלטע און יונגע קערפּערס. מען וואַרפט זיי צוזאַמען אין איין באַרג. דער באַרג וואַרט אַלץ העכער און העכער. אַט זע איך אין דעם באַרג צוויי יונגע מיידלעך מיט שיינע לאַנגע האָר, מיט אָפּגעשאָסענע הענד, מיט אויסגעשניטענע צונגען. איך זוך צו דער־קענען און מיר דאַכט זיך, אַז אפשר איז דאָס דיין חיה־פייגעלע, אָדער דיין שיינע־רחל׳ע. פאַר־וואָס ליגן זיי דאָרט? פאַר וועמעס זינד?

איך דערמאָן זיך, ווי אַמאָל, איידער איך בין אַוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע, האָט אונזער טאַטע זיי געלערנט זאָגן „מודה אני״ און זיי האָבן זיך ביידע געפלייסט פאַר׳ן זיידן, צו קענען דאָס אויף אויסנ־ווייניג. ליגן זיי דאָס דאָרט מיט די אויסגעשניטענע צינגער דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַזוי שיין געזאָגט דעם „מודה אני״?

און אַט פאַלט מיין בליק צו נאָך הרוגים. אין אַ טיפן ראַי ליגן צוזאַמען־געוואָרפן אָפּגעריסענע מענשליכע גלידער. עס עסט זיך איין מיין אויג אין אַ קערפּער אָן אַ קאָפּ, צו דעם פאַרבלוטיגטן לייב זע איך דאָרט ווי צוגעוואַקסן אַ שטיק דורכגעשאָסענע לייוונט, עפּיס איז מיר דאָס אין בלוט דורכגעווייקטע שטיקל לייוונט, דאַכט זיך, באַקאַנט — און איך דערמאָן זיך, עלקע מיין שוועסטער, וואו איך האָב דאָס אַמאָל געזעהן. אַמאָל, אַמאָל, ווען איך האָב אַלס קליין מיידעלע זיך געלערנט פאַר אַ שניידערקע, האָסטו פון מאַרק אַהיים־געבראַכט אַ שטיקל לייוונטענע סחורה, עס איז געווען ווייס מיט בלויע פּאַסקעלעך און איך האָב פון דעם מיין ערשט שטיקל אַרבייט אויפגעניייט פאַר דיין חיים־איצקען אַן אַרבע־כנפות׳ל און איך האָב עס אים אָנגעטאָן איבער זיין קאָפּ.

חיים־איצקע איז דאַן געווען אַזוי גליקליך מיט זיין אַרבע־כנפות׳ל — און ווען אונזער טאַטע האָט אין די ווינקעלעך פון׳ם אַרבע־כנפות׳ל

אַריינגעפלאָכטן לאַנגע פּעדים, האָט חיים־איצקע אונטערטאַנצענדיג פון פרייד צוגעזאָגט דעם זיידן, אַז ער וועט קיינמאָל־קיינמאָל פון זיין לייב נישט אויסטאָן דעם שיינעם ארבע־כנפות׳ל.

איז דאָס אפשר חיים־איצקע, דער וואָס ליגט דאָרט אָן אַ קאָפּ מיט דעם מיט בלוט צוגעוואָקסענעם ארבע־כנפות׳ל צו זיין צו־ הרג׳ט לייב?

ליגט ער דאָרט דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אויסטאָן דעם ארבע־כנפות?

עלקע, מיין שוועסטער! הימל און ערד, נאַכט און טאָג, זאָלן אין אונז מענשן פאַרגעסן, אויב מיר וועלן אַמאָל פאַרגעסן אָן אייך, איר הייליגע, אין בלוט געווייקטע און אויף אַש פאַרברענטע ארבע־ כנפות׳לעך!...

# רוזוועלט



## וואָס זיידע־באָבע וועלן אַמאָל־אַמאָל דערציילען

### (אוטאָפּיסטישע אידיליע)

יעדע וואָך, ווי עס איז נאָר אָנגעקומען דער טאָג פון רו, פלעגן זיך צוזאַמען־קלויבן קינדער, אייניקלעך, אוראייניקלעך — און זיך אַלע אַוועקלאָזן צו דעם בערגל, אויף וועלכן עס האָט געוואוינט זיידע־באָבע.

אַלע אָנקומענדע האָבן זיך באַלד געמיטליך אויסגעזעצט און אויסגעלייגט אויף'ן גריבעם גראָז, וואָס האָט זיך געוויגט אין די צאַרטע ווינטלעך און געטונקן אין דער גאָלדענער זון.

דער זיידע, אין גאַנצן ווייס פון אַלטקייט, באַוויזט זיך אין טיר פון זיין מיט בלומען באַוואָקסענער הייזקעלע. ער זעצט זיך אויף'ן שוועל און פּיפּקעט זיין צינדענדע ליולקע. ביי זיין זייט באַוויזט זיך אויך באַלד די גאָר ווייסינקע באָבע.

די באָבע טיילט אירע אייניקלעך קיכעלעך, געבאַקן מיט ראָזינקעס — און זי זעצט זיך אויף'ן שוועל לעבן זיידע'ן.

די אייניקלעך, עסנדיג די קיכעלעך, זעצן זיך אויס אין אַ רעדל אַרום דעם זיידע'ן מיט דער באָבע און וואַרטן. זיי וואַרטן, אַז דער זיידע זאָל גוט פאַררויכערן זיין ליולקע — און אַז ער פאַררויכערט זיין ליולקע, פאַרטראַכט ער זיך אַ ווילע. ווייסן שוין די אייניקלעך, אַז היינט וועט דער זיידע דערציילן אַ מעשה, וואָס פּאַסירט האָט אַמאָל.

פּיפּקעט דער זיידע זיין ליולקע און מיט זיין זילבערנעם קול הויבט ער אָן:

— נו, קינדערלעך, איר זענט דאָך אַודאי געקומען הערן מעשה׳־לעך פון אַמאָל, וועל איך אייך היינט דערציילן פון יענער צייט, ווען זיידע־באָבע זיינען נאָך געווען אַזוי קליין ווי, ווי אַט יענער דאָרט, דאָס איינגסטע אייניקל אונזערס. יאָ, אייניקלעך, מיר וועלן זיך אָוועקלאָזן מיט אונזער היינטיגער מעשה׳לע צו ווייט־ווייטע נעכטנס, צו אַרום אַזוי אַ זיבעציג יאָר אויף צוריק.

די באָבע מיט איר דין זיידן קול העלפט אים באַלד צו:

„נו־נו, אַלטיטשקער מיינער, הויב שוין טאַקי אָן! אונזערע קינדער זאָלן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל הערן די געשיכטע פון יענער צייט, ווען גאָט האָט אַראָפּגעשיקט צו דער וועלט אַ מלאך אין דער געשטאַלט פון אַ מענש, אָפּצוראַטעווען די שיר אונטערגייענדע וועלט. טאַקע פאַר אייך, קינדערלעך, פאַר אייך אייניקלעך, איז דאַמאָלס די וועלט געראַטעוועט געוואָרן, פאַר אייך, פאַר די קומענדע דורות און דורות — און אויסדרייענדיג זיך צום זיידן, זעצט די באָבע פאָרט: — פאַנג טאַקי אָן, חבר׳ל מיינער, אין גאַנצן פון אָנהויב, ווייל מיינע אַלטע אויגן זעהן דאַכט זיך דאָ אונטערגעוואַקסן נאָך און נאָך אייני־קעלעך.

— יאָ, יאָ, זיידע, באָבע! — האָבן זיך באַלד דערהערט קול׳־כלעך פון אַלע זייטן — דערציילט אונז, דערציילט פון יענעם גרויסן מענשן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, מיר ווילן עס גוט געדענקען, מיר זאָלן דאָס קענען דערציילן צו אונזערע קינדער און אונזערע קינדער צו זייערע!...

דער זיידע נעמט אַרויס די ליולקע פון זיינע ליפּן און אַרויסלאָזנדיג לאַנגע קייקעלעך רויך, וואָס קייקלען זיך אַוועק צוזאַמען מיט זיינע געדאַנקען ערגיץ־ווייט ווייט צו די שטראַלן פון דער זון, פאַנגט ער אָן:

— געווען, קינדערלעך, איז אַמאָל אַ לאַנד, וואָס פון אַלע עקן וועלט האָבן זיך מענשן צו איר געצויגן. דאָס דאָזיגע לאַנד האָט אַרויסגעראַטעוועט פון אָרימקייט, פון הונגער, פון פּאָגראָמען, פון שלעכטע קייזאָרים, פון קאָזאַצקע נאַגאַיקעס, פון שייטער־הויפנס, פון געסטאַפּישע מערדערייען, אַזוי כסדר און כסדר.

— פאַרגעס אָבער נישט, אַלטער, אויך צו דערציילן, אַז יעדער מענש, יעדע נאַציאָן, וואָס איז אין דער לאַנד אַריינגעקומען, האָט פון זיין היים עפּעס מיטגעבראַכט — האָט אונטערגעכאַפּט די באָבע.

— ניין, אַלטיטשקע מיינע, ניין, איך פאַרגעס נישט! — האָט דער זיידע איר צוגעוואָרפן זיין ליבליכן שמייכל און פאָרטגעזעצט:

— יאָ, קינדערלעך, יעדער מענש, וואָס איז אין דעם זוניגן לאַנד אַריינגעקומען, האָט פון זיין עק וועלט עפּעס מיטגעבראַכט. איינער

שכל, אַ צוויטער כח, אַ דריטער בילדונג, און אַנדערע טאַלאַנט, און דאָס לאַנד איז דורכדעם געבויעט געוואָרן מיט אַלערליי קאָלירן, פאַרבן, קלאַנגען, און אַלערליי געפילן, אַלערליי עמפּפינדונגען, אַזעלכע ווי מוט, קאַמף, אומעט, שטאָלץ, בענקשאַפט, פרייליכקייט, יאָ, אַלעס, אַלעס, וואָס די פעלקער און נאַציאָנען פון אַלע עקן וועלט האָבן אין זיך פאַרמאָגט, האָט דאָס דאָזיגע לאַנד אין זיך אַריינגעזאַפּט און עס איז געוואָרן ליב און טייער ביי יעדן איינעם, ווייל עס איז געוואָרן יעדנס לאַנד, ווייל יעדער האָט עס געהאָלפן בויען, ווער מיט זיין כח, ווער מיט זיין שכל, ווער מיט זיין טאַלאַנט. און דאָס דאָזיגע לאַנד האָט זיך צובליהט און צעוואַקסן דופּטיג, פאַרביג, קלאַנגפול, צובליהט און צעוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג, אין די טיפענישן און אין די הויכקייטן, טיף־טיף אונטער דער טיפסטער ערד, אונטער די טיפסטע וואַסערן זיינען קאַנאַלן געבויט געוואָרן, הויך־הויך אַזש ביז די הימלען האָבן דערגרייכט די שפּיצן פון די מאָדערנע געביידן און מאָדערנע ערפינדונגען. געדיכט זיינען געוואָרן די וועלדער, פעט זיינען געוואָרן די פעלדער און איבער די טיפע טייכן און ימים זיינען שיפן געפאָרן אַהין און צוריק, פּרוכטן, תבואות און סחורות געפירט צו אַלע פאַרטן פון דער וועלט. יאָ, קינדער, דאָס לאַנד האָט געבליהט און געוואָקסן פון טאָג צו טאָג, פון מינוט צו מינוט אַלץ שענער, אַלץ שטאַרקער, אַלץ מעכטיגער און אַלץ רייכער. דאָס לאַנד האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל, אַז די גאַנצע וועלט האָט עס געשפּייזט. אָט דאָס שטאַרקע מעכטיגע לאַנד האָט געהייסן און הייסט: אַמעריקע!...

— אָבער, זיידעניו, באָבעניו! — האָבן אויסגערופן אַלע אייניקלעך און אוראייניקלעך — אַמעריקע? דאָ זיינען מיר דאָך איצט! אונזער לאַנד, די ערד, אויף וועלכער מיר זיצן אַצינד, הייסט דאָך אַמעריקע!

— אמת, אייניקלעך מיינע! — האָט זיך אַריינגעמישט די באָבע — אמת, מיר געפינען זיך טאַקע אין דערזעלבער אַמעריקע, פון וועלכער מיר דערציילן אייך! אמת דיזעלבע און דאָך אַן אַנדערע! אַן אַנדער אַמעריקע און אויך אַן אַנדערע וועלט איז היינט, קינדערלעך!

— אָט ליבע אייניקלעך און אוראייניקלעך מיינע! — האָט דער זיידע אַ ציי טוענדיג זיין ליולקע וווייטער גערעדט — אָט קומט איר היינט צו אַייערע אַכציג־יעריגע זיידע־באָבע, צו הערן דערציילן מעשה'לעך און אַנדערע קומען צו נאָך עלטערע זיידעס און באָבעס, צו אַזעלכע וואָס זיינען שוין העט־העט אַריבער די הונדערט. אָבער אַמאָל ליבינקע מיינע, אַמאָל זיינען נישט געווען אַזעלכע זיידע־באָבעס!

— אָבער פאַר־וואָס ? — האָבן אַלע קינדער פאַרוואונדערט געפרעגט — פאַר־וואָס זיידעניו ? פאַר־וואָס באָבעניו ?

דערפאַר קינדערלעך — האָט דער זיידע ווידער אָנגעפאַנגען — ווייל עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל זאָרגן פאַר זיי! דערפאַר האָבן זיידעס און באָבעס נישט געקענט דערלעבן אַזאַ טיפן עלטער, ווי מען דערלעבט היינט...

— און דאָס האָט אַלעס פאַרזאָרגט, ער, דער גרעסטער מענשנ־פריינד פון אַלע צייטן ! — האָט די באָבע אויף שנעל אונטערגעכאַפּט.

— נו, זיידעניו, באָבעניו, דערציילט ווייטער, דערציילט אונז אַלעס וועגן יענעם גרויסן מענשן, וואָס גאָט האָט אַראָפּגעשיקט צו ראַטעווען די וועלט. דערציילט, דערציילט ! — האָבן אַלע אייניקלעך ווידער אַמאָל געבעטן.

— נו, גוט, ליבע אייניקלעך, גוט ! הערט זיך צו מיט קאָפּ און איך וועל ווייטער דערציילן ! — האָט דער זיידע ווידער ארויס־לאָזנדיג אַ מויל רויך און קוקנדיג אין דער ווייטער ווייטקייט אַריין, פאָרטגעזעצט : — פונקט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, אַזוי זיינען אויך אין דעם לאַנד אַמעריקע געווען פאַרשידענע צייטן, גוטע און שלעכטע, געווען מלחמות, רעוואָלוציעס, סטרייקס, פראָספּעריטי און דעפּרעשאָן, אַזוי באַכאַנאַנד גוטס און שלעכטס, שלעכטס און גוטס. יאָ, עס זיינען געווען פאַרשידענע צייטן, אָבער קיינמאָל, קיינמאָל פריער געדענקט מען נישט אַזאַ גרויזאַמע צייט ווי אין די יאָרן פון 1929 ביז 1932...

— ניין, ניין, קיינמאָל, קיינמאָל פריער האָט אונזער דור נישט געהערט אין דעם לאַנד פון אַזאַ גרויזאַמער צייט ! — האָט די באָבע צוגעהאָלפן מיט אַ זיפץ.

און דער זיידע האָט ווייטער דערציילט :

— אין דער שענסטער, רייכסטער און מעכטיגסטער מדינה פון דער וועלט האָט פּלוצים אָפּגעקלונגען אַ שרעקליך וואָרט, דאָס וואָרט האָט געהייסן „קריזיס".

— „קריזיס" — איז דורכגעגאַנגען דאָס וואָרט איבער אַלע קינדערשע ליפּן ווי אַ הוזשעריי פון אַ שטורמווינד צווישן ביימער און צווייגן.

ק ר י ז י ס !...

און די באָבע האָט אונטערגעכאַפּט מיט אַ ציטער :

— ווי אַ שוואַרצער פינסטערער וואָלקן פון אַלע זיבן הימלען האָט זיך דאָס דאָזיגע וואָרט אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און צושפּרייט זיינע מורא׳דיגע פליגלען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער איבער יעדן

ווינקעלע פונ׳ם לאַנד. הונגער, קעלט, נויט, טרערן, קראַנקהייטן, האָבן געגומען בושעווען אין יעדער גאַס און כמעט אין יעדער היים.

דער זיידע האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און ווידער אָנגעפאַנגען:

— גרויסע געשעפטן האָבן גענומען באַנקראָטירן, איינע נאָך דער אַנדערער. באַנקן האָבן זיך געהאַלטן אין איין פאַרמאַכן. פּרעזידענטן פון די בענק זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין פּריזאָנס אָדער זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

די באָבע כאַפּט דאָן אונטער:

— אַלמנות, יתומים, אָרימע כלות האָבן געהאַלטן אין איין חלש׳ן און אָוועקשטאַרבן ביי די טירן פון די פאַרמאַכטע בענק, וועלכע האָבן צוגענומען זייערע שווער־פאַרהאַרעוועטע פאַר סענט.

דער זיידע האָט ווידער טיף אָפּגעזיפצט און ווייטער דערציילט:

— אינשורענס קאָמפּאַניס האָבן אָוועקגענומען ביי אָרימע מענשן זייערע נישט־דערצאָלטע פּאָליסיס, מאָרטגייזשירערס האָבן אָוועקגענומען נישט דערצאָלטע היימען, דאָקטוירים, לאָיערס, לערער האָבן געזוכט אַרבייט אַלס דישוואָשערס און הויזקיפּערס. געזוכט, אָבער נישט געפונען! איבער די פאַרלאָזענע אַמעריקאַנער גאַסן האָבן ארומגעוואַנדערט 15 מיליאָן אַרבייטסלאָזע. הונגעריגע, אָפּגעריסענע, האָבן געקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע פאַבריק־טירן און זיך געבעטן: „גיט אונז אַרבייט, אַרבייט, ברויט פאַר ווייב און קינד!״... און אומעטום האָבן זיי געפונען דעמזעלבן ענטפער: „מען דאַרף נישט קיין אַרבייטער, מען דאַרף נישט!״... אויף די עקן גאַסן פון אַלע שטעדט האָבן נעכטיגע גבירים פאַרקויפט עפּל!...

די באָבע מישט זיך אַריין:

— יאָ, די פּאַנאָראַמעס אויף די שיינע אַמעריקאַנער גאַסן זיינען געווען „ברעד־ליינס״, מענשן פון אַלערליי קלאַסן זיינען געשטאַנען אין ליין. מיט געבויגענע קעפּ און פאַרשעמטע פּנים׳ער האָבן זיי געבעטלט אַ שטיקל ברויט און אַ קאָפּע קאַפע.

דער זיידע כאַפּט אונטער:

— די לידער, וואָס מען האָט דאָן פאַרפאַסט און געזונגען, זיינען געווען: „בראָדער, קען יו ספּער ע דאַים!״...

דער זיידע ווישט אויס אַ טרער און רעדט ווייטער:

— אויף די סאַידוואָקס האָט מען געטראָפן פאַמיליעס אַרויסגעוואָרפן פון די דירות. מענשן זיינען אין די גרעסטע פראָסט געשלאָפן אין די גאַסן. אַ סך האָבן פון אַלטע שמאַטעס און פון אָפּגעבראָכענע צווייגן פון בוימער אַליין זיך אויפגעבויעט היימען אין די פּאַרקס און ביי די ברעגעס פון די ריווערס. יעדן טאָג, יעדע שעה

איז צוגעקומען נאך און נאך צו דער גרויסער ארמיי צובראכענע מענשן.

— אוי איייניקלעך, אוי אוראייניקלעך מיינע טייערע! — האט זיך אריינגעמישט די באבע — אוי האבן אייערע זיידעס און באבעס אין אייערע יארן איבערגעלעבט א צייט פון טרערן, נויט און הונגער!...

דער זיידע שלאגט איר איבער:

— אוי נויט, אוי הונגער! איך געדענק די גרויסע שמחה פון מיין טאטע־מאמע דעם טאג, וואס איך האב שוין געדארפט אנפאנגען גיין אין סקול. די שמחה איז געווען דערפאר, ווייל אין סקול וועל איך קריגן כאטש עפיס אפצועסן...

די באבע האט זיך ווידער אריינגעמישט:

— און אויך אין די סקולס איז דענסטמאל געווען גענוג אומגליקן. אין דער סקול, וואו איך בין געגאנגען, זיינען געווען צובראכענע פענסטער, צובראכענע ווענט. רעגן האט אריינגערעגנט, שניי האט אריינגעשנייט. מיינער א ברודער׳ל האט זיך טאקע אין סקול צוגעקילט, געקראגן לונגען־ענטצינדונג און איז געשטארבן. אויך א לערערין אונזערע, וועלכע האט אונז געוואלט באשיצן און האט אפט מיט אירע אייגענע פלייצעס פארשטעלט די צובראכענע פענסטער, אויך זי איז פון הונגער און קעלט געשטארבן.

— אבער זיידעניו, באבעניו! — האט זיך אפגערופן איין קלוג אייניקל — דאס לאנד איז דאך געווען אזוי מעכטיג, אזוי רייך, וואו איז מיט אמאל אהינגעקומען דאס גאנצע רייכטום?

— זעהר זעהר א קלוגע פראגע, מיין ליב אייניקל! — האט זיך דער זיידע מיט פרייד צושמייכלט.

האבן נאך עטליכע אייניקלעך געוואלט ווייזן זייער קלוגשאפט און האבן אויך געפרעגט:

— יא, יא, זיידעניו, באבעניו, וואו איז עס אהינגעקומען? זאגט, דערקלערט אונז, ווי אזוי האט דאס אלעס געקענט פאסירן!

— איז דענסטמאל אינ׳ם לאנד געווען א פארפלייצונג? האבן פון הימל ארונטערגענידערט רעגנס, דונערן, שטורמווינטן, וואס האט דאס לאנד פארפלייצט און פאראַרימט? — האט געפרעגט נאך א קלוג אייניקל.

— איז אין לאנד געווען שרפות? האבן פייערדיגע בליצן אונטערגעצונדן די דעכער און די ביימער פונ׳ם שיינעם לאנד? — האט געפרעגט אן אנדער אייניקל.

— איז געווען אן ערדציטערניש? האבען פייערדיגע וואולקאנען

די ערד צועפּנט און אַלעס איינגעשלונגען? — האָט געפרעגט נאָך אַן אייניקל.

— ניין, אייניקלעך מיינע קלוגע! — האָט דער זיידע געענטפערט און ווידער אָנגעפאַנגען דערציילן — ניין, טייערינקע מיינע! קיינע נאַטור־עלעמענטן האָבן זיך דענסטמאָל נישט אַריינגעמישט אין דער חרוב'דיקייט פונ'ם לאַנד. הימל, ערד, זון, לבנה, אַלעס אַלעס איז זיך געגאַנגען זייער רוהיגן גאַנג. דאָס האָבן נאָר מענשן מיט זייערע ספּעקולאַציעס אויף „וואָל סטריט" דאָס לאַנד שיר נישט חרוב געמאַכט...

— פאַר־וואָס האָבן די מענשן געשוויגן? — האָט געפרעגט אַ גאָר גאָר קליין אייניקל.

דער זיידע האָט אַ גליקליכן בליק צוגעוואָרפן צו זיינע קלוגע אייניקלעך און אויסקלאַפּענדיג זיין ליולקע אַן שוועל, האָט ער ווייטער דערציילט:

— ניין, אייניקלעך מיינע קלוגע, ניין! אַ סך מענשן האָבן נישט געשוויגן! פאַרקערט, פאַרשידענע גרופּן, פּאַרטייען האָבן זיך אַרומ־געקריגט, געשריען, געגוואַלדעוועט, געוואָרפן די שולד איינער אויף'ן אַנדערן. איינציגע האָבן געוואָלט מיט איינמאָל אין גאַנצן איבערדרייען דאָס לאַנד לויט זייער געדאַנק. האָבן די שטאַרקערע זיך געשטעלט געגן זיי מיט האַרמאַטן, זיי צעשאָסן, צע'הרג'עט, צעבלוטיגט...

— אוי, אייניקלעך טייערינקע! — האָט די באָבע גענומען אַרויס־העלפן דעם זיידען — מענשן זיינען דאַמאָלס געפאַלן ווי זאַנגען פונ'ם שניטער'ס שניידמעסער...

דער זיידע, נאָך אַלץ קלאַפּענדיג זיין ליולקע, איז אַריינגעפאַלן אין דער באָבע'ס ווערטער:

— יאָ־יאָ, קינדערלעך! די מענשן פון דעם לאַנד האָבן זיך דאַן געוואַלקט אין אַקעאַנען פון ליידען, צרות און יאוש. אַמעריקע, די אייביגע רעטערין פון אַנדערע לענדער, איז אַליין געשטאַנען אויף'ן סאַמע אָפּגרונד פון פאַרצווייפלונג. אָט די שענסטע, שטאַרקסטע און רייכסטע מדינה אין דער וועלט האָט שוין געהאַלטן ביי חרוב ווערן.

דער זיידע האָט גענומען ציבדן זיין ליולקע, אַרום האָט געהערשט אַ שווייגענדע ערוואַרטונג. ער האָט דאַן אַ צי געטאָן דעם רויך און מיט אַ שכינה'דיגער צופרידנהייט אויף זיין פּנים האָט ער גענומען ווייטער דערציילן:

— אָבער אייניקלעך טייערע, אַזוי ווי אין דער אַמאָליגער אידישער גרעסטער נויט האָט זיך אנטפּלעקט אַ משה רבנו און אַזוי ווי אין דער אַמאָליגער אַמעריקע האָט זיך פאַר עלענדע שקלאַפן

באַוויזן אַ פּרעזידענט לינקאָלן, אַזוי האָט זיך אין דער פאַרצווייפלטער אַמעריקע פון 1932 באַוויזן אַ נייע שטראַלנדע זון, די ליכטיגסטע וואָס די וועלט האָט ווען פאַרמאָגט, האָט דאַמאָלס גאָט צו אונז אַראָפּ־געשיקט אין דער געשטאַלט פון אַ נייעם פּרעזידענט.

די באָבע כאַפּט אונטער:

— זיין ליכטיגער נאָמען איז געווען —

אַלע קינדער מיט איין קול רופן אויס:

„פרענקלין דעלינאָ רוזוועלט!"

— יאָ, קינדערלעך, יאָ, פרענקלין דעלינאָ רוזוועלט, עהרע זיין אָנדענקען! — פאַררייסט דער זיידע זיין בליק צום הימל.

און די באָבע רעדט ווייטער מיט באַגייסטערונג:

— דאָס ערשטע, וואָס יענער שיינענדער שטראַל האָט געבראַכט צום צושראָקענעם לאַנד, איז געווען זיין ליכטיגער שמייכל. זיין שמייכל האָט ווי זונען־אויפגאַנג ליכטיג געמאַכט אונזערע פינסטערע טעג.

— אמת, קינדערלעך, אמת! — האָט דער זיידע פאַרטגעזעצט מיט באַגייסטערונג — זיין האַרציגער שמייכל האָט אָנגעצונדן אַ פאקל פון האָפנונג אין די פאַרצווייפלטע הערצער פון די מיליאָנען אומגליקליכע מענשן...

— לאָז מיך, אַלטער, איצט דערציילן פאַר אונזערע אייניקלעך פון מיין דאַמאָלסדיגען חלום! — האָט די באָבע געבעטן דעם זיידע׳ן.

— נו, רעכט, אַלטיטשקע מיינע! דערצייל, דערצייל! — האָט דער זיידע אַ גלעט געטאָן דער באָבע׳ס באַק.

די באָבע האָט זיך פאַרקוקט אין דער ווייטקייט און גענומען דערציילן:

— דאָס איז געווען אין דעם טאָג, איידער יענער ליכטיגער שטראַל איז געוואָרן פּרעזידענט. איך בין דאַן געווען אַ גאָר־גאָר קליין מיידעלע. אויף דער וואַנט געגנאיבער מיין בעטל האָט אימיצער אויפגעהאָנגען זיין בילד. אַלע אין שטוב האָבן דאַמאָלס גערעדט פון זיין שמייכל און כסדר געפּרופט טרעפן, צי וועט ער אָט דער נייער אָנקומענדער פּרעזידענט מיט זיין גוטן שמייכל עפּיס אויפטאָן פאַר אונז, צי וועט ער העלפן אונז, די פאַרגעסענע מענשן. איך בין געלעגן אויף מיין געלעגער אַ ברוגז׳ע, וואָס איך האָב שוין אַזוי פיל טעג נישט געהאַט אַ פּעני אויף קענדי. איך ווי אַלע אַנדערע קינדער אַרום מיר האָבן שוין גאָר מורא געהאַט, צו בעטן ביי אונזערע מאַמעס אַ פּעני, ווייל מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז אונזערע מאַמעס ענטפערן אונז אָפּ מיט אַ טרער.

— יאַ־יאַ, נאָר מיט טרערן האָבן דאַמאָלס די אָרימע מאַמעס געענטפערט זייערע פאַרשמאַכטע קינדער! — האָט דער זיידע אַרויס־געזיפצט.

און די באָבע האָט פאָרטגעזעצט:

— מיין קינדערשער בליק איז דאַמאָלס געפאַלן אויף'ן בילד, וואָס האָט אַראָפּגעשמייכלט צו מיר. איך האָב אַ ברוגז'ע געטראַכט, איך וויל אַ פעני און ער לאַכט פון מיר! און ברוגז קוקנדיג אויף'ן שמייכלדיגן בילד, בין איך אַיינגעשלאָפן.

— וואָסזשע, באָבעניו, האָט זיך דיר גע'חלומ'ט? וואָס האָסטו אין יענעם חלום געזעהן? דערציייל, דערצייל! — האָבן אַלע אייניקלעך געבעטן.

די באָבע האָט פאַר'חלומ'ט געקוקט אין דער ווייטקייט און ווייטער גערעדט:

— אין מיין הונגעריגן שלאָף האָב איך פלוצים דערזען אַ גרויסן־גרויסן הויכן באַרג און דער באַרג איז געווען געבויט אין גאַנצן פון געלד, פון אַלערליי געלטן, פאַפּירענע, זילבערנע, גאָלדענע, קופּערנע. פון אַ סך טאָלערס, קוואָדערס, דאַימס, ניקלס און פעניס. און אויף'ן סאַמע שפּיץ פונ'ם געלד־באַרג זיינען געזעסן עטליכע שלעכטע מענשן, און האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזט צום באַרג. און אַרום און אַרום דעם גרויסן באַרג זיינען געשטאַנען אַ סך טאַטעס, מאַמעס און קינדערלעך, אַלע מיט אויסגעשטרעקטע הענד האָבן זיך געבעטן: „געלד, געלד! וואָס ליגט איר דאָרט צוזאַמענגעקוועטשט, צוזאַמען־געפרוירן און איר רירט זיך נישט פונ'ם אָרט? קומט צו אונז! מיר דאַרפן אייך אַזוי נויטיג, אונז וועט איר דאָך ראַטעווען!”

און דאָס געלד האָט געענטפערט יעדער באַזונדער. דאָס פאַפּירענע געלד האָט געזאָגט צו די טאַטעס: „טאַטעס, טאַטעס! מיר, די טאָלערס, ווילן דאָ נישט ליגן. אונז איז דאָ אויך נישט גוט! מיר ליגן דאָ צוזאַמען־געקנייטשט, צוזאַמען־געפרוירן, קיינער נויטיגט זיך נישט אין אונז, קיינער האָט נישט קיין גרויסע שמחה פון אונז. מיר וואָלטן בעסער געוואָלט גיין צו אייך, אַרויסגיין אויף דער וועלט, איר זאָלט מיט אונז האַנדלען, וואַנדלען, ברענגען נוצן און פרייד”.

די באָבע קוקט פאַר'חלומ'ט און רעדט ווייטער:

— דאָס זילבערנע געלד האָט געזאָגט צו די מאַמעס: „מאַמעס, מאַמעס! מיר די האַלבע טאָלערס, קוואָדערס, דאַימס, מיר ווילן דאָ נישט ליגן, מיר ווערן דאָ פאַרזשאַווערט, פאַרראָסטעט, פון קיינעם נישט באַדאַרפט, קיינעם נישט דערפרייט, מיר וואָלטן בעסער ווען

גיין צו אײַך, איר זאָלט מיט אונז קויפן גוטע עסנס פאַר אייערע טישן, שיינע קליידער פאַר אייערע קערפּער...

די באָבע ווישט אויס אַ טרער און רעדט ווייטער:

— נאָכדעם האָבן די פּעניס גענומען שרייען צו אונז קינדער: „קינדערלעך, קינדערלעך! מיר ווילן אַזוי שטאַרק צו אײַך, מיר ווילן ליגן אין אייערע הענטעלעך, איר זאָלט אונז צערטלען, גלעטן, זיך פרייען מיט אונז, לויפן מיט אונז קויפן זיסינקע זאַכן, מיר ווילן צו אײַך, צו אײַך!"

און איך וויל אײַך, איך וויל אַ פּעני, האָב איך געוויינט צו דעם געלד. — און פּלוצים האָב איך דערזעהן ווי יענע שטראַלנדיגע פּער־זענליכקייט איז אַראָפּ פונ׳ם בילד און מיט זיין האַרציגן שמייכל און פעסטן טאָן האָט ער געזאָגט צו אונז אַלע: „טאַטעס, מאַמעס, קינדער! קומט אַלע, קומט מיט מיר אַהין צו דעם געלד־באַרג!"...

אַלע זיינען אים גלייך נאָכגעגאַנגען, זיך אַרומגעשטעלט אַרום באַרג און ער מיט זיין ליבליכן שמייכל און קלינגעדיגן קול האָט אָנגעהויבן טענה׳ן צו די מענשן, וואָס זיינען געזעסן אויף׳ן שפּיץ באַרג. ער האָט גערעדט מיט גוטן און מיט בייזן, זיך ביי זיי געבעטן און צו זיי געשריען: „איר נאַרישע מענשן", האָט ער גע׳טענה׳ט, „וואָס האָט איר זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם געלד באַרג און איר לאָזט עס נישט רירן? זעהט, צוליב אייער איינגעפּרוירענעם זיצן דאָרטן שטאַרבן אויס פון הונגער די אַרבייטער פונ׳ם לאַנד. ווער וועט בויען פאַר אײַך היימען, ווען אייערע היימען וועלן ווערן אַלט און צובראָכן? ווער וועט אײַך נייען קליידער, ווען אייערע קליידער וועלן ווערן צוריסן? ווער וועט לערנען אייערע קינדער, ווען די לערער שטאַרבן אויס פון הונגער? ווער וועט אײַך היילן, ווען איר וועט קראַנק זיין, ווען דאָקטוירים ווערן טעקסי־דראַיווערס און דישוואַשערס? וואָס וועט אײַך נוצן דאָס געלד אָן אַ וועלט?" — אַזוי האָט ער גע׳טענה׳ט און גע׳טענה׳ט, ביז די נאַרישע מענשן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַראָפּקריכן פונ׳ם איינגעפּרוירענעם געלד — און דאַן האָט דער שמייכלדיגער מענש גענומען אויסטיילן דאָס געלד צו די טאַטעס, צו די מאַמעס און צו די קינדער...

— יאָ, אייניקלעך מיינע טייערע! — האָט זיך דער זיידע אַריינ־געמישט — אייער באָבע׳ס חלום איז דאַמאָלס פאַרווירקליכט געוואָרן. אַ בעל־רחמנות׳דיגן טאַטע־געשטאַלט האָט דאַן גאָט צו אונז אַרונטער־געשיקט. ער, דער פּרעזידענט, איז באַלד געוואָרן רער טאַטע פון אַלע ליידענדע און אונטערדריקטע. באַלד ביי זיינע ערשטע טריט

אַלס פּרעזידענט האָט ער זיך געשטעלט אין קאַמף פאַר'ן פאַרגעסענעם מענשן.

די באַבע כאַפּט אונטער:

— די ערשטע זאַך האָט ער אַראָפּגענומען די שאַנדע פון די אַמעריקאַנער גאַסן, די „ברעד־לאַינס", ער האָט גלייך גענומען געבן עסן די הונגעריגע און היימען צו די היימלאָזע. ער האָט געזאָגט, אַז אויב עס איז נישטאָ גענוג געלד, זאָלן די וואָס פאַרדינען פיל אַרונטער־געבן פון זייערע שכירות. אַלס ביישפּיל האָט ער געהייסן, מען זאָל באַלד אַרונטערנעמען פון זיינע אייגענע שכירות, ווייל אַלע דאַרפן לעבן, אַלע...

— אמת, אמת, אייניקלעך מיינע! — האָט דער זיידע ווידער אָנגעפאַנגען — אַט דער גרעסטער מענש פון אַלע צייטן, אַליין נישט קיין געזונטער, האָט מיט זיין שכל און מוט באַוויזן זיין אייגענעם גורל און זיך אַנטשלאָסן צו באַזיגן דעם גורל פון אַלע ליידענדע. אונטער זיין שוץ האָבן באַלד אַלע פאַרגעסענע מענשן דערזעהן פאַר זיך נייע האָריזאָנטען. אויסגעלאָשענע שטערן האָבן ווידער אָנגעהויבן אויפגיין. מענשן האָבן זיך צוריק אָנגעפאַנגען שטעלן אויף זייערע אייגענע פיס און מיט אים מיטקעמפן זיין גרויסן קאַמף פאַר אַ בעסערע וועלט. און דער קאַמף פאַר זיין אידעאַל איז געווען אַ שווערער. ער האָט געקעמפט געגן קאַפּיטאַליזם, געגן קאָנגרעס, געגן סענאַט, געגן סופרים־קאַרט, ער האָט איבערגעמאַכט און איבער־געשאַפן טראַדיציעס, רולס, געזעצן. אַלע רולס און געזעצן, האָט ער גע'טענה'ט, דאַרפן דינען פאַר'ן וואוילזיין פונ'ם פאָלק. אויב זיי זיינען שלעכט פאַר'ן פאָלק, דאַרף מען זיי איבערמאַכן, איבערשאַפן. און דאָס וואָס בלוטיגע סטרייקס און רעוואָלוציעס האָבן נישט געקענט אויפטאָן אין דורות לאַנגע, האָט ער מיט זיין גרויסן האַרץ און קלוגן דיפּלאָמאַטישן קאָפּ אויפגעטאָן אין אַ גאַר קורצער צייט.

— ער האָט באַלד גענומען דורכפירן איין איינריכטונג נאָך דער אַנדערער, געשאַפן דורך'ן קאָנגרעס נייע געזעצן, וואָס זיינען ביז צו אים נישט געווען! געזעצן, וואָס האָבן פאַרזיכערט די אַרבייטער אויף זייער עלטער, זיי זאָלן קריגן פּענסיע, זיי זאָלן נישט בלייבן אָן הילף און אָן שוץ. ער האָט געשאַפן רעליף פאַר שוואַכע און הונגעריגע, רעגירונגס־אַרבייט פאַר אַרבייטסלאָזע, געהאָלפן די פאַרמערס אַקערן און זייען זייערע פעלדער, נישט געלאָזט איבערהויפּט צונעמען זייערע פאַרמס. ער האָט געהאָלפן מענשן נישט צו פאַרלירן זייערע פאַר־מאָרטגיידזשטע היימען, זייערע נישט דערצאָלטע אינשורענס־פּאָליסיס; געהאָלפן דורך געזעץ, אַז די ארבייטער זאָלן צוריק אויפבויען זייערע

יוניאָנס און אַזוי כסדר געפּלאָנט און געקעמפּפט ביז ער האָט דורכ־געפירט די גרעסטע איבערקערעניש אין דער געשיכטע פון אַמעריקע, דורכגעפירט איין רעפאָרם נאָך דער אַנדערער, סאָושל סעקיוריטי, אַרבייטסלאָזיגקייטס־פאַרזיכערונג, אלטערס־פאַרזאָרגונג, באַזאָרגט זיי־דעס־באָבעס, יתומים און אלמנות, כסדר געפלאָסטערט וועג נאָך וועג.

די באָבע רופט אויס מיט ליבשאַפט:

— ער איז געוואָרן ליב און טייער ביים פאָלק, ער האָט געלעבט אין יעדן איינעמ'ס האַרץ, אין יעדן'ס נשמה, אין יעדער היים איז געהאַנגען זיין בילד. ער איז אין יעדן הויז געוועזן איינער פון דער משפחה. ווען אימיצער האָט געהאַט עפּיס אַ קריוודע אין לעבן, האָט מען באַלד צו אים געשריבן, ביי אים געמאָנט, ווי ביי אַ טאַטן.

דער זיידע כאַפּט אונטער:

— און ווי אַ טאַטן האָט מען אים טאַקע נישט געוואָלט אַוועק־לאָזן, ווייל דאָס פאָלק איז דאַנקבאַר, אַנערקענט יושר און גערעכ־טיגקייט. דערפאַר האָט דאָס פאָלק צוזאַמען מיט אים געבראַכן טראַ־דיציעס און האָבן אים ערוועלט פאַר פּרעזידענט אַ דריטן און אויך אַ פערטן מאָל. און דער גרויסער מענש האָט מיט זיין גערעכטער און מעכטיגער פירונג ענדליך אַרויסגעשלעפּט זיין לאַנד פון אַפּגרונט, געראַטעוועט אויף דור דורות. אָבער דאַן ווען איבער אונזער אייגן לאַנד'ס הימל האָט שוין אַנגעפאַנגען ווערן ליכטיגער און דער מידער מענש וואָלט זיך שוין געקענט אביסל אָפּרוען, האָבן זיך פלוצים געצומען פאַרציען שוואַרצע פינסטערע וואָלקענס אויף'ן אינטער־נאַציאָנאַלען הימל.

— אוי, וואָס פאַר אַ וואָלקענס, וואָס פאַר שוואַרצע וואָלקענס! — האָט די באָבע פאַרבראָכן די הענט און דער זיידע האָט ווייטער דערציילט:

— עס איז אויף דער וועלט פלוצים אויפגעשטאַנען אַ משוגענער טיראַן, אַ צווייפיסיגע ווילדע חיה, אַזאַ סאָרט חיה רעה, וואָס טיגערס, לעמפּערטן, שלאַנגען, האָבן זיך געשעמט, ווען מען האָט יענעם מענש אַנגערופן „חיה". אַזאַ מין חיה, וואָס די אותיות פון יעדער שפּראַך קאָרטשען זיך צוזאַמען פון ווייטאָג און שאַנדע, וואָס זיי דאַרפן דינען אויסצולייגן זיין נאָמען. אָט די ווילדעסטע חיה האָט געהייסן היטלער. אָט דער שוואַרצער נאָמען האָט אונטערגעצונדן הימל און ערד, האָט איינגעווייקט די וועלט אין מבול'ן פון בלוט, ער האָט לענדער פאַר־ניכטעט, פעלקער פאַרשקלאַפט און מעהר פון אַלעס האָט ער זיך פאַרנומען אויף דעם שוואַכסטן שעפעלע פון דער וועלט, דאָס שעפעלע וואָס האָט נישט קיין פאַסטוך, אָט דאָס אייביגע שטיף־קינד פון אַלע

פעלקער, דאָס אידישע פאָלק. אָט די שעפעלעך האָט זיך דער טיראַן פאַרנומען אין גאַנצן צו פאַרטיליגן. טאַטעס, מאַמעס צוזאַמען מיט זייערע עופה׳לעך האָט ער לעבעדיגערהייד אין ברענענדיגע קאַלך־אויוונס געוואָרפן. פון זייערע לייבער האָט ער זייף געשמאָלצן.

די באָבע האָט מיט אירע ציטערדיגע הענט פאַרשטעלט דאָס פּנים און וויינענדיג געמורמעלט:

— שרעקליך, ווי שרעקליך!

דער זיידע האָט אויסגעווישט אַ טרער און ווייטער דערציילט:

— דעם טיראַן׳ס טייוולישע מאַכט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, דער שיקזאַל פון פילע פעלקער, כמעט פון דער גאַנצער וועלט, איז שוין געהאַנגען אויף אַ האָר. אָט־אָט און די ציוויליזירטע וועלט ווערט אין גאַנצן חרוב. דעמאָלט איז ווידער אויפגעשטאַנען אונזער גרויסער פּרעזידענט מיט זיין גראַנדיאָזן מארך און גרויס האַרץ האָט ער זיך אָקעגן־געשטעלט געגן יענער ווילדער חיה. עס האָט זיך פאַרמאָסטן מלאך געגן טייוול. דער טייוול האָט געוואָלט די וועלט חרוב מאַכן און דער מלאך האָט געזוכט די וועלט צו ראַטעווען. מיט זיין אומדערשראָקענעם מוט און אומאויסשעפּליכער ענערגיע האָט ער זיך גענומען האָרעווען ביי טאָג און ביי נאַכט, כסדר געטראַכט, געפּלאַנט, ביז ער האָט ווי דורך אַ כשוף איז אַ גאָר קורצער צייט אויסגעשמידט איינע פון די שטאַרקסטע אַרמייען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט און אירע מלחמות, אַן אַרמיי וואָס האָט מיט איר מעכטיגקייט געבראַכט די פאַרניכטונג פון יענער שרעקליכער חיה.

דער זיידע האָט זיך גענומען ווישן דעם שוויס פון׳ם שטערן און די באָבע האָט אונטערגעכאַפּט:

— אָבער אונזער האַרציג גרויסער פּרעזידענט האָט דערנסטמאָל געאַרבעט פאַר צוואַנציג מענשן. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אָן זיך און זיין שוואַכן געזונט...

דער זיידע שלאָגט איבער:

— יאָ, אין גאַנצן פאַרגעסן אין זיך, געטאָן דאָס וואָס קיין פּרעזידענט האָט נאָך נישט געטאָן: אַליין אונטערגענומען אַלע געפערליכע רייזעס, געפלויגן דורך פייער־קנאַלענדיגע הימלען, זיך געשיפט איבער סאָבמאַרין־געמיגעוועטע ימים, כדי אַלץ שטאַרקער צו באַפעסטיגן אַ נייע וועלט און אַ גליקליכע צוקונפט...

די באָבע כאַפּט ווידער אונטער:

— פאַר אייך, קינדערלעך, פאַר אייך! — זיפצט זי טיף אָפּ —

אָבער אוי, ווי די הערצער פון׳ם פאָלק האָבן שוין דאַן אָנגעפאַנגען ציטערן, ווען מען פלעגט דערזען דעם זיין בילד אין די מאָוויי־הייזער. מען האָט דאַן דערזעהן, ווי ער האָט זיך געענדערט, ווי די שווערע יאָרן האָבן געלייגט זייער סטעמפּל אויף זיין מאַיעסטעטישן פּנים. זיין האַרציגער שמייכל איז געוואָרן אַלץ מידער, זיין טיפער בליק אַלץ פאַרמאַטערטער און שטיל האָבן דאַן מענשליכע ליפּן געשעפּטשעט: „גאָטעניו, זאָל ער לעבן, זאָל ער לעבן!״...

אָבער קינדערלעך — האָט דער זיידע ווידער אָנגעפאַנגען — קיינער, קיינער קען נישט פאַרשטיין גאָט׳ס וועגן, ווייל ווידער אַמאָל האָט פּאַסירט די אַלטע געשיכטע פון משה רבנו. אַזוי האָבן טאַקע דענסטמאָל מענשן גערעדט און געשריבן, פּונקט ווי משה האָט זיין פאָלק אַרויסגעפירט פון שקלאַפעריי, געפירט זיי צום פאַרשפּראָכענעם לאַנד און אַליין איז ער געשטאָרבן ביי דער גרעניץ, אַזוי האָט אויך פּאַסירט מיט אונזער גרויסן פּרעזידענט, וועלכער האָט נישט נאָר ווי משה באַפרייט איין פאָלק, נאָר פילע פעלקער, פילע לענדער, געפירט די נייע וועלט צום גרויסן זיג און אַליין האָט ער נישט דערלעבט צו זעהן די פּרוכט, וואָס ער האָט פאַרזייעט, ווייל אין דער שטונדע, ווען זיין אָנצייג־פינגער האָט שוין פאַר אונז געוויזן די ליכטיגע האָריזאָנטן פון א זיג איבער דער ווילדער בעסטיע און אַ גליקליכע צוקונפט פאַר אַלע פעלקער, אין אָט דער צייט, דעם 12טן אַפּריל 1945, ווען די שעה האָט געשלאָגן 4:30, האָט זיך דער גאַנצער ערד־קויל אַ פאַרציטערטן טרייסל געטאָן און ווער עס האָט פאַר־שטאַנען די שפּראַכן פון נאַטור, פויגל און חיה, האָט געהערט און געזעהן, ווי די זון האָט זיך מיט שרעק געטונקען און באַהאַלטן, כוואַליעס אין די ימים האָבן ברויזענדיג גערוישט און געזשומעט, צווייגן פון די בוימער האָבן זיך געבויגן און געקאַרטשעט, גראָזן אויף די פעלדער האָבן זיך געוויגט אין אַן אומעט, בליענדיגע בלומען האָבן פאַרשעמט געבויגן זייערע קעפּלעך, פויגלען האָבן זיך געטוליעט אין די נעסטן און אומעטיג געפּישטשעט טרויעריגע טרעלן, וויגטן האָבן געוויינט אַהין און אַהער און אַרויסגעהוזשעט אַלעמענס טרויער: „וועלט! דו ביזט געוואָרן אַ יתום! דיין גרויסער טאַטע איז איצט געשטאָרבן!״...

דער זיידע פאַרקוקט זיך צו די הימלען און די באָבע זעצט פאָרט:

— די מענשן, דאָס פאָלק פון זיין לאַנד, ביי זיי איז דאַן דער הימל אַראָפּגעפאַלן איבער די קעפּ און די ערד האָט זיך אַוועקגע־גליטשט פון אונטער די פיס. איין קול האָט אַרויסגעשריען פון אַלע־

מענס הערצער: „עס קען נישט זיין אמת, ניין, ניין, עס טאָר נישט זיין אמת!“...

דער זיידע האָט טיף אָפּגעזיפצט און ווייטער אָנגעפאַנגען:

— יאָ, אייניקלעך טייערע, ווי איך אַ קאַשמאַר זיינען דאַ־מאָלס די מענשן אַרומגעלאָפן פון די ראַדיאָס צו די צייטונגען און פון די צייטונגען צו די ראַדיאָס, וויפיל מאָל מען האָט די טרויעריגע בשורה געהערט אַרויסקומען פון די ראַדיאָ־מיילער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין שרייען: „ער איז נישטאָ, נישטאָ! מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט הערן זיין גאָלדן קול, זיין האַרציג וואָרט!“ און ווי שטאַרק די אייגענע אויגן האָבן געזען אין די צייטונגען זיין ליכטיגן נאָמען אין שוואַרצע אותיות איינגעראַמט, האָבן די מענשליכע הערצער נאָך אַלץ געהאָפט, אַז עס וועט באַלד אַרויסקומען אַן „עקסטראַ“, מען וועט אָפּדרייען די ראַדיאָ און מען וועט הערן, אַז עס איז אַ טעות, אַ בייזער טעות!...

די באָבע ווישט אויס אַ טרער און העלפט אַרויס דעם זיידע'ן:

— עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, ווייל מען האָט געוואָלט, ער זאָל לעבן, ווייל מען האָט אים ליב געהאַט, ליב געהאַט...

און דער זיידע כאַפּט אונטער:

— טיף אמת'דיג ליב געהאַט! די מענשן פון זיין לאַנד האָבן נישט געוואָרט, ביז מען וועט פאַר זיי באַשטימען אַ טאָג פון טרויער נאָך דעם פיל געאַכטעטן פּרעזידענט. ניין, דאָס לאַנד איז באַלד פון זיך אַליין איינגעוויקלט געוואָרן אין טיפסטן טרויער. אַמוזירונג־פּלעצער, פאַרשידענע געשעפטן האָבן זיך ווי פון זיך אַליין פאַרמאַכט און די מענשן זיינען ווי פאַר'סמ'טע ארומגעלאָפן, נישט־וויסנדיג וואו־אַהין. איך געדענק, ווי איך מיט מיינע עלטערן בין גראַד אין יענער שטונדע געווען אין אַ פּעקטאָרי, וואו עס האָבן געאַרבייט 400 אַרבייטער. דורך אַן אָפענעם פענסטער האָט דאַן די ראַדיאָ אַריינגעשריגן די טרויעריגע נייעס, אַז דער פּרעזידענט איז געשטאָרבן. ביי די ארבייטער איז איינעם נאָך'ן אַנדערן אַרויסגעפאַלן די אַרבייט פון די הענד, פרויען האָבן גענומען יאָמערן אויף'ן קול. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער עס האָט פאַרמאַכט די עלעקטרי פון די אַרבייטס־מאַשינען, עפּעס האָט זיך עס ווי פון זיך אַליין פאַרמאַכט. די אַרבייטער האָבן אַוועק־געוואָרפן די אַרבייט און מיט אַ צעטומלטן געוויין אַרויסגעלאָפן אין גאַס, זוכן, אפשר איז עס פאָרט נישט אמת. דער רייכער באַלעבאָס, וועמען עס האָט זיך שטענדיג געדוכט, אַז דער גרויסער פּרעזידענט שטעלט זיך כסדר איין נאָר פאַר די ארבייטער, נישט פאַר אַזעלכע ווי ער, האָט זיך געשעמט פאַר זיינע אַרבייטער, וואָס ער העלפט זיי

ווינען. האָט ער באַהאַלטן זיין פּנים אין די שויבן פונ׳ם פענסטער, און ווען זיינע פּלייצעס האָבן געצוקט פונ׳ם שלוכצן, האָבן זיינע ליפּן געמורמעלט: „איך, מיינע שותפים און פיל אַנדערע באַלעבאַטים האָבן פון אָנפאַנג געמיינט, אַז פאַר אונז מיינט ער שלעכט, אָבער מיר האָבן געהאַט אַ טעות, ווייל ער האָט פאַר אַלעמען געמיינט גוטס, נאָר גוטס. איידער ער איז געוואָרן פּרעזידענט, זיינען חדשים און חדשים אונזערע פעקטאָרי־טירן געווען פאַרהאַקט, אונזערע מאַשינען זיינען געשטאַנען שטיל, ביז ער איז געקומען און געזען, אַז די בענק זאָלן אונז געבן קרעדיט. ער האָט געזען, אַז אונזערע מאַשינען זאָלן ווידער קענען רודערן! אַ גרויסן גייסט האָט די וועלט איצט פאַרלוירן, אַ גרויסען גייסט!"...

דער זיידע האָט זיך פאַרקוקט אין דער ווייטקייט און די באָבע האָט פאָרטגעזעצט:

— אויך אין מיין זכרון איז געבליבן אַיינגעקריצט בילדער פון אַ שרעקליכער שעה. איך און מיינע אַ חבר׳טע זיינען דאַמאָלס געזעסן אין אַ מואווי־הויז, ווען די שרעקליכע נייעס האָט אונז פאַרכאַפּט. אַלע מענשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, האָבן אָנגעהויבן אַרויסלויפן ווי אין אַ פּאַניק. איך און מיין חבר׳טע זיינען צוגעלאָפן צו אַ דערבייאיגן פּאַרק און אַוועקגעפאַלן אויף אַ באַנק. ווען מיר זיינען אַביסל געקומען צו זיך פון אונזער געוויין, האָבן מיר ערשט דערזעהן, וואָס אַרום אונז טוט זיך. אויף דער באַנק לעבן אונז איז געזעסן אַ פרוי, געבראָכן די הענד און פון ביטערן געוויין אַרויסגע׳טענה׳ט: „וואָס וועט איצט זיין אָן אים? וואָס וועט איצט ווערן פון דער וועלט?"... אויף אַ צווייטער באַנק איז געזעסן אַ מאַן און אַ פרוי פון דער שוואַרצער ראָסע, האָבןביידע אַרויסגעכליפּעט: „אויף אייביג איז ער פון אונז אַוועק, אויף אייביג! ווער וועט זיך איצט אָננעמען אונזער קריוודע?" דערנעבן אונטער אַ בוים איז געשטאַנען אַ גרופּע סאָלדאַטן מאַטראָזן און טרויעריג גע׳טענה׳ט: „אַ שאָד, אַ שאָד! דער טשיף האָט געדאַרפט נאָך כאָטש לעבן אַ פּאָר חדשים, כאָטש נאָך אַ פּאָר וואָכן, כאָטש דערלעבן צו זעהן דעם זיג! ער איז געפאַלן אין קאַמפּף, אָבער מיר וועלן פאַיטן, נאָך שטאַרקער וועלן מיר איצט פאַיטן פאַר אים, פאַר אים, ביז מיר וועלן אויסקעמפּפן די וועלט, וואָס ער האָט וועגן איר גע׳חלומ׳ט!"...

די באָבע האָט דאַביי שטאַרק צוזאַמענגעקרעמפּט אירע פויסטן, ווי זי אַליין וואָלט געשטאַנען אין קאַמפּף. זי האָט אָפּגעאָטעמט און צוריק עפּענענדיג אירע פויסטן ווייטער דערציילט:

— אין אַן אַנדער ווינקל פונ׳ם פּאַרק איז געשטאַנען אַן עלטערער איד און זיך אויסגע׳טענה׳ט מיט׳ן רבונו של עולם: „ווער גאָטעניו

קען פאַרשטיין דיינע דרכים? טייוואַלים לאָזט דו געוועלטיגן און אַ מלאך האָסטו צוגענומען, און אויב דו האָסט שוין יאָ געמוזט אימיצן צונעמען, פאַר־וואָס האָסטו נישט בעסער מיך צוגענומען? וואָס פאַר אַ נוצן ברענג איך דער וועלט? אָבער ער, ער האָט דאָך אַזוי פיל אויפ־געטאָן פאַר דער וועלט און וואָלט נאָך אפשר עפּעס אויפגעטאָן אויך פאַר דעם עלענדן אידישן פאָלק. איך וואָלט אים מיט כבוד אָוועקגעגעבן מיינע לעצטע פאַר יאָר!"... פילע מענשן, וואָס האָבן דאָס געהערט, האָבן באַלד אונטערגעכאַפּט: „איך וואָלט אים אויך געגעבן אַ פּאָר יאָר פון מיין לעבן!"... „איך אויך! איך אויך!", האָבן זיך דערהערט שטימען פון אַלע זייטן.

דער זיידע האָט זיך אַריינגעמישט:

— יאָ־יאָ, זיין פאָלק און זיין לאַנד האָט אים געליבט און נאָך אים געטרויערט, אָבער עס האָט נאָך אים געטרויערט נישט נאָר זיין פאָלק און זיין לאַנד, נאָר כמעט אַלע פעלקער פון דער וועלט: אַ טשעך, אַ פּאָלאַק, אַן איטאַליענער, אַן אַפריקאַנער, אַ כינעזער, אַ הינדו, א איד, יעדער האָט געפילט, אַז דאָרט אין וואַשינגטאָן, אין ווייסן הויז, זיצט זיין פריינד, זיין באַשיצער... יאָ, ליבע אייניקלעך מיינע, קיין נאָמען אויף דער וועלט איז פון אַזוי פיל מיליאָנען ליפּן ניט דערמאָנט געוואָרן מיט אַזוי פיל ליבע ווי זיינער, נאָך קיין מענש אין דער וועלט האָבן ניט אַזוי פיל אויגן געטרערט ווי נאָך אים!... אָבער ווער קען פאַר־שטיין דעם גאַנג פון דער וועלט? אפשר דערפאַר, וואָס משה רבנו איז אַזוי סודות'דיג הייליג געשטאָרבן, איז געבליבן נאָך אים אַ גלויבן, אַ תורה. אַזוי איז אפשר אויך מיט'ן גרעסטן גייסט פון אונזער צייט! אפשר האָט ער געדאַרפט שטאַרבן פריצייטיג, אַז זיינע נאָכפאָלגער זאָלן האַלטן הייליג זיין לערע און שניידן די פרוכט פון די זאמען, וואָס ער האָט פאַרזייט, צו קענען ענדיגן אויספלאַסטערן זיינע וועגן, ביז די וועלט איז געוואָרן אין גאַנצן צייטיג פאַר אייך, מיינע אייניקלעך, איר זאָלט שוין קענען לעבן אין דער וועלט, וואָס ער האָט אויסגע'חלומ'ט, אויסגעפּלאַנט און אויסגעקעמפט, אַ וועלט פון פרידן, זאַטקייט און פעלקער־פריינדשאַפט...

— זיידעניו, באָבעניו! — האָט אויסגערופן איין אייניקל — אַ, דעם „רונדן טיש", וואָס הייסט יו־ען, וואו אַלע פעלקער קומען זיך צוזאַמען און פּלאַנירן כסדר דעם שלום פון דער וועלט, האָט אויך אויסגעפּלאַנט יענער גרויסער פּרעזידענט?

— יאָ! — האָט אונטערגעכאַפּט אַן אַנדער אייניקל — דאָס האָט אויך יענער אויסגעפּלאַנט, אָט די „יונייטעד נייש‍אָנס", וואָס האָט

ענדליך צוריקגעגעבן דעם געפלאָגטן אידישן פאָלק זיין אייגענע היים ?
— יאָ, קינדערלעך, יאָ, אייניקלעך ! — ענפערט דער זיידע מיט אַ שכינה'דיגן שמייכל אויף זיינע ליפּן — דער אמת'ער בויער פון אַט דעם פעלקער־טיש, וואָס הייסט „יו־ען", איז אויך געווען ער, דער גרויסער פרעזידענט !
און ווי וועגן אַ סך גרויסע גייסטער האָבן זיך אויך וועגן איהם שפּעטער געפונען מיינונגען, אַז מיט'ן אידישן פאָלק האָט ער געמאַכט עפּעס אַ טעות... אָבער וואָלט ער נאָך געלעבט, וואָלט ער זיכער מיט זיין גרויסן מאָרך אויסגעגלייכט אַלע טעות'ן, ווייל ער האָט פאַר אַלע מענשן געמיינט נאָר גוטס !...
די באָבע זיפצט אַרויס :
— און ער האָט נישט דערלעבט אפילו דעם ערשטן מאָל צו זיצן ביי דעם טיש, וואָס ער האָט מיט זיין גרויסן מאָרך אויסגעפלאַנט !...
דער זיידע האָט אַ שטאַרקן ציי געטאָן זיין ליולקע, אַרויסגעלאָזן אַ מויל רויך און קוקנדיג אויף דעם לאַנג אויסגעצויגענעם רויך, פאַר־חלום'ט געזאָגט :
— יאָ, אייניקלעך מיינע, ביז אים איז נאָך נישט געווען אַזאַ גרויסער מענש. לאָ'מיר האָפן, אַז פון אייך, פון אייך אייניקלעך, וועט אַמאָל ארויסוואַקסן נאָך אַזאַ רוזוועלט, עהרע זיין אנדענקען !...
די באָבע האָט פאַרריסן די אויגן צום הימל און פרום געשעפּטשעט:
— רוהען זאָל זיין נשמה אין גן־עדן מיט די נשמות פון אַלע צדיקים !
און אַלע האָבן געענפערט :
„אָמן !"

# „גענעראַל" לייזער ראַכמאַנאָף



## דער גרויסער טאַטע פון דער שטאָט לידע

די זון האָט פון זיך געוואָרפן גאָלדענע קייקלעך און געוואָרימט דאָס פליסענדיגע בלוט אויף דער זילבער־ווייסער באָרד פון דעם גרויסן טאַט׳ן — לייזער ראַכמאַנאָף.

אַ צוויי־יאָריג עופה׳לע איז געלעגן אויפ׳ן גרויסן טאַטנ׳ס צעלעכערטער ברוסט און מיט די צעטומעלטע אויגעלעך נאָכגעפאָלגט דעם קונציגן פאַרבן־שפּיל פון גאָלדענע זונען־שטראַלן אויף זיידענע זילבער־פעדים, געוויקט אין רויטע לוזשקעלעך.

דעם קינד׳ס אויסגעצערטע פינגערלעך האָבן יעדעס מאָל געוואָלט אָנכאַפּן אַ גאָלדן קייקעלע און זיך אַיינגעטונקען אין דער רויטער פעטער פליסיגקייט. עס האָט צוגעטראָגן די פאַרנעצטע פינגערלעך צום פאַרשמאַכטן צינגל, דאָס זיסע פעטע „מאכל" האָט דעם פאַרשמאַכטן קינד געגעבן כחות צו טינקען די פינגערלעך אין דער רויטער פליסיגקייט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

אַזוי האָט דאָס פאַרהונגערטע נפש׳ל געפונען אַ שפּייז אין די רויטע רינקעלעך און לוזשקעלעך, וואָס זיינען אַרויסגערונען פון דעם גרויסן טאַטנ׳ס צעשאָסענע גלידער.

אין זיין גסיסה איז געלעגן דער גרויסער טאַטע לייזער ראַכמאַנאָף אויפ׳ן לידער בית־עולם און האָט זיך געסטאַרעט צו דערמאָנען וואו ער איז און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

דורכ׳ן קאַשמאַר פון זיין האַלב־טויטן מוח האָבן זיך געקניפּט און געפּלאָנטערט, געשוועבט און געפלאָסן בלוטרויטע טייכן מיט כוואַליעס פון קערפּערס, איינגעדעקט אין טליתים. פאַרצויגענע הימלען מיט רויך־שוואַרצע וואָלקענס פון מענשליכע אַשעס, שפּיציגע פלאַמען פון קנאָקעדיגע גלידער, מאַסן נפשות פאַרפלייצט און פאַרשווענקט אין מבול׳ס פון בלוטן.

אין זיין טויט־לויערנדע אויערן האָט אַ שטילקייט געשריען, אַן עכאָ פון מאַמעשע קרעכצן אויף קינדערשע וויינען.

און דורך ווייטאָג נאָך ווייטאָג דורך שטאָך נאָך שטאָך רייסט זיך דורך זיין זכרון און דערמאָנט איהם, אַז ער האָט דאָ אויף דעם בית־עולם געהאַט אויסבאַהאַלטן פון די נאַציס אַ סך אידישע יתומים.

ער פלעגט צונויפקלויבן פון די פאַרלאָזטע גאַסן די בלאָנדזשענ־דיגע יתומים און האָט זיי דורכ׳ן בית־עולם אַוועקגעפירט אויסצובאַ־האַלטן אין די באַהעלטענישן פון די פאַרטיזאַנען.

מיט דער לעצטער גרופּע יתומים׳לאַך איז ער דאָ אויפ׳ן בית־עולם געווען פאַרשטעקט פיר טעג און פיר נעכט.

דורך די קברים האָבן אָפּגעהילכט די נאַצישע ווילדע געלעכטערס, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי געפינען זיך נישט ווייט, האָט ער צוזאַמען מיט די קינדער מיט די אייגענע הענט אויסגעגראָבן אַ גרוב און געלעגן דאָ פאַרשטעקט, וואַרטנדיג אויפ׳ן נס פון זייער אַוועקגיין.

דער נס איז אָבער נישט געקומען, די נאַציס האָבן זיי אויסגעפונען און מיט גזלנישער רציחה אַלעמען אויסגעשאָסן.

זיין נאָך זשיפּענדיגער בליק האָט גענומען זוכן אַרום זיך און ער האָט דערזען, אַז אַלע קינדער אַרום אים זיינען טויט. די קלענערע קינדער, וועלכע האָבן נישט געקענט דערלאַנגען זיין הויך, זיינען געלעגן טויט, איינגעקלאַמערט ארום זיינע קני, און די גרעסערע זיינען געלעגן איינגעקלאמערט ארום זיינע זייטן, אַרעמס און ברוסט.

פּלוצים האָט ער ביי זיין ברוסט דערפילט עפּעס וואַרעמס זיך באַוועגן. אַלע, וועמען ער האָט געזוכט צו באַשיצן, זיינען טויט, און גראָד ער אַליין איז געבליבן לעבן? — לויפט דורך אַ ווייטאָגדיגער געדאַנק אין זיין פאַרוועבטן מוח.

ער פּרובט זיך אַ ריר טאָן און כאַפּט זיך באַלד, אַז דאָס איז נישט ער, וואָס אָטעמט און איז וואַרעם, נאָר דאָס איז דאָס עופה׳לע, מאַטעלע, דעם יונגען חזן׳ס איינציג קינד.

דעם חזן מיט זיין פרוי האָבן די מערדער געקוילעט...

ער דערמאָנט זיך אין זיין גסיסה, אַז ווען די מערדערישע נאַציס האָבן אים מיט די קינדער געפונען אין זייער באַהעלטעניש, האָט ער

דאָס קלענסטע נפש'ל פאַרשטעקט אונטער זיין רעכטן אָרעם און פאַרדעקט אים מיט דער פאָלע פון זיין כאַלאַט.

אונטער זייער ווילדן געלעכטער און דעם קנאַלן פון זייערע ביקסן האָבן זיי מסתמא נישט געהערט דעם קינד'ס געוויין — און אפשר וויינט נישט מער דאָס קינד? אפשר האָט עס פאַרלוירן דאָס קול דורך דעם פאַרשטיקטן אָטעמל פון אַזוי פיל טעג?

אָבער ער פילט, אַז דאָס קינד לעבט. אָט פילט ער, ווי דאָס קינד רוקט אַרויס דאָס קעפּל פון אונטער זיין אָפּגעשאָסענעם אָרעם, און אָט פילט ער, ווי עס שפּייזט זיך מיט דעם בלוט, וואָס טריפט פון זיינע וואונדן. כאָרכלט שטאַרקער דער גרויסער טאַטע, ער כאָרכלט צו פאַרטרייבן דעם מלאך־המות אויף נאָך אַ ווייל און נאָך אַ ווייל, כדי דאָס לעבן־געבליבענע קינד זאָל קענען זיך שפּייזן מיט זיין לעבע־דיגן בלוט, ביז עמיצער וועט אפשר אָנקומען און עס ראַטעווען.

און אָט פילט ער, ווי זיין בלוט טריקענט איין און דאָס קינד וועט זיך נישט קענען מער שפּייזן, פינטלען זיינע האַלב־טויטע ברעמען צו אַלע הויכקייטן פון די הימלען, ביז די זון גיט אַ שטראַל אין זיינע אויגן און עס צעגיסט זיך אַ פרייד אין זיינע פאַרבלוטיגטע גלידער, ווען עס דוכט זיך אים, אַז די זון לאָזט נישט איינטריקענען זיין בלוט און ער הערט ווידער דאָס טשאַמקן פון דעם קינד'ס מיט בלוט־פאַר־שמירטע ליפּעלעך.

ווידער און ווידער קומט דער מלאך־המות צו זיין צו־קאָפּענס און ווידער ראַנגלט זיך דער גרויסער טאַטע געגן דעם מלאך־המות. ער ווייסט, אַז ערגעץ צופוסענס ליגט זיין שטעקן, דער שטעקן, וואָס האָט דורכגעשפּאַנט מיט אים אַלע זיינע יאָרן און האָט אים פיל מאָל אַרויסגעהאָלפן.

אַך, ווען ער האָט איצט דעם שטעקן אין זיין האַנט, וואָלט ער מיט אים געגעבן דעם מלאך־המות איבער'ן קאָפּ!... וואָס האָט יענער נישט קיין צייט נאָך אַ ווייל און נאָך אַ ווייל, ביז עמיצער וועט אפשר פאָרט אָנקומען און געפינען דאָס איינציג לעבן־געבליבענע קינד?

ער מוז נאָך זשיפּן, ער מוז, כדי דאָס קינד זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו דערנערן. כאָרכעלט ער שטאַרקער און איינגעג'עקשנ'טער מיט אַ ווילדער בייזקייט צום „מלאך המות", ביז ער פאַרטרייבט אים ווידער אויף אַ פּאָר שפּאַן.

און ווען די נאַכט פאַלט צו, און דאָס קינד שלאָפט איין, געטוליעט דאָס פנים'ל צו דער וואַרימער פליסיגקייט, כאָרכלט דעם גרויסן טאַטנ'ס האַלז ווייטער, שטאַרקער און העכער, וועלנדיג פאַרטרייבן

די כל־ערליי אינזעקטן און ווערים, וואָס קריכן אַרויס פון די קברים אַרום די טויטע.

ער כאַרכלט ווידער און ווידער, אַלץ שטאַרקער און העכער, אפשר וועלן די בייזע ווערים אים דערפילן, אים דערהערן און נישט טשעפּען דאָס לעבעדיגע עופה׳לע, ביז — ביז עס קומט אָן דער באַגינען.

שטיל צווישן די קברים שאַרט זיך אויפ׳ן בויך דניאל׳קע, דער 14 יעריגער אינגסטער לידער פּאַרטיזאַן, אַן אור־אייניקל פונ׳ם גרויסן טאַטן.

דניאל׳קע געפינט זיין נאָך זשיפּענדיגן עלטער־זיידן און דעם לעבעדיגן מאָטעלע. ער פאַרשטייט, וואָס דעם עלטער־זיידנ׳ס האַלב־טויטע בליקן מאָנען ביי אים, ער זאָל אויף גיך כאַפּן דאָס לעבעדיגע קינד און לויפן.

פּרובירט דניאל׳קע אַרויסנעמען דאָס קינד פון אונטער דעם עלטער־זיידנ׳ס הענגענדיגן אָרעם, אָבער דעם קינד׳ס פינגערלעך זיינען אַיינגעדראָטעוועט מיט׳ן פאַרטריקנטן בלוט אין די זילבערנע פעדים פון דעם עלטער־זיידנס באָרד. דניאל׳קע קען דאָס אין איילעניש נישט אויפפלאָנטערן. ער ציט מיט פאַרצווייפלונג פינגערל נאָך פינגערל. אַרום דעם בית־עולם נענטערן זיך די ווילדע געלעכטערס פון די נאַצי סאָלדאַטן. דעם גרויסן טאַטנ׳ס האַלב־טויטע אויגן גיבן אויף דניאל׳קען אַ מאָנענדן און לעצטן בליק. דניאל׳קע פאַרשטייט און גיסנדיג הייסע טרערן אויפ׳ן עלטער־זיידנ׳ס אין בלוט־געווייקטע באָרד, רייסט ער פון דאָרט אַרויס אַ זשמוט זיידענע האָר און רייסט מיט דעם אָפּ דעם קינד׳ס הענטעלעך פון דעם טויטן עלטער־זיידן.

דניאל׳קע ווייסט נישט, אַז דער עלטער־זיידע האָט נאָך געהערט, ווי ער האָט אים געזאָגט: „זיידע! איך וועל טאָן, וואָס דו האָסט פון מיר פאַרלאַנגט! איך וועל אַכטונג געבן אויף יתומים, ווי דו האָסט עס אַלע מאָל געטאָן!" — און דניאל׳קע שאַרט זיך אַוועק אויפ׳ן בויך מיט׳ן קליינעם צעשראָקענעם מאָטעלע.

די זונען־שטראַלן נעמען אַריין דעם לעצטן צופרידענעם בליק פון דעם גרויסן טאַטן. זיינע אויגן פאַרמאַכן זיך מיט אַ זיגערשן פונק, אַז אַזעלכע ווי ער שטאַרבן נישט. זיין אור־אייניקל דניאל׳קע גייט אין זיינע פוסטריט!...

אָט אַזוי איז געשטאָרבן דער גרויסער טאַטע פון לידע, לייזער ראַכמאַנאָף! — האָב איך באַקומען אַ גרוס פון מיין אַמאָליגער היימשטאָדט.

און דער גרוס פון ראַכמאַנאָף׳ס ענדע פירט צוריק מיינע געדאַנקען זיך צו דערמאָנען, ווער און וואָס עס איז געווען דער גרויסער

טאַטע, מיין זכרון ציט זיך צוריק צו דער צייט, ווען איך האָב דעם גרויסן טאַטן צום ערשטן מאָל באַגעגנט.

ווי פון אַ דינעם טומאַן וועבט זיך פאַר מיר פאַנאַנדער דאָס שטעטל לידע. אַט ברענגט מיין זכרון דעם לידער וואָקזאַל, די לידער גאַסן, די סעדער, דעם שול־הויף.

צוויי בילדער ווערן פאַר מיר מעהר בולט׳ער, נענטער און גע־דענקען זיך מיר שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע. דאָס איז דער לידער בית־עולם, וואו איך האָב אַלס קינד איבערגעלאָזט מיין מאַמע, און דער לידער מאַרק, וואו איך האָב דאָס ערשטע מאָל געזען דעם גרויסן טאַטן, לייזער ראַכמאַנאָף, דעם טאַטן פון הונדערטער אינגלעך יתומים.

עס שפּינט זיך פאַנאַנדער פאַר מיינע אויגן די סצענע, ווי ער, דער גרויסער טאַטע, האָט איבערגעקערט און אַרויסגעוואָרפן אויפ׳ן שניי גיטל דער בעקערינ׳ס מולטער לעקעך. אַלע אויפ׳ן מאַרק האָבן מיט גרויסע אויגן דאָס צוגעקוקט, אָבער קיינער האָט נישט געוואָגט אַרויסצוריידן אַ וואָרט, ווייל ווער ווייסט עס וואָגן, ראַכמאַנאָף׳ן עפּעס צו זאָגן ?

מען האָט גוט געוואוסט, אַז וואָס ראַכמאַנאָף זאָגט אָדער טוט, איז ער שטענדיג גערעכט. עס האָט זיך געדוכט אַז גאָט אַליין האָט אויך פאַר אים דרך־ארץ.

אַ מאָדנע ליבע מורא האָט דאָס גאַנצע שטעטל געפילט פאַר דעם איד ראַכמאַנאָף. די גאַסן מיט די הייזקעס האָבן זיך עפּעס ווי פאַנאַנדער־גערוקט צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם שלאַנקן שיינעם איד מיט׳ן לענג־ליכן פּנים און קלוגע דורכדרינגענדיגע גרויסע אויגן. אַ קורץ געשוירן בערדל האָט געלאַשטשעט זיינע באַקן. זיינע קליידער זיינען שטענדיג געווען ריין און ציכטיג און מיט אַ ברוינליכן שטעקן אין זיין האַנד פלעגט ער מיט פעסטע טריט שפּאַנען איבער די לידער גאַסן.

זיין שטעקן פלעגט ביי יעדן טראַט אַ קלאַפּ טאָן אויפ׳ן שטיינער־נעם ברוק, ווי ער וואָלט אָנגעזאָגט: „רעספּעקט! שעצט! פאָלגט! ווייל דאָס בין איך, ראַכמאַנאָף׳ס שטעקן!"

קעפּ האָבן זיך אַ שאָקל געטאָן צו זיין זייט אין אַ ברייטן האַרציגן „גוט־מאָרגן!" ווען ראַכמאַנאָף איז פאַרבייגעגאַנגען. ווייבערשע ליפּן האָבן דאַביי פרום געשעפּטשעט „גאָטעניו, העלף מיר, אַז מיין זונעלע זאָל אויסוואַקסן אַ ראַכמאַנאָף!"

ראַכמאַנאָף׳ס אייגענע זיבן קינדער, אַלע פאַרמעגליכע און מערסטע פון זיי פּראָפעסיאָנאַלן, האָבן זעלטן ווען אָנגעזען זייער פאַרנומענעם טאַטן.

זיי פלעגן טאַקי זאָגן, אַז זיי זעהן זייער טאַטן נאָר דאַמאָלס, ווען איינעם פון זיין אַרמיי טוט עפּעס וויי.

דער „גענעראַל״ און זיין אַרמיי! — אַזוי האָבן ראַכמאַנאַף׳ס זיהן און טעכטער אָנגערופן זייער טאַטן און די אָרימע אינגלעך אין שטאָט, אויף וועמען זייער טאַטע האָט אַכטונג געגעבן.

ווען ביים יונגן ראַכמאַנאַף, דעם ציין־דאָקטאָר, פלעגט זיך האַסטיג געבן אַ פּראַל אויף די טיר פון זיין ביוראָ, האָט ער שוין געוואוסט, אַז דאָס קומט זיין טאַטע מיט איינעם פון זיין אַרמיי.

— גיך, לאָז איבער דעם פּאַציענט דיינעם און גיי טו עפּעס פאַר מיין אינגל׳ס צאָן! — פלעגט ראַכמאַנאַף געבן אַ באַפעל צום זוהן, פירענדיג אַ אינגל ביי דער האַנט.

דער באַצאָלטער פּאַציענט פלעגט באַלד ארונטער פון שטול צו לאָזן זיין פּלאַץ פאַר ראַכמאַנאַף׳ס אָרימען אינגל, און דער זוהן, דער דאָקטאָר, פלעגט זיך באַלד אַ נעם טאָן צו דעם אינגל׳ס צאָן, און אַרבייטנדיג דערביי אַ זאָג טאָן: „באַך גאָט צו דאַנקען, טאַטע, וואָס ביי דיין אַרמיי איז אַמאָל דאָ אַ ציין־ווייטאָג, אַז נישט, וואָלט איך דיך קיינמאָל פאַר מיינע אויגן נישט אָנגעזען!״

אַן אַנדער מאָל פלעגט טרעפן, אַז צום זוהן דעם אַפּטייקער פלעגט אַריינלויפן אַ אינגל און מיט שטאָלץ אויסרופן:

— מאַכט פאַר מיר אָט דעם רעצעפּט, מיין טאַטע ראַכמאַנאַף האָט געהייסן!..

און דער זוהן, דער אַפּטייקער, פלעגט באַלד איבערלאָזן אַלע זיינע אַרבייטן און זיך נעמען מאַכן די מעדיצין פאַר זיין טאַטנ׳ס פּאַציענט. ער פלעגט נאָר, דערלאַנגענדיג די פלעשלעך מיט די קעסט־לעך צו דעם אָרימען אינגל, מיט אַ בעטנדיגן שמייכל זאָגן:

— איך בעט דיך, אינגל, אַז ווען דו וועסט זען דיין טאַטן ראַכמאַנאַף, זאָג אים, אַז איך האָב געזאָגט, ער זאָל זיך דערמאָנען, אַז ער איז אויך מיין טאַטע און איך וויל אים אַמאָל זען!

דאָס אָרימע אינגל פלעגט אויסגלאָצן אַ פּאָר אויגן אויף דעם רייכן אַפּטייקער און קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס טראַכטן:

— ווי קען ער אויך זיין ראַכמאַנאַף׳ס אַ זוהן? ראַכמאַנאַף׳ס זיהן זיינען דאָך נאָר אָרימע אינגלעך!

און דאָס אינגל האָט געהאַט רעכט. אַלע אָרימע אינגלעך פון דער שטאָט, איבערהויפּט יתומים, גאַנצע אָדער האַלבע, זיינען געווען ראַכמאַנאַף׳ס קינדער. ווי נאָר אַ אינגל האָט זיך געפונען אין אַ נויט, האָט אים באַלד ראַכמאַנאַף אויסגעפונען און גענומען אונטער זיינע פליגלען און דאָס גליקליכע אינגל האָט שוין געוואוסט, אַז עס וועט

אים נישט פעלן קיין עסן, קיין שלאָפן און קיין גאָרניטערל אויף יום־טוב, אַזוי באַלד ווי ער איז געוואָרן אַ יתום און ראַכמאַנאָף איז געוואָרן זיין טאַטע.

ראַכמאַנאָף האָט שוין פאַר אַלעמען געזאָרגט!

דאָס ערשטע האָט ער באַלד פאַרזאָרגט דעם אָרימען יתום מיט שלאָפן און עסן. צו וועלכן באַלעבאָס ראַכמאַנאָף האָט אַריינגעשיקט זיינס אַ אינגל, צו עסן אַ טאָג אָדער צוויי, האָט יענער אים געמוזט צונעמען, ווייל ווער וועט עס וואגן צו זאָגן ראַכמאַנאָף'ן „ניין"? ראַכמאַנאָף האָט געהאַט יעדן אויפ'ן צעטל און האָט גוט געוואוסט, וועלכער באַלעבאָס עס קען געבן אַ טאָג עסן און וועלכער נישט!

און ווען איינעם פון די אינגלעך האָט פאַרט אויסגעפעלט אַ טאָג אָדער צוויי, האָט שוין ראַכמאַנאָף געזען, אַז ער אַליין אָדער זיינע זיהן און טעכטער זאָלן דאָס דערלייגן. דערפאַר טאַקע האָט ער און זיינע זיהן געהאַט מעהר עסערס וויפיל טעג עס זיינען געווען אין וואָך.

ווען ער פלעגט שוין איינאָרדנען די יתומים מיט עסן און שלאָפן, האָט ער באַלד גענומען זוכן פאַר יעדן אַ „תכלית". וועלכעס אינגל עס האָט נאָך געדאַרפט גיין אין חדר, האָט שוין ראַכמאַנאָף אויס־געזוכט דעם בעסטן מלמד און באַצאָלט אַ גוטן „שכר למוד", און אָנזאָגנדיג דעם אינגל: „פאָלג דעם רבי'ן און לערן גוט, וועט דער רבי נישט שמייסן און טאַטע ראַכמאַנאָף וועט דיך ליב האָבן!", האָט ער ביי די ווערטער מיט זיין שפיץ שטעקן שטענדיג אָנגערירט דעם קאַנטשיק, וואָס פלעגט געוויינלעך הענגען אויף דער וואַנט אַקעגען־איבער דעם לאַנגן טיש, וואו די אינגלעך פלעגן זיצן איבער זייערע חומשים און דער גרויסער טאַטע פלעגט דאַמאָלס זאָגן צום מלמד אויף לשון־הקודש: „לאו גע'מכה'ט!", וואָס פיל פון די עלטערע אינגלעך האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט: „און איר, ר' מלמד, נוצט נאָר וואָס ווייניגער אָט די לאַנגע לאָקשן אויף מיינעם אַ אינגל! געדענקט, אַז דאָס איז ראַכמאַנאָף'ס אַ אינגל!"

און די עלטערע אינגלעך פלעגן שוין דאַן קוקן אויפ'ן קאַנטשיק מיט אַ פאַרשטיקט געלעכטער, ווייל זיי האָבן געוואוסט פון פיל אַזעלכע קאַנטשיקעס, וואָס ראַכמאַנאָף'ס שטעקן האָט אַראָפּגענומען פונ'ם מלמד'ס וואַנט און אַוועקגעוואָרפן אויפ'ן מיסט.

און ווען אַ אינגל פלעגט אונטערוואַקסן, האָט שוין ראַכמאַנאָף גענומען דרייען זיין קאָפּ פאַר דעם אינגל'ס צוקונפט. האָט איינער געוואָלט אַרבייטן, האָט שוין ראַכמאַנאָף געזען, ער זאָל זיך לערנען אַ מלאכה, וואָס אים פאַסט און צו־וואָס ער טויג. האָט אַ צווייטער

געוואלט ווייטער לערנען, האט שוין ראכמאנאף געזען, אז דאס בחור'ל זאל קענען גיין אין א ישיבה.

אויף יעדן פסח און סוכות פלעגן ראכמאנאף'ס אינגלעך ווערן אויסגעפוצט אין נייע גארניטערלעך, נייע היטעלעך און נייע שטיוועלעך, און ראכמאנאף'ס ארמיי פון ארימע אינגלעך איז געוואקסן פון טאג צו טאג און האט אריינגעטראפן אין די הונדערטער, ווייל די יתומים פון די ארומיגע שטעטלעך האבן זיך אויך געסטארעט צו־צושלאגן זיך צו גענעראל ראכמאנאף'ס ארמיי.

און ראכמאנאף איז כסדר געווען פארנומען, אט אנשרייענדיג אויף א רייכן באלעבאס, פארוואס יענער גיט נישט גענוג פאר זיינע ארימע יתומים און אט אנקלאפענדיג פושקעס אויף די ווענט פון אזעלכע היימען, וואס האבן נישט פארמאגט קיין סך אוועקצוגעבן. די פושקעס האבן געטראגן דעם נאמען „ראכמאנאף'ס יתומים" און די מאמעס פלעגן יעדן פרייטאג צו ליכט־בענטשן גערן אהין ארייג־ווארפן א מטבע, אז בזכות דעם זאל איר קינד זיין אויף לאנגע יארן און נישט בלייבן קיין יתום.

און האט זיך איינער פון ראכמאנאף'ס אינגלעך פארזינדיגט ביים באלעבאס אדער ביים מלמד, פלעגט מען באלד אנזאגן דעם טאטן ראכמאנאף, און עס איז געווען גענוג, אז ראכמאנאף זאל נאר א סטראשע טאן דעם באטרעפענדן אינגל מיט'ן ווארט: „דו וועסט נישט מער זיין מיין אינגל!" — און יענער איז באלד געווארן גוט און פרום...

די מלמדים פון די חדרים האבן ראכמאנאף'ס קינדער באהאנדלט בעסער ווי די שענסטע באלעבאטישע קינדער פון שטאט. ווייל די מלמדים האבן גוט געוואוסט, אז ראכמאנאף וועט קומען צו לויפן, זיך אננעמען דעם אינגל'ס קריוודע און זיי האבן מורא געהאט פאר זיינעם א קרומען בליק.

און ווי איז געווען דעם דאזיגן מייסטער, ביי וועמען ראכמאנאף'ס א אינגל האט זיך געלערנט א מלאכה און יענער האט דעם אינגל געמאכט צופיל צו הארעווען, אדער נישט געגעבן קיין גוט עסן אדער גוט שלאפן. ראכמאנאף פלעגט אפט זיך אליין אוועקלייגן אויף א אינגל'ס געלעגער, אויסצופרובירן צי ס'איז גענוג ווייך, און פלעגט אמאל טרעפן, אז דאס געלעגער איז געווען הארט אדער דעם אינגלס עסן איז נישט געווען אזוי גוט, פלעגט ראכמאנאף'ס שטעקן באלד געבן א זעץ איבער יענעם מייסטער'ס טיש און זיין האנט פלעגט א כאפ טאן דאס אינגל — און „אויס מייסטער, אויס באלעבאס!"

דערנאָך פּלעגט שוין אַזאַ מייסטער מורא האָבן זיך צו ווייזן אין גאַס...

און טאָמער פלעגט מען פרייטאָג פאַרנאַכט פאַרבייגיין פאַר אַ הײם, פון וואַנען מען האָט געהערט אַ אינגל וויינען, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס וויינט דאָס אינגל, ווייל ער איז מקנא ראַכמאַנאָף'ס יתומים, וועלכע זיינען איצט אין באָד און זיי האָבן דאָרט אַ סעודה, ווייל ווי עס איז נאָר געקומען פרייטאָג פאַר־נאַכט, האָט ראַכמאַנאָף באַלד אַוועק־גענומען זיין „אַרמיי" אין באָד אַריין און דאָרט איז שטענדיג גע־פּראַוועט געוואָרן אַ סעודה, ווי די אינגלעך פלעגן דאָס אָנרופן, ווייל ראַכמאַנאָף פלעגט אהין ברענגען צוקער־לעקאָך מיט פלעשלעך קוואַס פאַר זיינע אינגלעך. די גרעסערע אינגלעך האָבן זיך אַליין גוט אָרומ־געוואַשן, און די קלענערע האָבן געלאָזט דעם גרויסן טאַטן מיט זייף גוט אָרומוואַשן זייערע קעפּ און אויערן, און דערפאַר באַקומען אַ צוקערלעקעכל מיט אַ פלעשל קוואַס.

פון די פרייטאָגדיגע בעדער פלעגט אויך אָפט ארויסוואַקסן ביי ראַכמאַנאָף'ן זינגערס, ווייל דאָרט אין באָד, ווען די אינגלעך האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין און פריי לאָזן זייערע שטיפעריש אינגעלשע קוויטשערייען, האָט שוין ראַכמאַנאָף'ס מנגנ'יש אויער אָפט דערהערט אַ נגינה־קול'כל און אַ קניפּ טוענדיג מיט פרייד דעם גליקליכן אינגל'ס בעקל, פלעגט ער אויסרופן:

— נו, דו, בחור, דערמאָן מיך אם־ירצה־השם תיכף נאָך שבת, צו נעמען דיך צום חזן פאַרהערן דיין קול'כל! דאַכט זיך, אַז איך האָב שוין פאַר אים אַ ניי משורר'ל... און טרינק שוין נישט דעם קאַלטן קוואַס! איך וועל שוין זעהן, דו זאָלסט האָבן יעדן טאָג אַ לויז איי! — פלעגט ער צערטליך נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אַ קניפּ טאָן דעם אינגל'ס פלאַמענד בעקל.

איין חסרון, פלעגן די ווייבער זאָגן, האָט ראַכמאַנאָף. ער האָט נאָר אַ טאַטע־האַרץ פאַר אינגלעך יתומים און נישט פאַר מיידלעך יתומות. מיידלעך, פלעגט ער זאָגן, זיינען אַ ווייבערשער ענין און ער מישט זיך נישט דערצו. דערפאַר טאַקע, ווען אין שטעטל איז צוגעקומען אַ נייע אָרימע אַלמנה, האָט זי געדאַנקט גאָט, וואָס אירע יתומים זיינען געווען אינגלעך.

אָבער ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געטראָפן ראַכמאַנאָף'ן, איז עס דוקא געווען אַ פאַסירונג מיט אַ מיידל יתומה.

געווען איז דאָס אין איינעם פון די ברענענדיגסטע פרעסט, אין אַ פרייטאָג פרימאָרגן.

די מאַרק־סוחרים און סוחר'טעס זיינען געזעסן און געשטאַנען

אויפ׳ן מאַרק ביי זייערע פאַרשידענע סחורות, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט און אויסגעשטעלט אויף האַלב־הינקעדיגע טישלעך, בענקלעך, שטרויענע קאָשיקעס, לאַנגע מולטערלעך און קיילעכדיגע צעבערלעך.

די סוחרים און די סוחר׳טעס פלעגן מיט זייערע פאַרפרוירענע ליפּן אַלע ווילע פּאַנאַנדערבלאָזן די אויסגעלאָשענע קוילן אין זייערע „פייערטעפּ״, און די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פייער־טעפּ, פלעגן פון צייט צו צייט צולויפן זיך אָנוואַרעמען ביים קאָנקו־רענט׳ס פייערטעפּ, קוקענדיג דערביי מיט קנאה, וואָס ביי יענעם פאַרקויפט זיך גיכער.

די סוחרים קרעכצענדע, הוסטענדע, עלטערע און אינגערע, אידן און אידענעס, האָבן כסדר גערופן צו די קונים: „קומט, קויפט, ווייבער, פרישינקע, ווייבער, הערינג, פיש, ווייבער, רעטעך, בולבעס, בייגל, ווייבער, חלה, ליכט אויף שבת ווייבער, וואָלוול, ווייבער, גיט׳ס צו לייזן אויף שבת, ווייבער, גיט׳ס צו לייזען!״...

און אָט צווישן די אַלע שטימען האָט זיך דורכגעריסן אַ הייזעריג קול׳כל פון אַ ניין־יאָריג מיידעלע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין געוואַל־דעווען: „קויפט, ווייבער, לעקעך, טאָרט אויף שבת, וואָלוול, ווייבער, וואָלוול! אַ צוקער־לעקעכל אַ צוגאָב, ווייבער, קומט׳ס אהער, קויפט, קויפט!״

ביי יעדן אויסרוף האָבן זיך ביי איר געטרייסלט די ציינדלעך אין מויל פון קעלט — און ווען אירע קינדערשע בליקן זיינען געפאַלן אויף איר לעקעך מיט די טאָרטן, האָט זיך אַ פּחד אויסגעשפּרייט אויף איר אומעטיג פּנים׳ל און אַ הויך טועַנדיג וואַרימען אָטעם אין אירע פאַרפרוירענע הענטלעך, האָט זי יעדעס מאָל מיט נייעם אימפּעט ווידער און ווידער גענומען רופן און זיך בעטן: „קויפט, ווייבער, וואָלוול, ווייבער, וואָלוול!״

מער פון אַלעמען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, וואָס דאָס מיידעלע האָט עפּעס געמאַכט מאָדנע קונצן מיט אירע פיסלעך. אָט איז זי געשטאַנען אויף אירע שפּיץ־פינגערלעך און אָט אויף די פּיאַטקעס, און אָט ווידער אויף די שפּיץ־פינגערלעך, און אָט האָט זי זיך גאָר געשטעלט אויף איין פיסל און דאָס צווייטע פיסל אַריינ־גענומען אויף אַ ווילע אין אירע הענטלעך, און אָט האָט זי איבער־געביטן און געטאָן דאָס פאַרקערטע. אַזוי האָט עס כסדר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי שפּרינגט און טאַנצט. קיינער פון די אַרומיגע האָט אָבער נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט פאַרוואָס זי טוט

דאָס. קיינער האָט אויך נישט באַמערקט, אַז דער מיידעל׳ס קול׳כל ווערט אַלץ הייזעריגער און הייזעריגער.

פלוצים איז אויפ׳ן מאָרק אויסגעוואַקסן דער גרויסער טאַטע לייזער ראַכמאַנאָף. זיין שטעקן האָט זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ נעבן דער מיידעל׳ס פיסעלעך, זיינע בליקן האָבן זיך איינגעגראָבן אין אירע שיכלעך, וועלכע האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז זיי האָבן אַמאָל געהאַט פאַדעשוועס. פון די צעריסענע נאָסע זאָקן האָבן ארויסגעגלאָנצט נאַקעטע פאַרפרוירענע קינדערשע פיאַטקעס און פינגער.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ראַכמאַנאָף שטרענג אַ פרעג געטאָן ביי דער צעשראָקענער מיידעלע.

— פייגעלע — איז געווען דער ענטפער.

— וואו איז דיין מאַמע? — האָט ראַכמאַנאָף ווייטער געפרעגט.

— געשטאָרבן, שוין זעקס חדשים — האָט פייגעלע ארויס־געשטאַמלט, צעטומעלט און צעשראָקן.

— און דיין טאַטע? — האָט ראַכמאַנאָף ווידער געפרעגט.

— שוין לאַנג געשטאָרבן! — האָט אונטערגעכאַפּט אַ דערביי־איגע סוחר׳טע.

— וועמעס מולטערל לעקאַך איז דאָס? — האָט ראַכמאַנאָף ווידער געפרעגט, אָנרירענדיג דאָס מולטערל מיט׳ן שפּיץ פון זיין שטעקן.

— גיטל דער בעקערינ׳ס, גאָספּאָדין ראַכמאַנאָף! — האָבן עטליכע ווייבער סוחר׳טעס אונטערגעכאַפּט, און, דערזעהענדיג ראַכמאַנאָף׳ס צאָרנדיקן בליק, האָבן זיי פאַרטגעזעצט: — פאַר׳ן שטיקל טרוקן ברויט האָרעוועט דאָס יתומה׳לע נעבעך אַ גאַנצע וואָך אין שטוב, ראַמט, וואַשט, נאַנטשעט די קינדער, און פרייטאָג שטעלט זי זי ערשט אַוועק פאַרקויפן איהרע לעקאַך מיט טאָרטן...

— קום מיט מיר! — האָט ראַכמאַנאָף אַ נעם געטאָן פייגעלע׳ן ביים הענטל.

— ניין, ניין! איך טאָר נישט איבערלאָזן דאָס מולטערל לעקעך מיט טאָרט! — האָט פייגעלע צעשראָקן זיך צוריקגעצויגן.

— קום! — האָט ראַכמאַנאָף שטרענג געזאָגט און אַ הויב טוענדיג די צעשראָקענע פייגעלע אויף זיין האַנט, האָט דער שטעקן אין זיין צווייטער האַנט, געגעבן אַ קער איבער דאָס מולטערל, פון וועלכן די שטיקלעך לעקעך מיט טאָרט האָבן זיך גענומען קייקלען אויפ׳ן שניי.

— איר, סוחר׳טעס, זאָגט גיטל דער בעקערין, אַז ראַכמאַנאָף

האָט דאָס געטאָן. זאָל זי אַליין פּרוואוון שטיין אויפ׳ן שניי מיט שיך אָן פּאָדעשוועס!...

און מיט דער צעשראָקענער פייגעלע אויף זיין האַנט האָט דער גרויסער טאַטע ראַכמאַנאָף מיט זיין שטעקן פאַראויס אַריינ־געשפּאַנט אין אַ דערבייאיג שמאָל געסל, איז אַריין אין אַ קראָם פון שיך, האָט דאָרט די צעטומעלטע פייגעלע אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, נאָהנט נעבן וואַרימען אויוון און האָט אויסגערופן:

— שנעל, שיך. די בעסטע און די וואַרימסטע!

אַ פּריקאַשטשיצע איז תיכף צוגעלאָפן און אָנגעהויבן אַראָפּ־ציהען פון פייגעלע׳ס פיס די שטיקלעך שיך און זאָקן, וועלכע דער פראָסט האָט געהאַלטן צוגעקלעפּט צו אירע פיסלעך.

ראַכמאַנאָף האָט דאַן דער פּריקאַשטשיצע דערלאַנגט אַ ווייסע מטבע און געבעטן: „דו, זיי אַזוי גוט, לויף אַרויס און קויף וואַרימע זאָקן!“

דאָס מיידל איז באַלד ארויסגעלאָפן און ראַכמאַנאָף האָט מיט זיין טאַשנטיכל גענומען אָפּווישן די שטיקלעך צעגאַנגענעם שניי פון פייגעלע׳ס בורעק־רויטע פינגער און פיאַטעס.

דאָס מיידל איז באַלד צוריקגעקומען מיט נייע וואַרימע זאָקן, וועלכע זי האָט גענומען אָנטאָן אויף פייגעלע׳ס דערוואַרימטע פיס. ראַכמאַנאָף האָט דערוויל אַליין גענומען קלייבן פון די פּאָליצעס די ריכטיגע פּאָר שיכלעך, און ווייזנדיג זיי פון דער ווייטענס צו פייגעלען, האָט ער שמייכלענדיג געפרעגט:

— געפעלן דיר אָט די שיכלעך? האָסט ליב שיכעלעך זאָלן סקריפּן, ווען דו גייסט? נו, זאָג, מויד, האָסט ליב אַזעלכע שיכעלעך?

פייגעלע׳ס צעטומעלטע אויגלעך האָבן אויפגעלויכטן פאַר׳ן גלאַנץ פון די נייע סקריפּענדע שיכעלעך מיט וואונדער און נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס איז טאַקע פאַר איר.

ראַכמאַנאָף האָט טאַפּענדיג דאָס לעדער און דורכדרינגענדיג אָנ־געקוקט דעם קרעמער, שטרענג אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט זיכער, ר׳ סוחר, אַז דאָס איז די בעסטע לעדער, אַז דאָס וועט ניט ברענען דער יתומה׳לעס פיסלעך?

— וואָס רעדט איר, גאַספּאַדין ראַכמאַנאָף? ווער וועט עס וואגן אָפּנאַרן ראַכמאַנאָף? — האָט זיך דער קרעמער געדרייט אין דרייען קוקנדיג אויף ראַכמאַנאָף׳ס שטעקן...

— געדענקט זשע! — האָט ראַכמאַנאָף געזאָגט מער מיט די אויגן ווי מיט׳ן מויל, אַ גלעט טוענדיג דערביי זיין שטעקן — געדענקט, דאָס לעדער טאָר ניט ברענען דעם קינד׳ס פיסלעך, דער

פראַסט האָט דאָס שוין געטאָן פאַר אייך! — און באַצאָלענדיג דעם קרעמער דריי קנאַקענדיגע פּאַפּירענע רובל, האָט ראַכמאַנאָף אַליין גענומען אָנטאָן אויף פייגעלע׳ס פיסלעך די נייע שיכלעך, מאַטערענדיג זיך דאַביי מיט זיינע דיקליכע פינגער, צו פאַרקנעפּלען די גלאַנציגע קליינע קנעפּלעך, וועלכע פייגעלע האָט אין דער צייט וואָס ער האָט געקנעפּלט, שטיל מיט שמחה אין איר האַרץ איבערגעציילט, גאַנצע צוועלף קנעפּלעך.

ווען ראַכמאַנאָף איז פאַרטיג געוואָרן מיט׳ן צוקנעפּלען, האָט ער פייגעלען אַראָפּגענומען פון שטול און אַוועקשטעלנדיג זי אויף דער פּאָדלאָגע, האָט ער מיט פאַרגעניגן אויסגערופן:

— אָה, ביזט גאָר געוואָרן גרעסער אין דיינע נייע שיכלעך! ביזט אין די פּאָר מינוט אויסגעוואַקסן! נו, נאַ, גרויסע מויד, דאָס וועסטו האָבן פאַר סעמעטשקעס אויף שבת! — און ער האָט איר אין הענטל אַריינגעשטופּט אַ קופּערנע מטבע.

— און איצט, סוחר׳טע קענסטו צוריקגיין צו דיין סחורה! — האָט ער פאַרענדיגט, אַ גלעט טוענדיג פייגעלע׳ס קעפּל.

האַלטנדיג די בליקן אויף אירע נייע שיכלעך און זשאַלעווענדיג צו געבן מיט זיי אַ טראָט, איז פייגעלע מיט אַ צעטומלטער פרייד אַרויסגעלאָפן פון קראָם.

— וואַרט, מיידל; — האָט איר ראַמאַנאָף נאָכגעשריען — זאָג דיין באַלעבאָסטע, אַז ראַכמאַנאָף וועט זיך מיט איר זעהן און וועט איר פאַר אַלץ באַצאָלן, פאַר אַלץ! און טאָמער וועט זי אויף דיר שרייען, זאָלסטו איר זאָגן, אַז דו וועסט דאָס דערציילן דיין טאַטן ראַכמאַנאָף...

* * *

אָט אַזוי האָט אַמאָל געלעבט „גענעראַל" לייזער ראַכמאַנאָף, דער גרויסער טאַטע פון דער שטאָט לידע.

טייטלט מיין פינגער אויף צוריק צו דעם גרוס פון מיין שטעטל, עסט זיך איין מיין בליק אין די לעצטע שורות, וואָס זאָגן: די זונענשטראַלן נעמען אַריין דעם לעצטן צופרידענעם בליק פונ׳ם גרויסן טאַטן, זיינע אויגן פאַרמאַכן זיך מיט אַ זיגערישן פונק, ווייל אַזעלכע ווי ער שטאַרבן נישט, זיין אוראייניקל דניאל׳קע גייט איצט אין זיינע פוסטריט...

# צווישן כוואַליעס און ווינטן



## נאָוועלעט

אַ נאַכטיגער זומער־ווינטל יאָגט זיך פון בלויען ים אין דער ווייטער וועלט אַריין און פליענדיג איבער׳ן נידריגן זאַמד און הויכע דעכער, פליט ער אויף פאַרביי דער שיינער בעלא, וועלכע שטייט אָנגעשפּאַרט אויף דער פאַרענטשע פון׳ם קאָוני־איילענדער באַרדוואַק און קוקט פאַרטיפט צום ענדלאָזן ים, ווי זי וואָלט דאָרט עפּיס געזוכט.

פאַרווילט זיך דעם פאַרשייטן ווינט אַ שטיף צו טאָן — און פאַרביי־פליענדיג טוט ער אַלע ווײַלע אַ הויב די געגרייזלטע ברוינע האָר אויף בעלא׳ס קאָפּ און בלאָזט זיי אַריין אין אירע פאַרטרערטע אויגן.

— וואָס וויל נאָך היינט דער בייזער ווינט פון מיר? — טראַכט בעלא מיט כעס, אַ טרייסל טוענדיג איר שיינעם קאָפּ אויף אַהינטער, כדי די האָר זאָלן אַרויס פון אירע אויגן.

דער ווינט, ווייזט אויס, ווערט באַליידיגט פון בעלאַ׳ס בייזערן זיך, ווייל ער ווערט באַלד ווילדער, פרעכער. און ווען ער פליט ווידער אַמאָל פאַרביי, צעבושעוועט ער זיך שטאַרק און לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידריגער און נידריגער, און ווען ער איז שוין נאָענט ביי אירע פיס, טוט ער אַזאַ ווילדן בלאָז, אַז איר דין געבלומטע זומער־קליידל טוט זיך אַ הויב אין די לופטן.

עטליכע יונגע בחורים, וועלכע גייען פונקט דאַן פאַרביי, בלייבן שטיין און צולאַכן זיך אויף׳ן קול פון דעם ווינט׳ס קונצן.

— כאַכיטשן די ווילדע יונגגן, ווילן דערוויל כאַפּן אַ קוק אויף אַ ווייסער אונטערקלייד! — טראַכט בעלא מיט צאָרן, אַריינגייענדיג אין אַ געראַנגל מיט׳ן ווינט. זי ציט אַראָפּ איין ברעג קלייד און דער ווינט בלאָזט באַלד אַרויף אַ צווייטן ברעג.

ס׳איז שוין צוועלף ביי נאַכט. בעלא האָט זיך שוין פון פריער גענומען קלויבן אַהיים, אָבער צוליב׳ן בייזן ווינט און די צעלאָזענע יונגגן, וועלכע שטייען אַלץ און וואַרטן אויף ווייטערע קונצן פונ׳ם ווינט, טוט זיך בעלא אויף שנעל אַ זעץ אויף אַ דערבייאיגער באַנק און אַיינפּעגטענדיג דאָס קלייד אַרום אירע פיס, קוקט זי מיט נצחון אויף די אַנטוישט אַוועקגייענדע בחורים, טראַכטנדיג דאַביי, אַז אויף אַלעס זיינען זיי בעלנים, די מענער...

דאָס וואָרט „מענער” דערמאָנט זי אָן לעאָן, צוליב וועמען זי זיצט דאָ איצט אַזוי טרויעריג און פּרובירט מיט אַלע כחות אים צו פאַרגעסן.

זי ווייסט, אַז עס איז ערשט ביי אַ שטונדע, ווי ער איז אַוועק פון איר, אָבער עס דאַכט זיך איר, אַז עס איז שוין יאָרן און יאָרן, זייט זי האָט הינטער איר פליינצע געפילט זיינע אַוועקגייענדיגע לעצטע טריט און דער ווינט האָט אין איר אויער אַריינגעבלאָזן דעם עכאָ פון זיין „גוד־נאַיט!”...

זי פאַרקוקט זיך אויף אימיצן, וואָס שטייט פון ווייטן, וויל זיך פּלוצים אַ גליקליכער שמייכל אויסשפּרייטן אויף איר אומעטיג פּנים...

יאָ! — טוט אַ שטראַל אויף אַ געדאַנק אין איר מוח — דאָס איז ער, לעאָן, דער טייערער, ער קומט צוריק, ער קומט צוריק!...

איר גליקליכער שמייכל קרומט זיך אָבער באַלד אויס אין אַן אומעט, ווייל עס איז נישט ער. עס איז גאָר אַ פרעמדער, נישט לעאָן!...

אָבער וואָס מאַכט עס אויס, צי עס איז ער אָדער נישט, סיי־ווי וואָלט זי צו אים נישט גערעדט!...

ניין, ניין! זי וויל אים נישט מעהר, זי וויל נישט! — און ווישנדיג אַ טרער נאָך אַ טרער, טראַכט זי: „אַזוי פיל האָט ער שוין ביי איר אויסגעפּירט, אַזוי פיל!... זי פילט נאָך איצט זיין ביס אויף איר אונטערשטער ליפּ!... און דאָך טאָמער זיינען זיי געווען אַ פּאָר טעג ברוגז, האָט ער שוין געקראָגן אַ „סקעבּ”!...

זי האָט דאָס אים אין פּנים אַריינגעשריגן און ער האָט גאָר געלאַכט פון איר „חכמה”...

— ווייטער ווער נישט אַזוי שנעל ברוגז, ווייל עס זיינען טאַקע פאַראַנען געוויג „סקעבּס”! — האָט ער געענטפערט לאַכנדיק. זי הערט נאָך איצט זיין זיגרייכן געלעכטער.

— טאַקע — טראַכט זי מיט ווייטאָג — צו־וואָס דאַרף לעאָן

און אַלע אַנדערע מענער זיין ערנסט אין זייער ליבע, זיך פאַרבינדן נאָר מיט איינער און נעמען אַן אייביגן יאָך אויף׳ן קאָפּ. ווען עס זיינען פאַראַנען אַזוי פיל פרויען, וואָס פירן זיך פריי?... און ווידער פאַרקערט, פאַרוואָס זאָלן פרויען טאַקע נישט זיין אַ ביסעלע פריי?... נעמט זי זיך שוין אין געדאַנק אַן פאַר איר געשלעכט — פאַר־וואָס זאָלן טאַקע נאָר די מענער אַלעס מעגן?

— יאָ — טראַכט זי ווייטער — ווי שלעכט געוויסע פרויען זאָלן נישט זיין, זיינען די מענער אַלץ ערגער!... אַז עס גייט זיי גאָר נישט אָן אין דער פרוי דער מענש, די נשמה, דער גייסט, נאָר באַלד ווי עס געפעלט זיי אַ פרוי און מען בלייבט מיט איר אַ ווילע אַליין, הויבן באַלד אָן זייערע אויגן און הענט אַרומצובלאָנדזען... — און אַלע, כמעט אַלע דאָסזעלבע!... אַלע זוכן נאָר אײנס: די פרוי...

זי שפּאַרט אָן אירע עלענבויגנס אויף׳ן אייזערנעם צאַם פונ׳ם באָרדוואָק, נעמט אַריין די באַקן אין אירע דלאָניעס און קוקט צום בלויען ים, פון וואַנען די רוישיגע כוואַליעס ברענגען צוריק די בילדער פון איר פאַרגאַנגענהייט...

יעדע כוואַליע, וואָס קומט צום ברעג, ברענגט איר אַן אַנדערע איבערלעבונג!...

אָט דערזעט זי אויף אַן אַנקומענדער כוואַליע מעקס׳ן. זי פול מיט חלומות פון אַ געטליכער ליבע. פאַרגלייכט זיינע אויגן צו די בלישטשענדע שטערן, זיין פנים צו זון און לבנה, זי זעהט אים נאָר אין די הויכע הימלען און ער קוקט כסדר אויף אירע דינע זאָקן און פּייפט דאַביי פּרעכע צווײדײטיגע לידלעך...

און אָט ברענגט אַ כוואַליע אַ צווייט בילד: איר באָס:... זי וויל זיין טריי צו איר אַרבייט און ער ציט אַלע ווײלע אויס זיין האַנט איבער איר דעסק, כלומרשט נאָך די פּאַפּירן, וואָס ליגן דאָרט. אָבער אין דער אמת׳ן וויל ער מיט זיין עלענבויגן אַ רייב טאָן זיין האַנט אָן איר דינער בלוזקע, נידריגער אונטער איר האַלז...

און אָט ברענגט אַ נייע כוואַליע בעני׳ן. אַך, ווי שיין בעני איז געווען, ווי גראַציעז ער האָט געטאַנצט און ווי שטאַרק פאַרליבט זי איז געווען אין אים!... מיט איר גאַנצער צוויי־און־צוואַנציג־יאָריגקייט האָט זי אים געליבט... אין דער לופט האָט זי געשוועבט, ווען זיי האָבן זיך בײדע געדרייט איבער די גליטשיגע פלאָרס פון די זאַלן, וואו ער פלעגט זי נעמען טאַנצן!...

און כאָטש ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער טענצער, איז ווי זיי האָבן נאָר אָנגעפאַנגען זייער טאַנץ, האָבן זיך באַלד זיינע קני

גענומען אַזוי שטאַרק פלאַנטערן אַן אירע, אַז זי האָט אַזש קיין טראָט נישט געקענט מאַכן...

זיין האַנט, וועלכע האָט לויט דעם געזעץ פון טאַנצן געדאַרפט ליגן אויף איר טאַליע, פלעגט זיך כסדר אַרומגליטשן איבער איר גאַנצער גראַציעזער פיגור, ביז איינמאָל איז זיין טאַנץ געוואָרן אַזוי פּרעך, אַז זי האָט אים פּשוט געמוזט איבערלאָזן און אַנטלויפן...

און אַט קומט צום ברעג אַ נייע כוואַליע און ברענגט איר נאָך אַ ליבע: דעם אינטעליגענט מוני. ער איז געווען אַזאַ גרויסער „סקאָלער", שטענדיג פאַרנומען מיט לערנען. עס האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז קיין אַנדערע זאַך ווי לערנען ליגט אים גאָר נישט אין זינען...

זי האָט אַזוי ליב געהאַט, אים צו הערן ריידן. ער האָט אַזוי שיין גערעדט, אַזוי פיל געוואוסט. אָבער אַזוי שנעל ווי זיי זיינען נאָר געבליבן אַ מינוט אַליין, האָט ער באַלד פאַרלוירן דאָס גאַנצע לשון. דאָס קלוגע ריידן און דאָס גאַנצע וויסן, אַלעס, אַלעס, איז גלייך אַריין אין די הענט, וועלכע האָבן באַלד גענומען זוכן די קנעפּלעך פון איר קלייד...

און ווען זי האָט אַ באַליידיגטע פּראָטעסטירט, פאַר־וואָס ער באַטראַכט זי נישט אַלס מענש, נאָר דורכאויס אַלס פרוי — און האָט רייסנדיג זיך פון אים געטענה'ט, אַז אַזאַ ליבע איז נישט קיין ערליכע, קיין אמת'ע. אַז זי וועט זיך נישט לאָזן באַזיגן פון אַזאַ ליבע, האָט ער איר דאַמאָלס ברוגז נאָכגעשריגן:

— לאָז זיך נישט, לאָז זיך נישט, מיידעלע! וועסט זיך אַזוי לאַנג נישט לאָזן, ביז דו וועסט שוין אַמאָל בעטן און מען וועט נישט וועלן!... אין דער צייט, וואָס דו וועסט כסדר זוכן די אמת'ע, די הייליגע ליבע, וועלן דערווייל אונטערוואַקסן שענערע, אינגערע... און דו וועסט בלייבן ביים זוכן!...

און זי איז אַוועק פון אים, ווייטער זוכן די אמת'ע ליבע... און אַזוי זוכנדיג, האָט זי דערזען, אַז זי האָט שוין „אַריינגעזוכט" ביז אין איר ניין־און־צוואַנציגסטן יאָר!...

פּלוצים האָט איר דאָס שיקזאַל געבראַכט לעאָנ'ען. אַט דערזעט זי אים אויף דער אָנקומענדער כוואַליע, אַט שווימט זיין הויכער שטאַרקער קערפּער... און אַט דערזעט זי איר אייגענעם שאָטן דאָרט... זי ליגט אין זיינע געזונטע אָרעמס און ער לערנט זי שווימען!...

זי דערמאָנט זיך, אַז איידער זי האָט זיך אומגעקוקט, זיינען שוין זיינע הייסע ליפּן געווען איינגעזאַפּט אין אירע און זיינע בלויע אויגן האָבן אַזוי חנ'ודיג געשמייכלט, ווען זיינע הענט האָבן געגלעט איר זיידענעם ביידינג־סוט!...

שפּילנדיק מיט זײַנע קופּער־ברוינע האָר, האָט זי אַליין נישט געוואוסט, צי זי האָט אים טאַקע אויף אַן אמת ליב!... אָבער ער האָט איר געזאָגט, אַז דאָס איז ליבע. ער האָט זי געלערנט, אַז נישט חלומות איז ליבע, נאָר לעבן איז ליבע, אַז נישט מלאכים דאַרף מען ליבן, נאָר מענשן דאַרף מען ליבן... אַז די אוצרות, וואָס זי פאַרמאָגט, דאַרפן נישט וועלקן, נאָר מען דאַרף זיי געניסן!...

און אויף אירע טענות, אַז אמת׳ע ליבע זוכט נישט קיין פרייקייט, נאָר וויל זיך אַליין אײַנצאַמען מיט אַלע צאַמען, וואָס זײַנען נאָר פאַראַנען, האָט ער גע׳טענה׳ט פאַרקערט, אַז אמת׳ע ליבע פאָדערט נישט, מאָנט נישט, נאָר נעמט און גיט, וואָס עס פאַרמאָגט!...

צוליב אירע ניינאונצוואַנציק יאָר האָט זי אָנגעפאַנגען טראַכטן, אַז אפשר האָט ער טאַקע רעכט, אפשר איז גאָר דאָס, פון וועלכן זי אַנטלויפט אַלע יאָרן, די אמת׳ע ליבע!... אָבער ווען זי פלעגט אויף זײַן שויס זיצן, זײַנע אויגן קושן און ער האָט באַלד אָנגעפאַנגען שפּילן מיט׳ן זוים פון איר קלייד, פלעגט זי זיך פון זײַנע אָרעמס אַרויסרײַסן און האַלב אין כעס און האַלב מיט אַ שמייכל טענה׳ן:

— ניין, ניין! פריער דאַרף מען זיך זעהן מיט דער סיטי־האָל!...

ער פלעגט אויך כלומרשט לאַכן, אָבער אין דער אמת׳ן איז ער געווען בייז ווי אַ קינד, בײַ וועמען מען נעמט עפּיס אַוועק...

— אַז עס וועט זײַן שפּעטער דער „סיטי־האָל", טויג נישט?... ווען דו וואָלסט מיך אמת׳דיק ליב געהאַט, וואָלסטו מיר געטרויעט!...

— ווען דו וואָלסט מיך אמת׳דיק ליב געהאַט, וואָלסטו נישט געהאַלטן פון קיין פרייע ליבעס! — פלעגט זי דאַן טענה׳ן.

אַזוי איז בײַ זיי אַוועק דער גאַנצער זומער אין אַ „קאַץ־און־מויז־שפּיל", איין טאָג איז מען געוואָרן ברוגז און אויפ׳ן צווייטן טאָג האָט מען זיך צוריק איבערגעבעטן...

אָבער נעכטן, נעכטן האָט זי אים געטראָפן זיך קושן מיט אַן אַנדערער... און ער האָט נאָך געלאַכט פון איר...

— ווייטער וועל נישט אַזוי שנעל ברוגז, ווען מען גיט דיר נאָר אַ ריר! — האָט ער צו איר געזאָגט.

— אַ ריר איז דאָס בײַ אים! — טראַכט זי מיט כעס — קריכט באַלד צום זוים פון קלייד און רופט עס אַ ריר!... און נאָכדעם טרעפט זי אים ערשט קושן אַן אַנדערע!...

דער ווינט פליט ווידער פאַרבײַ און געבנדיק אַ שטאַרקן בלאָז אין איר פּלייצע, לאָזט ער נאָך זיך איבער קליינע ווינטעלעך, וועלכע מאַכן פּלאָנטערן די האָר אויף איר פּאָטעלניצע פונקט ווי פריער אַ ווילדע האָבן עס געטאָן לעאָן׳ס פינגער...

ער איז געשטאַנען טאַקי דאָ נעבן אַט דער באַנק, אַט דאָ הינטער איר פּלייצע און זיך געבעטן מיט אַ צערטליך־לאַשטשענדען קול: „פאַרגעס שוין דיין איפּערזוכט! יענע מיינט פאַר מיר גאָר נישט! מאַלע, וואָס מען גיט זיך אַמאָל אַ קוש, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט ביי אַ מאָדערנעם מענש אַ קוש? נו, פאַרגעס שוין און קום אַרויף צו דיר אין צימער, מאַכן אַ גלעזל טיי!”...

זי האָט אָבער גוט געוואוסט, אַז די טיי איז נאָר אַ תירוץ. שטענדיג גייט ער אַרויף כלומרשט טרינקען טיי, אָבער עס פאַנגט זיך באַלד אָן אַ קושעניש... אמת, זי האָט פון דעם אויך הנאה, נאָר זי מיינט דאָס ערנסט! זי האָט אים ליב! זי וויל מיט אים חתונה האָבן! אָבער ער?... ער ווערט באַלד, ווי זיי בלייבן נאָר אַליין, אַזוי ווילד, אַז סוף־כל־סוף ענדיגט זיך דאָס טיי־טרינקען כמעט שטענדיג מיט אַ ברוגז.

זי דערמאַנט זיך, ווי שאַרף זי האָט דאָס אים דאָ פריער אַריינ־געזאָגט. אירע ווערטער קלינגען נאָך אין אירע אויערן...

— גיי טרינק טיי ביי יענער, וועלכע דו האָסט נעכטן געקושט!... גיי, גיי, פאַרדריי יענער דעם קאָפּ!... איך וויל דיך נישט מער! גיי!... לאָז מיך אָפּ!...

און עס דאַכט זיך איר, אַז דער ווינט הינטער איר פּלייצע ענפערט איר די ווערטער, וואָס לעאָן האָט דאָ פריער צו איר גערעדט. דער ווינט הוזשעט און זי הערט אין אים לעאָן׳ס קול: „איך האָב דיך ליב, ווייל דו ביזט אַנדערש ווי אַלע, ווייל דו ביזט נישט אַזוי פריי, ווייל דו לאָזט נישט!... אָבער דו לאָזט שוין נישט אַ ביסעלע צו פיל און איך האָב שוין טאַקע צו דיר מעהר קיין געדולד!... גוד נאַיט!” — האָט ער מיט כעס אַ געשריי געטאָן און זי האָט געהערט זיינע טריט אַלץ ווייטער און ווייטער.

ערגיץ שלאָגט אַ שטאָדט־זייגער איינס, די לאַמטערנעס ווערן אויסגעלאָשן, אויף׳ן באָרדוואָק ווערט פינסטער, די כוואַליעס אין ים ווערן טונקעלער און רוישן שטאַרקער, און דער ווינט בלאָזט פון אַלע זייטן...

בעלא׳ן באַפאַלט אַ שרעק. עס דאַכט זיך איר, אַז די כוואַליעס און די ווינטן שרייען: „ביזט אַליין, ביזט אַליין!”...

געיאָגט פון מורא און אומעט לויפט זי צו איר איינזאַמער היים.

אַריינקומענדיג אין איר צימער׳ל, איז זי דאָס ערשטע צוגעלאָפן צום פענסטער, וועלכעס גייט אַרויס אין אַ יאַרד און איז געווען פונקט אַקעגן דעם פענסטער, וואו לעאָן האָט געוואוינט. זיי פלעגן זיך טאַקע אָפט דורכריידן דורך די פענסטער.

ער האָט נישט געקענט זעהן, וואָס עס טוט זיך אין איר צימער, ווייל ער האָט געוואוינט אַ פלאָר נידריגער פון איר. אָבער זי האָט יאָ געקענט זעהן דעם אינעווייניג פון זיין צימער — זי האָט געזען, וואו עס שטייט זיין טישל, אַ שטול און דאָס בעט נאָך מער פון אַלעס, ווייל דאָס בעט איז געשטאַנען זער נאָנט פונ׳ם פענסטער. זי האָט אויף אַזוי פיל געקענט זעהן, וואָס עס טוט זיך ביי אים אין צימער, אַז זי פלעגט אים אָפט אויסריידן, וואָס ער מאַכט אין דער פרי זיינע „עקסערסאַיזעס" פונקט ביים פענסטער, אַזוי אַז זי מוז צוליב אים האַלטן אַראָפגעצויגן די „ווינדאָו־שיידס".

אָבער אין איר איצטיגער שטימונג האָט זי אַזוי שנעל נישט געקענט דערקענען, וועלכעס עס איז זיין פענסטער און זי האָט דערפאַר אין געדאַנק גענומען ציילן:

„ערשטער, צווייטער, דריטער פלאָר! ערשטע, צווייטע, דריטע און פערטע פענסטער פון קאָרנער!... יאָ, דאָס איז זיין פענסטער!"

אָבער פאַר־וואָס זעהט זי דאָרט גאָר נישט? עס איז דאָך אַזאַ שיינע לבנה־נאַכט! אַלע־מאָל ווען עס איז נאָר דאָ די לבנה, קען זי אפילו זעהן, וואָס ער עסט דאָרט... טאָ וואָסזשע איז פאָרט היינט געשעען? זאָל זיין, אַז ער האָלט פאַרמאַכט דאָס פענסטער? טוט ער דאָך דאָס אָבער קיינמאָל נישט! ער האָט דאָך ליב צו שלאָפן מיט אָפענע פענסטער!...

פלוצלינג לייכט פאַר איר אויף אַ געדאַנק, אז אפשר האָט זיין מיסעס דורך אַ טעות פאַרמאַכט זיין פענסטער און ער איז נאָך אין גאַנצן נישטאָ אין דער היים. ער האָט זיך גאָר אומגעקערט צוריק אויף׳ן באָרדוואָק, זי צו זוכן!...

גליקליך פון דעם נייעם געדאַנק פאַנגט זי זיך אָן אויסצוטאָן, דאַביי נישט אַראָפנעמענדיג דאָס אויג פון לעאָן׳ס פענסטער...

פערטיג געוואָרן מיט שיך־און־זאָקן, נעמט זי זיך מאַטערן, אָפּ־צושפיליען איר קלייד, וועלכעס האָט געהאַט די קנעפּלעך אויף דער פּלייצע.

זוכנדיג מיט די פינגער די קנעפּלעך, טראַכט זי צורייצט:

— נאָך וואָס צום טייוול קלערט מען שטענדיג אויס אַזעלכע סטיילס, וואָס מען קען זיך אַליין נישט אָפּשפּיליען?...

נאָך פילע מאַטערניש האָט זי ענדליך אָפּגעשפּילעט די קנעפּלעך און ציענדיג דאָס קלייד איבער איר קאָפּ, האָט זי פּלוצלינג דורך דער לינקער זייט קלייד דערזעהן אַ ליכטיגקייט אין לעאָן׳ס פענסטער.

זי האָט אויף גיך באַפרייט איר קאָפּ פונ׳ם קלייד, וועלכעס איז

געבליבן ליגן אויף דער ערד. אָבער אין לעאָן׳ס צימער איז שוין נישט געווען מעהר קיין ליכט.

זיין פענסטער איז איצט געווען אָפן און זי האָט באַלד דערזעהן זיין רעקל הענגען אויף אַ שטול.

כאָטש זי האָט גוט געוואוסט, אַז צוליב דעם וואָס זי וואוינט אַ פלאָר העכער, קען ער נישט זעהן, וואָס עס טוט זיך ביי איר אין צימער, דאָך אויס איינגעוואוינטער באַשיידנהייט האָט זי זיך צוליב איר האַלב־נאַקעטקייט אָפּגערוקט פון פענסטער. און ענדיגנדיג זיך אויסטאָן, האָט זי געטראַכט, אַז ער איז מן־הסתם ערשט איצט אהיימ־געקומען און אַז ער וועט באַלד ווי אַלע־מאָל אַרויסשטעקן זיין קאָפּ דורכ׳ן פענסטער, אָנרופן איר נאָמען און פרעגן:

דו שלאָפסט שוין?...

זי וועט אים אָבער היינט נישט אַזוי שנעל ענטפערן!—באַשליסט זי — ניין, נישט ביים ערשטן מאָל רופן און נישט ביים צווייטן מאָל! אפשר ביים דריטן מאָל, ווען ער וועט אָנרופן איר נאָמען, אפשר דאַמאָלס וועט זי אים ענטפערן!...

ווען זי איז שוין אין גאַנצן געווען אויסגעטאָן און זי האָט נאָך אַלץ נישט געהערט זיין קול, האָט זי אויף גיך אַרויפגעצויגן אויף זיך איר נאַכט־העמד און באַהאַלטנדיג זיך הינטער אירע פענסטער־פאָרהאַנגען, לעאָן זאָל זי נישט דערזעהן און מיינען, אַז זי זוכט אים, האָבן אירע בליקן ווידער אָנגעפאַנגען זוכן זיין פענסטער, טראַכטנ־דיג דאַביי באַליידיגט, אַז ער האָט זיך געלייגט שלאָפן און זי אפילו נישט פּרובירט אַ רוף צו טאָן!...

הייסט עס, אַז ער איז גאָר ברוגז, פּונקט ווי ער וואָלט גאָר געהאַט רעכט!...

ענדליך שטעלן זיך אָפּ אירע זוכענדע בליקן און זי דערזעהט, אַז זיין פענסטער איז איצט זעהר ברייט צועפנט, די לבנה שפּאַצירט דאָרט אַרום ווי אַ גאַנצע מחותנת׳טע און וואַרפט אירע בלויע שטראַלן אויף דעם ווייסן בעט, אין וועלכן זי דערזעט לעאָנ׳ען...

אָבער גאָט אין הימל! וואָס זעהן אירע אויגן? וואָס איז דאָס פאַר אַ ווייסע קליינע הענט, וועלכע שוועבן דאָרט אין דער לופטן? דאָס איז נישט לעאָן׳ס אַ האַנט — טראַכט זי — ניין, ניין! זיין האַנט איז פיל גרעסער, דיקער!...

— ס׳איז די האַנט פון אַ פרוי! — גיט איר אַ זעץ אין קאָפּ.

אָבער אפשר קוקט זי פאַרט נישט אין די ריכטיגע פענסטער?!

זי ציילט ווידער: „ערשטער, צווייטער, דריטער פלאָר! ערשטע, צווייטע, דריטע פענסטער!"...

א̈ שוועבעלע הא̈ט זיך דא̈רט פלוצלינג א̈נגעצונדן, לעא̈ן הא̈ט א̈ סיגא̈רעט פא̈ררויכערט און זי הא̈ט זיין פנים דערזעהן.

יא̈, דא̈ס איז ער! ער און זיין אייגענע הא̈נט! — טרא̈כט זי מיט א̈ ציטער אין הארצן — אין מיין ווילדער אייפערזוכט הא̈ט זיך מיר שוין אויסגעדא̈כט, גא̈ט ווייסט וואס!... א̈ך, וואס פא̈ר א̈ן אייפער־זיכטיגע קא̈ץ איך בין! — שימפּפט זי זיך א̈ליין — ער רויכערט דא̈רט א̈ סיגא̈רעט, ווייל ער קען נישט איינשלא̈פן, טרא̈כטנדיג פון מיר... און איך דערקען שוין נישט זיין הא̈נט!... איך וועל דערפא̈ר — בא̈שליסט זי — מא̈כן אים א̈ סורפּריז און היינט אים א̈ רוף טא̈ן, פרעגן, צי ער שלא̈פט שוין!...

צופרידן פון איר נייעם בא̈שלוס, גיט זי א̈ן עפן דא̈ס מויל און נעמט אויסריידן: „לע...!" — א̈בער דער לא̈מעד בלייבט ביי איר צוגעקלעפּט צום גומען... ווייל אין דער סעקונדע הא̈ט זי דערזעהן אין לעא̈ן׳ס בעט פינקלענדע פייערלעך פון צוויי סיגא̈רעטס.

ווי פּא̈רא̈ליזירט בלייבט זי שטיין און וויל ווידער נעמען ציילן די פלא̈רס און די שויבן, אפשר קוקט זי פא̈רט נישט אין דעם ריכטיגן פענסטער!...

א̈בער פלוצים לעשט זיך דא̈רט אויס איין סיגא̈רעט און ביים ליכט פון א̈ן א̈נגעצונדענער שוועבעלע דערזעהט בעלא̈ א̈ סיגא̈רעט אין א̈ פּא̈ר ליפּן, וועלכע זיינען אויסגעשטרעקט צו לעא̈ן׳ס הא̈נט מיט דער ברענענדער שוועבעלע... ארום די דא̈זיגע ליפּן וואַרפן זיך כוואַליעס לא̈נגע הא̈ר, וואס פלא̈נטערן זיך אויף לעא̈ן׳ס נא̈קעטע שולטערן...

א̈ ציטער נעמט א̈רום בעלא̈׳ס קערפּער, וועלכער גייט דורך פון אירע שפּיץ פיס ביז דעם איצט ניי־געווא̈רענעם קנייטש אויף איר שטערן...

זי וויל שנעל א̈נטלויפן פון פענסטער, א̈בער אירע פיס בלייבן שטיין ווי מיט טשוועקעס צוגעקלא̈פּט צו דער ערד און אירע אויגן בלייבן איינגעגעסן אין לעא̈ן׳ס פענסטער, ווי זי וואָלט זיך א̈ליין געוואָלט בייסן אין א̈ וואונד...

נא̈ך א̈ קוק — א̈ מענער הא̈נט!... נא̈ך א̈ ריס די אויגן — א̈ פרויען־הא̈נט!... און די וואונד ווערט גרעסער, גרעסער!...

נא̈ך פיל מי רייסט זי זיך ענדליך א̈וועק פון פענסטער, פא̈לט א̈ריין אין איר בעט — און איינגרא̈בנדיג איר קא̈פּ אין קישן, שעפּ־טשעט זי צו די פעדערן: — ווידער א̈ „סקעב", ווידער א̈ „סקעב"!...

די פעדערלעך פון קישן נעמען א̈רום דעם מידן קא̈פּ, טוליען אים צו זיך אין מורמלען ווייך: „נו, שלא̈ף׳זשע איין, פא̈רגעס! הא̈סט גא̈ר נישט געזען! ס׳איז נא̈ר א̈ חלום, א̈ חלום! שלא̈ף איין, פא̈רגעס!"...

בעלא וויל פֿאַלגן די פּעדערן פֿון קישן און זיך ראַטעווען אין פֿאַרגעסנהייט פֿון שלאָף. זי ציט אַרויף דאָס ליילעך איבער׳ן קאָפּ, נישט צו זעהן מעהר קיין שאָטן פֿון דער דרויסענדיגער וועלט.

דער ווינט האָט פֿאַרבייפליענדיג אין בעלאָ׳ס פֿענסטער אַריינ־געקוקט און געפֿינענדיג זי אין איר באַהעלטעניש, האָט ער סודות׳דיג אין איר אויער געהוזשעט:

— דו, דו האָסט דאָרט איצט געקענט זיין! דו!... זיינע הייסע ליפּן וואָלטן איצט דיך געקושט, נישט יענע!...

— איך וויל אים נישט! איך האָס אים! — שרייט זי אַרויס פֿון אונטער׳ן ליילעך, וואַרפֿנדיג זיך פֿון איין זייט צו דער צווייטער.

דער ווינט הוזשעט שטאַרקער און שטאַרקער, טרייבט די ווינדאָו־שייד אַרויס און אַריין, ווי ער וואָלט איר כסדר אין פּנים אַריינגעלאַכט די ווערטער: „דו זאָגסט אַ ליגן, דו טרוס, דו פֿייגלינג!... צוליב דיין מורא, צוליב דיין נישט־לאָזן קריגסט דו אַ פֿייג פֿונ׳ם לעבן! דו ביזט אַליין, אַליין!... און אין זיינע אָרעמס ליגט איצט אַן אַנדערע!״...

מיט רחמנות צו זיך אַליין, אַרומנעמענדיג מיט אירע אייגענע הענט איר ברענענד נאַקעט לייב, שרייען אירע צוקאַכטע בלוטן: „איך האָס אים! איך האָס אים!״...

און דער ווינט שטורעמט פֿון איר פֿענסטער צו איר בעט: „זאָגסט נישט אמת, זאָגסט נישט אמת! אָט זע, קוק וואָס דו טוסט! דו נעמסט זיך אַליין אַרום און זיינע הענט ליגן איצט אויף אַן אַנדערער׳ס פּלייצע! נאַ. זע, קוק!״ — גיט דער ווינט אַ בלאָז אַראָפּ פֿון איר דאָס ליילעך...

בעלא גייט אַראָפּ פֿונ׳ם בעט און אַוועק־קוקנדיג אַן דער זייט, פֿאַרמאַכט זי די אונטערשטע האַלבע פֿענסטער, ציט אַראָפּ אין גאַנצן די ווינדאָו־שייד און זיך צוריק־לייגנדיג מיט׳ן ליילעך איבער׳ן קאָפּ, פּרובירט זי ווידער איינשלאָפֿן.

דער ווינט, ווי צורייצט, וואָס זי האָט פֿאַרמאַכט פֿאַר אים אַ האַלבן פֿענסטער, קלאַפּט פֿאַרשייט אין די שויבן און גנב׳עט זיך אַלע ווײַלע אַריין דורך דער אַנדערער האַלבער פֿענסטער מיט אַ ווילדן בלאָזן — און כאַטש דער בייזער ווינט גיט אויף איר אַלע ווײַלע אַ קאַלטן בלאָז, ברענט איר לייב ווי אין פֿיבער און זי גייט ווידער אַראָפּ פֿונ׳ם בעט.

— יאָ, אַ קאַלטער שאַוער, אפשר דאָס וועט זי איצט ראַטעווען און העלפֿן איינשלאָפֿן, ווי עס האָט שוין געטראָפֿן פֿיל מאָל, ווען אַ ליבע איז זי באַפֿאַלן ווי אַ כוואַליע און געענדיגט זיך מיט׳ן ווינט.

שטאַרק אויסמיידנדיג, איר בליק זאָל זיך נישט פֿאַר׳גנב׳נען צום פֿענסטער, גייט זי אַרויס פֿון איר צימער און לויפֿט צום קאַלטן

שאָוער. שטייענדיג אונטער׳ן שאָוער. דאַכט זיך איר, אַז אויך די קאַלטע טראָפּנס וואַסער, וואָס קלאַפּן און שטעכן איר לייב, ריידן און טענה׳ן צו איר:

— דו קוויקסט זיך מיט אַ ליגן! מיר, די קאַלטע טראָפּנס וואַסער נאַרן דיך נאָר אָפּ! דאָס אמת׳ע לעבן איז דאָרט ביי אים, ביי אים!...

זי לאָזט גיין דאָס קאַלטע וואַסער שטאַרקער, רווישיגער אויף איר ברעגנענדער ברוסט און פּלייצע, אפשר, אפשר, וועט דאָס אַ ביסל פאַרטומלען איר איצטיגע שטימונג!...

דער קאַלטער שאָוער האָט זי כלומרשט דערפרישט, אָבער נאָך מער פאַרמאַטערט, ענדליך לייגט זי זיך צוריק אין בעט... אַלעס, אַלעס אין דער וועלט וואָלט זי איצט אַוועקגעגעבן פאַר איין ווייליגקע איינשלאָפן!...

יאָ, זי וועט גאָר פּרובירן עטוואָס לייענען, אפשר וועט דאָס העלפן. זי צינדט אָן אַ לאָמפּ נעבן בעט און פאַנגט אָן לייענען אַ בוך הויך אויף׳ן קול, כדי דער קלאַנג פון איר אייגענער שטימע זאָל זי אַ ביסל פאַרטומלען.

זי לייענט און לייענט אַהין און צוריק, אָבער יעדער בוכשטאַב אויף די בלעטלעך שטעלט צוזאַמען נאָר איין וואָרט, וועלכעס טאַנצט כסדר פאַר אירע אויגן:

— אַ ס ק ע ב, אַ ס ק ע ב!...

זי וואַרפט אַוועק דאָס בוך קרעכצנדיג...

פּלוצלינג דערמאָנט זי זיך, ווי איר מאַמע האָט זי אַלס קינד געלערנט, זי זאָל ציילן שעפּסעלעך צום איינשלאָפן. איר מאַמע האָט דאָך מיט איר אַודאי גוט געמיינט, נעמט זי איצט צו־הילף דער מאַמע׳ס עצה און זי פאַנגט אָן ציילן: „איין שעפּסעלע, צוויי שעפּ־סעלעך, דריי... דריטער פלאָר, זיין צימער... פיר שעפּסעלעך, פיר, דאָס פערטע פענסטער פון קאָרנער, זיין פענסטער!״...

די לבנה איז אַוועק אין איר סודות׳דיגקייט און די זון האָט איר פּלאַץ פאַרנומען. לאַנגע פאַסן זונען־שטראַלן האָבן זיך פונ׳ם פענסטער געצויגן און באַגעגנט מיט בעלאַ׳ס שעפּטשענדע ליפּן: „פירטוויזנד שעפּסעלעך, פירטוויזנד פענסטער, פירטוויזנד סקעבס״...

קייקעלעך גאָלדענע זון האָבן געטריקנט בעלאַ׳ס זילבערנע טרערן, געגלעט און געטרייסט איר פאַרמאַטערט פנים, ביז זיי האָבן אירע מידע אויגן־דעקלעך ברייט צו־עפנט.

ווען בעלאַ האָט דעם טאָג דערזען, איז איר ערשטער געדאַנק געווען, וואָס גיכער זיך אַרויס צו ציען פון דעם צימער, וואָס גיכער

צו אנטלויפן פון דעם פענסטער, וועלכעס האָט געוויזט מיט אַ שרעק־ליכער באַליידיגונג און מיט נאָך שרעקליכערער האַרצווייטאָג.

זי באַשליסט, אַז זי איז שוין מוחל דעם ים, די פרישע לופט און אפילו דאָס איינגעצאָלטע געלד פאַר'ן צימער. אַלעס, אַלעס איז זי מוחל, אַבי וואָס גיכער פון דאַנען צו אנטלויפן.

זי האָט זיך גלייך גענומען פאַקן, אָבער צוליב דער אַראָפּ־געצויגענער ווינדאָו־שייד איז אין צימער געוואָרן צו טונקל, עפּעס צו טאָן, זי האָט אויך מורא געהאַט צוצוגיין צום פענסטער, אַרויף צו ציען די ווינדאָו־שייד, טאָמער קוקט דאָרט לעאָן אַרויס — און אפשר וועלן נאָך פון זיין פענסטער אַרויסקוקן צוויי קעפּ!...

היינט איז שבת — טראַכט זי — וועט ער זיכער ליגן שפּעט אין בעט און דער זייגער איז ערשט ניין. זי מוז אַלזאָ לאָזן דאָס פאַקן אויף שפּעטער אין טאָג אַריין, ווען זי וועט זיין זיכער, אַז קיינער וועט שוין דאָרט נישט זיין ביים פענסטער.

אָבער זיצן אין איר צימער אָדער איינליגן אין בעט, האָט זי איצט נישט געקענט. האָט זי דערפאַר אויף גיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ ביסל אָנטועכטס און איז אויף שנעל אַרויסגעלאָפן אין גאַס.

אירע פיס האָבן אַן איר ווילן און וויסן זי געבראַכט אויף'ן באָרדוואָק צו דער נעכטיגער באַנק. אָבער אַנשטאָט וואָס לעאָן פלעגט זי דאָרט באַגעגענען און באַפאַלן מיט פרי־מאָרגנדיגע פרישע קושן, איז זי איצט באַפאַלן געוואָרן פון אַ מחנה סוף־זומערדיגע פליגן.

די פליגן ווי עס ווייזט אויס, ווייסן, אַז עס איז זייער סוף... ווייסן, אַז זיי זיינען די ערשטע, וועמען דער אַוועקגייענדער זומער נעמט מיט זיך מיט... און ווייל זיי פילן, אַז אַט־אַט איז זייער ענדע, אַז אַט־אַט און זיי מוזן אויסשטאַרבן, זיינען זיי דערפאַר ווילד, בייז אויף יעדן, וואָס בלייבט לעבן...

און ווי זיי וואָלטן זיך וועלן כאָטש נאָך אויף אַ ווייליגקע ראַטעווען פונ'ם מלאך־המות, וואָס יאָגט זיי נאָך, בייסן זיי זיך איין מיט ווילדע כחות אין יעדן שטיקל לייב, וואָס זיי קענען נאָך כאַפּן, פלאַטערן זשומען, ווי זיי וואָלטן שרייען צו דעם פלאַץ, וואָס זיי בייסן זיך איין: „דו ביזט שטאַרק, דו בלייבסט נאָך לעבן, ראַטעווע מיך אויך, באַהאַלט מיך פונ'ם מלאך־המות, באַהאַלט מיך!"...

בעלאַ איז איצט אַריין אין אַן אמת'ר מלחמה מיט די ווילדע פליגן. זי גיט אַ טרייב איין פליג פון איר רעכטן פוס, בייסט זיך באַלד איין אַ צווייטע פליג אין איר לינקן פוס. גיט זי מיט דער האַנט אַ קלאַפּ אין איר לינקן פוס, קומט גלייך צו לויפן אַ דריטע פליג און בייסט זיך איין מיט אַ רציחה אין איר אַקסל...

און ווען בעלא האָט מיט פיל כעס אויסגעשטרעקט איר האַנט, אַ קלאַפּ צו טאָן איר אַקסל, צו טרעפן די בייזע פליג, האָט זיך איר האַנט אָנגעשלאָגן אָן אַ צווייטע האַנט, וועלכע האָט זיך אויך פאַר־מאָסטן צו איר שיינעם אַקסל, צו פאַריאָגן פון דאָרט די בייזע פליג...

צו דער האַנט איז באַלד צוגעקומען אַ קול, וועלכער האָט שמייכ־לענדיג געזאָגט:

— איך האָב אייך געוואָלט העלפן אַ ביסל בייקומען די ווילדע סוף־זומערדיגע פליגן!...

די האַנט און דער קול האָט באַלאַנגט צו מר. פולטאָן, אַן אַלמן אין די זעכציגער, וועלכער איז שוין געווען אין גאַנצן ווייס און זיין פלייצע אַ היבש ביסל געבויגן, אָבער אַ דאַנק זיין רייכן לעבן האָט ער נאָך אויסגעקוקט גאַנץ פיין. זיינע לעבנס־ערפאַרונגען און קאָוואַ־לערישע מאַנירן האָבן אים אויך געמאַכט אינטערעסאַנט. ער איז געווען אויף זיין וואַקאַציע אין דעם איינציגן רייכן האָטעל אין קאָוני־איילאַנד.

מיט בעלאַ׳ן האָט ער זיך באַקאַנט טאָקע אויף׳ן באָרדוואָק נעבן זיין האָטעל. ער האָט איינמאָל זעהר קאָוואַלעריש איר צוגעטראָגן אַ „סיגאַרעט־אָנצינדער״, ווען זי האָט געזוכט אין אַלע אירע קעשענעס אַ שוועבעלע.

כאָטש מר. פולטאָן איז געווען רייך און אינטערעסאַנט, איז ער אָפט אַרומגעגאַנגען גאַנץ איינזאַם. זיינע קינדער זיינען אַלע צוליב געשעפט צושפּרייט איבער אַמעריקע. מען זעט זיך מיט׳ן טאַטע׳ן פון צייט צו צייט און מען צוליפט ווידער יעדער זיין וועג.

אין קאָוני־איילאַנד האָט מר. פולטאָן אַ סך פון זיינע אַמאָליגע באַקאַנטע, קומט ער אַלע זומער אַהין אויף אַ פּאָר וואָכן און באַלד ווי ער זעט זיך מיט אַלעמען, זעט מען אים שוין ווידער אַרומדרייענדיג אויף׳ן באָרדוואָק איינזאַם אַליין.

די הויפּט־אורזאַך פון זיין איינזאַמקייט איז, וואָס ער האָט נישט ליב צו פאַרברענגען מיט מענשן פון זיין עלטער. עלטערע מענשן, זאָגט ער, פאַרמאַטערן אים און ער זוכט שטענדיג יונגע געזעלשאַפט.

די יוגנד האָט אָבער נישט קיין געדולד צום לאַנגזאַמען טראָט פון אַן עלטערן, צום לאַנגזאַמען ריידן און צו די געשיכטעס פון אַמאָל. ווערט מען מיט אַן עלטערן שטענדיג פערטיג מיט אַ שנעלן „העלאָו״ און אַ נאָך שנעלערן „גוד באַי!״...

בעלא אָבער האָט אַלע אירע יאָרן געהאַט אַ געוויסע סימפּאַטיע צו קליינע קינדער און צו עלטערע מענשן. דערפאַר פלעגט זי אָפט פאַר־ברענגען מיט מר. פולטאָן. ווען זיי האָבן זיך נאָר צוזאַמענגעטראָפן אויף׳ן

באַרדוואַק, פלעגן באַלדביידע נעמען אַ שפּאַציר טאַקע אויף׳ן לאַנגן שיינעם באַרדוואַק, אָדער מען פלעגט זיך זעצן אויף אַ באַנק. זי פלעגט אַרויסקוקן נאָך לעאָנ׳ען און ער פלעגט קוקן אויף איר.

— מיילע אונז, איך מיין אַזעלכע ווי איך, די שוין אַ ביסל עלטערע מענשן, נעמט שוין נישט קיין שלאָף! אָבער ווער האָט דאָס אייך, שיינע בעלא, אַרויסגעטריבן היינט אַזוי פרי פון בעט? — האָט אַריינ־קוקנדיג אין בעלא׳ס אויגן קאַוואַלעריש געזאָגט מר. פולטאָן, און נישט באַקומען קיין ענפער, האָט ער זיך זעצנדיג נעבן איר ווייטער גערעדט:

— און וואָס עפּעס אַזוי אומעטיג? אַודאי ברוגז געוואָרן מיט אייער פריינד! וואָס? געטראָפן, צי ניין?...

נאָך אַלץ נישט באַקומנדיג קיין ענפער, האָט ער פאַרטגעזעצט:

— אָבער איר ווייסט דאָך אַליין, אַז עס איז פּוסטע נאַרישקייטן! געליבטע ברוגז׳ן זיך דאָך נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איבערבעטן איז אַזוי אנגענעם!...

— איך וועל זיך מיט אים קיינמאָל נישט איבערבעטן! — האָט בעלא ביטער אַרויסגעמורמעלט.

— הייסט דאָס, אַז איך האָב געטראָפן! — האָט צופרידן פון זיין קלוגהייט אַ זאָג געטאָן מר. פולטאָן און באַלד צוגעגעבן: — אָבער ווי איך האָב אייך פריער שוין געזאָגט, איז עס דאָך נישט מעהר ווי נאַריש־קייטן, נישט כדאי זיך צו ערגערן! איר וועט זיך נאָך צענדליגער מאָל אָנ׳ברוגז׳ן און צענדליגער מאָל צוריק...

מר. פולטאָן האָט זיך אַליין אָפּגעהאַקט, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט.

וואָס טו איך, וואָס מאַך איך פאַר זיך אַליין קאַליע? — האָט ער זיך אין געדאַנק געפרעגט — איצט, נאָר איצט איז דאָך די ריכטיגע צייט! — האָט אים זיינע איבער זעכציג יאָר לעבנס־ערפאַרונג אונטער־געזאָגט — יאָ, נאָר אין אַ צייט פון ליבעס־פאַרצווייפלונג איז מען אויף אַלעס פעהיג! — און אָפּמעסטנדיג זי מיט זיינע דורכדרינגענדע בליקן פון קאָפּ ביז פיס, האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען: — און צוריק־גערעדט, דענק איך, אז אפשר האָט איר רעכט און שטאַרק רעכט אויך און מען דאַרף אייך טאַקע פאַר קיין פאַל נישט צוריידן, זיך צוריק איבערצובעטן מיט דעם פריינט אייערן, ווייל דעם אמת געזאָגט, איז ער אייך גאָר נישט ווערטה!...

— אָ, מר. פולטאָן, איר קענט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי ער האָט מיך באַליידיגט, ווי ער האָט מיך פאַרשעמט! — האָט בעלא געמורמעלט, שטיקענדיג אין זיך אירע טרערן.

— יאָ, איך האָב שוין לאַנג באַמערקט, אַז אָט דער בחור אייערער

האָט אײך נישט די װערטה!... איר זענט אַזאַ ליבע, אַ פײנע, אַן ערנסטע, און ער איז...

— אמת, אמת, ער איז נישט ערנסט! זײן ליבע איז נישט אמת און נישט ערנסט! — האָט בעלא פריער פאַרכאַפּט, װאָס מר. פולטאָן האָט געװאָלט זאָגן.

— דאָס, ליב קינד — האָט מר. פולטאָן אָנגעפאַנגען — איז אַלץ דערפאַר, װײל דער פרײנט אײערער פאַרשטײט אײך נישט! ער איז יונג און װילד און איר זענט אַ געלאַסענע, אַן ערנסטע, דערפאַר דאַרפט איר זעהן זיך צו פאַרליבן אין אַ גאַר אַנדער סאָרט מענש, אין אַ פאַר־שטענדיגערן, אַ ביסל אַן עלטערן... נאָר אַזאַ אײנער װעט קענען אָפּשאַצן אײער ליבע און אײער װערטה!...

בעלא׳ן האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן.

— דאָס מײנט ער זיך! — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — װי װאָגט ער דאָס? ער איבער זעכציג און איך אַזױ יונג?...

װאָס פאַר אַ יונג? — האָט איר אַ ציפער אַרײנגעמורמעלט אין אויער — „איך דער נײנאונצװאַנציג זעגן זיך באַלד מיט דיר און מײן פלאַץ פאַרנעמט באַלד דער ציפער דרײסיג!״...

— פאַרשטײט איר מיך, ליב מײדל! — איר דאַרפט אַזאַ אײנעם, װאָס זאָל אײער לעבן אַ ביסל פאַרגרינגערן און ער, דער װאָס איר האָט זיך אויסגעקליבן, ער קען נאָר שװערער מאַכן אײער לעבן!...

— אמת! — טראַכט זי — עס איז דאָך אַזױ הײליג אמת, אַז לעאָן מאַכט איר לעבן ביטער און שװער. אָט זיצט זי דאָ און פּילט, װי צו װײנען, װי צו חלש׳ן... און ער ליגט זיך דאָרט גאַנץ רוהיג מיט אַ ״סקעב״!...

און מיט אויגן פאַרלאָפן פון טרערן, גיט זי פון דער זײט אַ דאַנק־באַרן בליק אויף מר. פולטאָן, טראַכטנדיג דאָבײ, אַז לעאָן׳ס ליבע איז אַזױ נישט ערנסט, אַזױ נישט אמת, װערנד דאָ רעדט אַ מענש צו איר פון אַן אמת׳ר ליבע און װיל פאַרגרינגערן איר מידן לעבן... װאָס איז? ער איז אַ ביסל עלטער, טאָ איז װאָס? ערשטנס, איז זי דאָך אַלײן שױן װײט פון יונג, דער ציפער דרײסיג האַלט זיך שױן אין אַרױסרוקן פון זײן באַהעלטעניש. זי פּילט כסדר, װי ער זאָגט: „אָט־אָט קום איך נענטער און נענטער!״... און צװײטנס, װאָס איז, אַז ער איז אַ ביסל עלטער? דערפאַר איז זײן ליבע אַן ערליכע, אַן אמת׳ע!... יאָ, זאָל לעאָן האָבן אפילו אַלע טאָג אַן אַנדער „סקעב״, האַרט עס זי נישט מעהר! זי װעט דאָס אים אָפּטאָן! זי װעט װערן די רײכע מאַדאַם פולטאָן און אַן אויסגעפּוצטע אין רײכע קלײדער, איר האַלז און הענט

באַצירט מיט דזשולערי, וועט זי מיט איר שיינער קאַר פאַרבייפאָרן אַלע טאָג, וואו לעאָן וועט נאָר זיין! זאָל ער זעהן, ווי גליקליך זי איז!...

אַזוי פליען אירע געדאַנקען אהין און אהער.

מר. פולטאָן האָט דערפילט, אַז זיינע ווערטער קריגן אַן אָפּקלאַנג, אַז ער האָט אָנגעטראָפן די ריכטיגע צייט, האָט ער באַשלאָסן צו „שמידן דאָס אייזן, ווי לאַנג עס איז הייס" און ער האָט דערפאַר ווייטער געזאָגט:

— הערט, בעלא, אַזוי ווי איך פאָר שוין היינט צוריק אַהיים...

— היינט? — האָט בעלא נישט־ווילנדיג אַ ציטער געטאָן — מאָדנע! און איך מוז דאָך היינט צוריק און נויאָרק!...

— איך פאַרשטיי! דאָס ווילט איר מסתמא אַנטלויפן צוליב אייער רוגז! אָבער צו־וואָס נויאָרק? ס'איז דאָך נאָך אַזוי הייס!... הערט, איך האָב אַ פּלאַן! איר ווייסט דאָך, איך האָב אַייך שוין דאַכט זיך אַמאָל דערציילט, אַז איך וואוין אין קאָנטרי און איך באַוואוין אַן אייגענעם קאָטעדזש פון צען צימער מיט צוויי פאָרטשעס און אַ גאָרטן מיט בוימער און בלומען... אַלעס, אַלעס, וואָס אַזאַ שיינע נשמה ווי איך קען געפעלן!... אַלזאָ, איך פאָר היינט אַהיים, און איך נעם מיט מיין מאַשין אַ קאָפּל פונ'ם האָטעל, וואָס וואוינען דעם צווייטן קאָטעדזש פון מיר! מיין קאַר איז אַ זעקס־פּעסענדזשעריגע, קענט איר גאַנץ באַקוועם מיטפאָרן און איר דאַרפט אויך נישט קיין מורא האָבן, ווייל ביי מיר וואוינט אַ פרוי מיט צוויי קינדער...

בעלא האָט אויף אים פרעגנדיג אַ קוק געטאָן.

— איך מיין די פרוי, וואָס פאַסט אויף אויף מיין הים! — האָט מר. פולטאָן, זעהענדיג בעלא'ס פרעגנדיגע בליקן, איר געגעבן צו פאַרשטיין — איך מיין מיין אויפזעהעריך, מרס. איירין הייסט זי, זי מיט אירע צוויי קינדער באַוואוינען צוויי צימער און דאָס איבעריגע איז אין גאַנצן אַייערס!...

אַן אנגענעמער ציטער האָט בעלא'ן אַרומגענומען. זי וועט האָבן אַ היים פון אַזוי פיל צימערן!...

— ערנסט גערעדט! — האָט מר. פולטאָן ווייטער אָנגעפאַנגען — איך מיין, אַז איר וועט נישט זיין אַליין מיט מיר, ווייל ס'איז דאָרט דאָ נאָך אַ פרוי אין הויז. טאָ גייט, פּאַקט איין אַ פּאָר פון אייערע קליידלעך און קומט, פאָרט מיט אונז! איר וועט זיך אַ ביסל אָפּרוהען און פאַרגעסן אַלע אייערע ערגערניס און דאָרט ביי מיר אין דערהיים וועלן מיר זיך שוין גוט דורכשמועסן פון אַלעם איבריגן!...

דער פּלאַן איז בעלא'ן געוואַלדיג געפעלן, איבערהויפּט איז איר געפעלן דער געדאַנק, אַז לעאָן וועט אויפשטיין זי זוכן און נישט וויסן, וואו זי איז אַהינגעקומען... נישט נאָר וועט זי פאָרן — האָט זי גע־

טרא̇כט אין איר איצטיגן פא̇רצוויפּלטן כעס צו לעא̇נ׳ען — נא̇ר זי וועט טא̇קי קומען צוריק א̇ חתונה־געהא̇טע, א̇ מא̇דא̇ם פולטא̇ן...

צוויי שטונדען שפּעטער הא̇בן זיך אויף די שיינע גלא̇טע אויס־געפלא̇סטערטע א̇מעריקא̇נער וועגן געדרייט די רעדער פון מר. פולטא̇ן׳ס רייכן שיינעם אויטא̇מא̇ביל. מר. פולטא̇ן הא̇ט געטריבן זיין קא̇ר מיט א̇לטער ערפא̇רונג און נייער בא̇גייסטערונג, ווען ער הא̇ט א̇לע ווײַלע פון דער זײַט געכא̇פּט א̇ קוק אויף דער שיינער בעלא̇, וועלכע איז איצט געזעסן א̇זוי נא̇נט לעבן אים.

נא̇טור׳ס שיינע וועלטל הא̇ט בעלא̇׳ן א̇זוי בא̇גייסטערט, א̇ז זי הא̇ט פא̇ר א̇ ווײַלע אין גא̇נצן פא̇רגעסן א̇ן אירע מענשליכע צרות. אירע שיינע גרויסע אויגן הא̇בן איר כמעט ווי נישט געסטא̇יעט, ווײַל זי הא̇ט נישט געוואוסט וואו פריער מיט זיי צו קוקן.

די קיילעכדיגע און שפּיציגע גרויסע און קליינע בערג הא̇בן זיך מיט זייערע גרינע גרא̇זן געטונקען אין די גא̇לדענע שטרא̇לן פון דער זון. גרינגא̇לד אין געוועז צוזא̇מענגעגא̇סן מיט א̇לערליי פא̇רבן פון א̇לער־ליי בוימער און בלומען.

די פּא̇נא̇רא̇מע פון וועלד, בא̇רג און טא̇ל, וועלכע הא̇ט געשעמערירט אין רעגנבויגן־קא̇לירן, הא̇ט א̇זש פא̇רכא̇פּט בעלא̇׳ס א̇טעם. און א̇ט דערזעט זי גא̇ר א̇ בא̇רג, וועמעס הויכער שפּיץ, דא̇כט זיך איר, שניידט זיך א̇ריין אין די הימלען.

בעלא̇ ווערט א̇זוי היגגעריסן פון נא̇טור׳ס וואונדער, א̇ז זי איז א̇זש זיכער, א̇ז עס איז איר שולד, וואס צוליב איר פא̇רקוקן זיך אויף גא̇ט׳ס וועלטל און זיך פא̇רגעסן א̇פּצורוקן פונ׳ם שיפּט, קלא̇פּט מר. פולטא̇ן א̇לע ווײַלע א̇פּ זיין הא̇נד א̇ן איר קני...

ווען בעלא̇ הא̇ט שפּעטער אין דער פא̇רנא̇כטיגער לופט א̇רומ־שפּא̇צירט מיט מר. פולטא̇ן אין זיין בלומען־גא̇רטן און ער הא̇ט דזשענטל־מעניש אויסגעטא̇ן זיין רא̇ק און איהם א̇נגעטא̇ן אויף אירע שולטערן, הא̇ט זי אויס דא̇נקבא̇רקייט פא̇ר זיין פּא̇טערליכן זא̇רגן וועגן איר, זיך א̇ צערטליכן טוליע געטא̇ן צו איהם.

מר. פולטא̇ן איז דא̇ן זיכערער געווא̇רן אין זיין מיינונג, א̇ז א̇ פרוי אין איר ליבעס־א̇נטוישונג וועט זיך לא̇זן היילן פונ׳ם ערשטן־בעסטן, וואס קומט איר א̇נטקעגן, הא̇ט ער דערפא̇ר מיט מער מוט א̇רויפגעלייגט א̇ הא̇נט אויף איר טא̇ליע און דא̇בײַ כמעט סודות׳דיג געוויספּערט:

— ס׳איז א̇יך קיל, מיין ליב מיידל, הא? קיהל?...

בעלא̇ הא̇ט געטרא̇כט, וואס פא̇ר א̇ן אמת׳ן פריינט זי קריגט, וואס

פּאַר אַ גליקליכע צוקונפט זי וועט ביי אים האָבן — און זי האָט אויס דאַנקבאַרקייט האַרציק צו אים געשמייכלט.

איר שמייכל האָט פאַר מר. פולטאָן נייע חלומות גענומען וועבן.

שטונדן שפּעטער, ווען בעלא האָט געהאַלטן אין אָנטאָן אירע שלאָפקליידער, האָט מיסעס אַיירין, מר. פולטאָן׳ס הויז־אויפזעהערין, אָנגעקלאַפּט אין איר טיר.

בעלא האָט די טיר אויפגעריגלט און די מיסעס אַיירין שטייענ־דיג אויף דער שוועל, האָט שמייכלענדיג מוטערליך באַמערקט, אַז זי דאַרף זיך נישט אַזוי פאַרריגלען, ווייל קיינער וועט איר דאָ נישט טאָן קיין שלעכטס!... זי, די מיסעס אַיירין, איז נאָר אַריין ביי איר פרעגן, צי זי וויל נאָך עפּיס עסן אָדער אפשר אַ קאַלטן טרונק, איידער זי גייט שלאָפן, ווייל — האָט זי ווייטער געזאָגט — מר. פולטאָן, וועלכער שלאָפט שוין אויבן אין זיין צימער, האָט איר עטליכע מאָל אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל איר, בעלאַ׳ן הייסט עס, צוזעהן פון׳ם שענסטן און בעסטן!...

בעלא האָט געדאַנקט דער מיסעס אַיירין, וועלכע איז ענדליך אַוועק שלאָפן, און אַליין האָט זי זיך אין איר נעגליזשע אַוועקגעזעצט ביים האַלב־אָפענעם פענסטער.

די לבנה האָט פאַרפירעריש אַרומגעשפּאַצירט איבער די שפּיצן פון די בוימער, ערגיץ פון די נידריגע גראָזן זיינען אַלע ווילדע אַרויס־געשפּרונגען פייער־פליגעלעך. די שמעקעדיגע לופט און די שטילקייט פון דער נאַכט האָבן ביסלעכווייז בעלא׳ס צערודערטע נערוון אָנגעפאַנגען באַרוהיגן — און אָנשפּאַרענדיג איר קאָפּ אָן דעם ראַם פון׳ם פענסטער, האָט זי פאַנאַנדערגעלאָזט איר פאַנטאַזיע, אויסצומאַלן איר גליקליכע צוקונפט אַלס די חתונה־געהאַטע מאַדאַם פולטאָן...

זי האָט נישט געוואוסט, ווי לאַנג זי איז אַזוי געזעסן ביים פענסטער פאַרטראַכט אָדער געדרעמלט, ווען זי האָט פלוצים דערפילט אַ קאַלטע האַנט אויף איר האַלב־נאַקעטער פּלייצע...

ווען זי האָט זיך צושראָקן אומגעקוקט, האָט זי נעבן זיך דער־זען דעם אַלטן מר. פולטאָן אין זיינע שלאָף־קליידער. און איידער זי האָט פאַר שרעק דעם אָטעם געכאַפּט, האָבן זיך מר. פולטאָן׳ס ליפּן איינגעגעסן אין איר אַקסל, ווי אין דער פרי אויף׳ן באַרדוואַק די סוף־זומערדיגע פליגן!...

מיט זיינע ביינערדיגע אָרעמס האָט ער זיך ווי מיט צוואַנגען אַרומ־געקלאַמערט ארום איר קערפּער און זשומענדיג דורך זיינע ליידענשאַפט־ליכע ליפּן די ווערטער: „איך וועל דיר אַלעס געבן, שיינע קליידער, צירונג, אַלעס, אַלעס!” — האָט ער זי מיט אַן אייזערנער קראַפט געצויגן צו דעם ווייסן אויסגעבעטן בעט...

בעלא האָט זיך פון אים געריסן מיט אַלע אירע כחות, געביסן זיינע הענט, געבריקעט מיט די פיס — און זעענדיג, אַז דאָס אַלעס העלפט נישט, האָט זי אָנגעפאַנגען שרייען.

אירע געוואַלדן האָבן אַ ביסל אָפּגעשוואַכט מר. פולטאָן׳ס אָרעמס און בעלא האָט זיך ענדליך מיט אירע לעצטע כחות פון אים אַרויס־געריסן, טענה׳דיג פאַרצווייפלט:

— און איך האָב געמיינט, אַז אַן אַלטער מיינט ערנסט, אַז ביי אַן אַלטן איז אמת׳ע ליבע, אַז אַן אַלטער...

— אַלטער, אַלטער! וואָס וואַרפסטו מיר אַזוי פיל אין פנים דאָס וואָרט „אַלטער״? אַן אַלטער דאַרף שוין נישט לעבן? איך קען שטאַרקער ליבען ווי אַלע דיינע יונגע! — האָט מר. פולטאָן בייז אויסגעשריען, אַזוי אַז זיינע צוויי ראנדן נייע ווייסע צייהנדלעך האָבן זיך אַזש גענומען גליטשען אַרויף און אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, מען זאָל זיי נישט צוריק נעמען אונטער׳ן „פעקטאָרי־העמערל״ — און מיט אַ ווילדער צורייצטקייט האָט ער זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו איר...

מיט די שיך אין דער האַנט און דעם מאַנטל אויף אירע האַלב־נאַקעטע שולטערן, איז בעלא אַרויסגעלאָפן פון מר. פולטאָן׳ס הויז, שעפּטשענדיג צו זיך אַליין:

— און איך האָב געמיינט, אַז ביי אַן עלטערן מאַן וועל איך שוין געפינען אַ ביסל אמת׳ע ליבע... און צום סוף נאָך אַן אָפּנאַרער, אַן אָפּנאַרער!...

# אַ רייזע אונטער דער באַנק



## אַ פראַגמענט

דרייען זיך די רעדער, פייפט דער לאָקאָמאָטיוו, לויפן בוימער, לויפן פעלדער פאַרביי דעם פענצטערל פון דער שנעל־פליענדיגער באַן, אין וועלכער איך זיץ צוגעדריקט מיט מיין אַכט־יאָריגן שטערן צו דער שויב פונם וואַגאָן און איך קען זיך נישט אָפּוואונדערן, ווי שנעל עס קענען לויפן פעלדער, וועלדער, בוימער, בערג. אָט־אָט קומט אָן און אַנטלויפט אַ טייכל און אָט פליען ווייסע סלופּעס, איינס, צוויי, דריי, צען, צוואַנציג, אַ סך, סך — און אָט קומט אַלץ נענטער און נענטער אַ גוי'ע מיט אַ קאָלירטער פאַטשיילע אויפן קאָפּ. זי פאָכעט אַהין און צוריק מיט אַ בלויער פאָן, וועלכע זי האַלט אין דער האַנט און נאָך איידער זי קומט אָן נאָנט צו מיין פענצטערל, לויפט זי שוין אַוועק. דאַכט זיך, זי שטייט אויף אַן אָרט און דאָך פליט זי שנעל אַוועק פון מיין קינדערשן בליק.

אָט שטעלט זיך די באַן אָפּ אין מיטן פעלד און פיל גוים און גויעס קומען צו נאָנט צו די פענצטערלאַך מיט קאָשיקלאַך שווארצע יאַגדעס און רויטע מאַלינעס און זיי בעטן זיך: „קופּיטיע! קופּיט, קופּיט!"

פיל פּאַסאַזשירן צעעפענען די פענצטערלאַך, שטופּן אַרויס ווייסע מטבעות און נעמען אַריין די שיינע קאָשיקלאַך. איך בעט זיך ביי מיין מאַמען, מיר אויך צו קויפן אַזאַ קאָשיקל מיט מאַלינעס און מיין מאַמע מאַכט זיך, ווי זי וואָלט מיך נישט דערהערט. דערווייל לויפן אַוועק די גוים מיט די קאָשיקלאַך און איך קוק ווידער נאָך מיט וואונדער,

ווי שנעל זיי אנטלויפן פון מיין אויג. צוזאַמען מיט זיי פליען ווידער פעלדער, וועלדער און ווייסע סלופּעס.

אין מיטן פון מיין קינדערשער באַגייסטערונג גיט מיך מיין מאַמע פּלוצים אַ צי ביים הענטל און הייסט זיך מיר אויף גיך באַהאַלטן אונטער דער באַנק, טאַקע דאָ אונטער דערזעלבער באַנק, אויף וועלכער איך זיץ.

וואָס איז? — דער קאָנדוקטאָר און אפשר טאַקע דער קאָנטראָלאָר אליין דאַרף דאָ באַלד דורכגיין.

— וואָס? — טראַכט איך צעשראָקן — וואָס האָב איך געטאָן פאַר אַ פאַרברעכן? מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיגט, אז איך דאַרף זיך באהאלטן אונטער דער שמוציגער באַנק, אויסצושמירן מיין ניי קלײדל, וואָס מיין מאַמע האָט מיר געקויפט טאַקע לכבוד אָט דער רייזע.

איך האָב געוואָלט, אַז מיין ברודער דער סאָלדאַט, וועמען מיר פאָרן איצט וויזיטן, זאָל מיך זען אין מיין ניי קלײדל. האָט אָבער מיין מאַמע איינגעטענה'ט מיט מיר אז אַ מכה פאַניע גנב! געגנוג פאַר פאַניע'ן, אַז מיין ברודער, דער ישיבה־בחור, איז געוואָרן אַ סאָלדאַט, ווערט פאַרשווארצט ביי חזיר ניקאָלאַיקע, מוז עסן סאָלדאַטסקע ברויט מיט זויערע קאַפּוסטע אָדער גאָר אין גאַנצן טרפות, ווי איז דער מאַמען...

— נו — פרעגט די מאַמע — זאָל איך אליין זאָגן, צי ס'איז נישט בילכער, צו האָבן פאַר מיין ברודער אויף פּאַפּיראָסן די עטלאַכע קאָפּיקעס, וואָס עס דאַרף קאָסטן פאַר מיר דער האַלבער בילעט.

איך האָב דאַן איינגעזען, אַז מיין מאַמע האָט רעכט. האָב איך פאַרקאַשערט מיין ניי קלײדל און אַ מכה פאַניען, — איך קריך אונטער דער באַנק!

איך ליג אונטער דער באַנק, קאָרטשע אַלץ שטאַרקער מיין נאַקעטע קני.

עס קלאַפּן די רעדער אונטער מיין פּלייצקע און עס ענטפערן צום טאַקט די ציינדלאַך אין מיין מויל. אָט־אָט קומט דער שרעקלאַכער קאָנדוקטאָר אָדער דער נאָך שרעקלאַכערער קאָנטראָלאָר, אָט גיט ער מיך אַ כאַפּ ביי מיינע פיס. אָט־אָט שלעפּט ער מיך ארויס פון אונטער דער באנק און אָט וועט ער שרייען און אפשר גאָר שלאָגן מיך מיט מיין מאַמען און ארויסוואַרפן אונז אויפן וויסטן פעלד, וואו עס וועט ווערן פינצטער און וועלף און בערן וועלן אַרויסקריכן פונם וואַלד...

איך צי דערביי אַלץ שטאַרקער צוזאַמען מיינע פיס.

אַ זעץ מיט דער טיר שלאָגט איבער מיין שרעק און וואַרפט מיך אַריין אין אַ נייע שרעק. איך דערהער שווערע טריט ווי פון צוויי פאַר פערד. „בילעט גייען! דער קאָנדוקטאָר מיטן קאָנטראָלאָר", דערהער

איך שטימען פון איבער מיר. מיין מאַמע און די אַלע מענטשן, וואָס זיצן אויף דער באַנק, פאַרשטעלן מיט זייערע פיס אַלץ מער און מער די באַנק.

אַ אידישער שטיוול, וועלנדיג מיך מער פאַרשטעלן, גיט מיר אַ זעץ אין מיין שטערן. איך וויל אויסשרייען פון ווייטאָג און פאַרהאַלט מיט מיין הענטל מיין מויל. איך קאַרטשע זיך אַלץ מער צוזאַמען, האַלט אין דעם אָטעם און פאַרמאַך מיינע אויגן, נישט צו זען די אָנקומענדיגע שרעק. איך דערהער דאָס וואָרט „בילעטי יעסט?״...

מיט געוואַלט רייסט זיך אויף ביי מיר איין אויגל און איך דערזע צוויי פּאָר גלאַנציגע שטיוול מיט אייזערנע שפּאָרן — און כאָטש ווען איך בין געקראָכן אונטער דער באַנק, איז נאָך דאַכט זיך געווען טאָג אין דרויסן, דאָך האַלט דער קאָנדוקטאָר אַ לאַמטערנע און לייכט צו דעם קאָנטראָלאָר, ווען ער קוקט אויף די בילעטן. די לאַמטערנע איז עפּעס אַזאַ שיינע, אַז עס ווילט זיך מיר נאָך אַ קוק טאָן אויף איר.

איך עפן פּאַמעלאַך אויף מיין צווייט אויגל און איך גיב אַ קאַפּיטשקע אַ רוק מיין קעפּל. אַ ביסל שטויב גייט מיר אַריין אין מויל און אין נאָז, און אָט־אָט קומט אַ נאָס. אַ ווילדע שרעק באַפאַלט מיך. איך שטופּ אַריין מיין גאַנצע האַנט אין מויל, אָבער דער נאָס רייסט זיך אַרויס צוזאַמען מיטן קאָנטראָלאָרס קלאַפּ אין טיר.

איך הער דער מאַמעס און די אַנדערע מענטשנס פריידיגער אויסרוף: „גאָט צו דאַנקען, וואָס דער נאָס איז נישט געקומען אַ סעקונדע פריער!״

די מאַמע ציט מיך אַרויס פון אונטער דער באַנק, שטויבט אָפּ מיין נייע קליידל,ווישט־אָפּ מיינע פאַרשעמטע טרערן און פרעגט מיך אַ האַלב־שולדיגע, צי איך וויל ווידער קוקן אין פענסטערל. מיין רחמנות׳דיגער בליק פאַלט אויף דער שויב. עפּעס איז שוין דאָס נישט דאָסזעלבע וואָס פריער. עס האָט אויסגעזעצן, ווי אויך דאָס טאָגליכט וואַלט זיך געפונען שולדיג, וואָס מען האָט מיך געהייסן קריכן אונטער דער באַנק און עס איז צוזאַמען מיט די בוימער און פעלדער פאַר־שוואונדן ערגעץ ווייט הינטער דער באַן. אין די שויבן האָט איצט אַ פאַרנאַכטיגער אומעט אריינגעבליקט. אַ האַלב־ברוגז׳ע האָב איך אָפּ־געקערט מיינע אויגן פון די פענסטער און נישט־וויסנדיג מיט וואָס אויסצודריקן מיין באַליידיגונג, האָב איך אַרויסגעברומט: „איך וויל עסן!״

אײדער מיין מאַמע האָט אוספייעט פאַנאַנדער צו נעמען דאָס פּעקעלע מיט עסנוואַרג, האָט אַ איד, וועלכער האָט זיך אַוודאי אויך געפילט שולדיג, וואָס ער האָט געהאָלפן מיך שטופּן אונטער דער

באַנק, מיט אַ מאָדנער שנעלקייט מיר דערלאַנגט אַ ראָזעווען עפּל. די מאַמע האָט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ געהייסן מיר דאָס נעמען. איך האָב אַ ברום געטאָן: „אַ דאַנק!" מיט כעס געזאָגט „בורא פּרי העץ" און אויף גיך איינגעביסן מיינע פאַדערשטע ציין אין דעם זאַפטיקן עפּל.

דער געשמאַקער ווייניגער זאַפט האָט מיך אויף אַ ווײַלע צופרידנגעשטעלט, אָבער ביים צווייטן ביס האָב איך מיך ווידער גענומען פילן געקריוודעט. האָב איך אַוועקגעגעבן דער מאַמען דעם עפּל און איינהאַלטנדיג דעם געוויין, האָב איך אַ ברום געטאָן: „איך וויל נישט עסן, איך וויל שלאָפן!"

— נו, לייג זיך! — האָט מיך די מאַמע אַרויפגענומען אויף דער באַנק. אַלע מענטשן וואָס זיינען געזעסן אויף דער באַנק, האָבן זיך צערוקט, מיר צו געבן אַלץ מער און מער פּלאַץ. איך האָב זיך דערפילט אַ ביסל תקיפ׳דיג, זייענדיג זיכער, אַז דאָס גיט מען מיר אַפּ אַזוי פיל כבוד נאָר דערפאַר, וואָס איך בין פריער געלעגן אונטער דער באַנק. האָב איך מיך דערפאַר אויסגעצויגן מיט צופרידנקייט אין מיין גאַנצער גרויס, אַוועקגעלייגט מיין קעפּל ביי דער מאַמע אויף דער שויס און זיך שוין אין גאַנצן באַרואיגט.

מיין מאַמע האָט דאַן צו זיך אַליין אַ מורמל געטאָן: „צייט צו דאַווענען מנחה!" — מיט איין האַנט האָט זי געגלעט מיין שטערן און די צווייטע האַנט האָט זי אַ וויש געטאָן אַן דער שויב און קוקנדיג ערגעץ אין דער ווייטקייט, האָט זי פרום גענומען עפּעס שעפּטשען.

איך האָב געוואוסט, אַז דאָס דאַוונט מיין מאַמע. אָבער מיר האָט עס געקלונגען ווי מיין מאַמע שעפּטשעט צו מיר אַ וויג־ליד און איך האָב גענומען איינדרעמלען אונטער איר שטילער תפילה.

מיט אַמאָל האָב איך מיך געגעבן אַ כאַפּ אויף און דערזען ווי מיין מאַמע טרייסלט מיך ביי מיינע שולטערן און זאָגט: „שטיי אויף גיך גיך, גיי צוריק אונטער דער באַנק!"

„זיי קומען צוריק!" — האָב איך דערהערט פון אַלע זייטן — „גיך, גיך! צוריק — צוריק!"...

און מען האָט מיך שנעל גענומען שטופּן צוריק אונטער דער באַנק...

# די העלדן פון באַראַנאָוויטש



## דערציילונג

— ישראליק׳ל, ישראליק׳ל! — האָט צווישן די קלעצער אָפּגעקלונגען זיין מאַמע׳ס רופנדיגער קול.

דער פינף־יאָריגער ישראליק׳ל איז אָבער געווען אַזוי פאַר־טיפט אין אַריינשניידן מיט זיין טאַטנ׳ס שאַרפן שוסטער־מעסער אַלע־רליי שניטן אין די דעמבענע קלעצער, וואָס זיינען געלעגן הינטער זייער הויז און האָבן זיך געטרוקנט אויף דער זון, אַז ער האָט אַזש פון זיין באַהאַלטעניש ניט געקענט דערהערן זיין מאַמע׳ס רופן.

און מיכלע יאַנקל דעם שוסטער׳ס ווייב, האָט געקלאַפּט אין אַלע שכנ׳ישע טירן, דערציילנדיג מיט שרעק, אַז איר ישראליק׳ל איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן און נאָך דערצו אַ הונגעריגער.

די שכנים האָבן אַ ביסל געקוועטשט מיט די פּלייצעס אויף דעם וואונדער, וואָס מיכלע די שוסטערקע, וועלכע איז באַוואָרפן מיט אַכט אינגלעך, איינער קלענער פונ׳ם אַנדערן, אַז טאָמער פעלט איר פאַר אַ ווילע איינער, דערזעט זי עס באַלד. זיי האָבן זיך אָבער באַלד אַרומגעזען, אַז דאָס איז דער וואונדער פון אַ מאַמע׳ן און האָבן טאַקע דערפאַר אַלע געהאָלפן זוכן ישראליק׳ן.

אין דערזעלבער צייט האָט יאַנקל זאַלאָטקאָפּסקי דער שוסטער בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט פון הינטער זיין האַנט געקענט פאַרפאַלן ווערן זיין שאַרף מעסער און ער האָט עס כסדר געהאַלטן אין איין אַרומזוכן, שרייענדיג דערביי אַלע ווילע אויף אַן אַנדער לערן־אינגל, אַז יענער האָט עס מן־הסתם פאַרוואָרפן.

ישראליק׳ל, אַ גליקליכער, וואָס אים איז געלונגען אַריינצוקריגן

אין זיינע הענט דעם טאַטן׳ס קונציג מעסער מיט׳ן לעדערנעם הענטל, וואָס שניידט אַפּ אַזוי גיך און גרינג שטיקער קאָרע פון די גראָבע קלעצער און דער שאַרפער שפּיץ שניידט אויס וואָס פאַר אַ קונץ אים וויל זיך נאָר, שטופּט זיין שפּיץ צינגל אין זייט פונ׳ם מיילעכל און שניצט מיט אַ שטאַרקער פלייסיגקייט קונץ נאָך קונץ.

אָט שניצט ער אויס אַזאַ בענקעלע, אויף וועלכן זיין טאַטע זיצט ביים ווארשטאט און אָט שניצט ער אַזאַ וויגעלע, אין וועלכער עס שלאָפט זיין קליין ברודער׳ל משה׳קע.

און אָט איז געקומען פון ערגיץ צו פליען אַ קליין פייגעלע, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן צווייטן ברעג פונ׳ם קלאָץ און פּיקעט מיט׳ן שנעבעלע איב׳ם ריבקעלע פון אין דער זון צעגאַנגענער סמאָלע אין די שפּארונעס פונ׳ם קלאָץ.

וויל זיך ישראליק׳לן אויסשניצן פונקט אַזאַ פייגעלע, שניצט ער און שניצט — און אָט האָט ער שוין אויסגעשניצט די פיסעלעך, אָט דאָס שנעבעלע און אָט גיט פלוצים דאָס פייגעלע אַ צענעם די פליגעלעך און פליט אַוועק הויך־הויך.

וויל ישראליק׳ל אויסשניצן פונקט אַזוינע צעעפנטע פליגעלעך, ווי עס האָט דאָס פייגעלע, כדי אויך צו קענען פליען הויך־הויך. פאַררייסט ער זיינע אויגעלעך נאָך דעם פייגעלע׳ס צעעפענטע פליגעלעך און דאָס שאַרפע מעסער שניצט און שניצט אין קלאָץ אריין ביז — אוי, אַ ווייטאָג אין פינגערל! דאָס שיינע גלאַנציגע מעסער ווערט פאַרפלעקט מיט בלוט.

דערשרעקט זיך ישראליק׳ל. ער האָט מורא, דער טאַטע וועט שרייען פאַר׳ן פאַרפלעקטן מעסער און די מאַמע פאַר׳ן צעשניטענעם פינגער. לויפט ער מיט׳ן פאַרווייטאָגטן פינגער מיט אַ גרויס געוויין: „מאַמע, מאַמע!"

אַ ווײלע שפּעטער ליגט שוין ישראליק׳ל מיט אַ פאַרוויקלטן פינגער און אָפּגעשפּילעטע הויזקעס אויף זיין טאַטן׳ס קני...

— אַלע אידישע צרות וועל איך איצט אויסלאָזן צו דיין קאָפּ!

— שרייט דער טאַטע, אַראָפּלאָזנדיג נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דעם רימען איבער זיינע אַראָפּגעלאָזטע הויזקעס.

— שמייס, שמייס נאָך! — טענה׳ט די מאַמע — און ווינקנדיג מיט׳ן קאָפּ, אַז עס איז שוין גענוג, רעדט זי ווייטער: — גוט אַזוי, גוט! זאָל ער וויסן, ניט צו כאַפּן קיין מעסערס און ניט צו אַנטלויפן פון שטוב אַ הונגעריגער, איך זאָל אים דאַרפן זוכן איבער גאַנץ באַראַנאָוויטש.

— שמייס, שמייס! — שרייט זי און האַלט איין דעם רימען,

אָט אַזוי האָט זיך ישראליק׳ל צו פינף יאָר דאָס ערשטע מאָל דערוואוסט, אַז אידן האָבן צרות.

דעמזעלבן זומער האָט זיך ישראליק׳ל נאָך עפּיס דערוואוסט. צו זיינע קינדערשע אויערלעך האָבן דערגרייכט די מאָדנע ווערטער: אַ „פּאָגראָם״! מען שלאָגט אידן! — זיין טאַטע־מאַמע האָבן דאַן געכאַפּט אים מיט זיינע ברידערלעך און מומע שרה׳ס טעכטערלעך פון וואַרשע, וואָס די מאַמע האָט זיי געהייסן רופן „שוועסטערלעך״ — און מיט זיי אַלעמען אַרונטערגעלאָפן אונטן אין קעלער, זיך באַהאַלטן צווישן די הורבעס קאַרטאָפל. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן זייערע שכנים מיט זייערע קינדערלעך.

דאָרט אין קעלער האָט געשטיקט איז האַלז דער ריח פון צעפוילטע קאַרטאָפל און אין דער פינסטערניש האָט אַלע ווײלע געגעבן עפּיס אַ שפּרונג און דאָס שפּרינגענדיגע האָט געהאַט אַזעלכע מורא׳דיג־בלישטשענדיגע אויגעלעך, אַז אַלע אין קעלער האָבן אין דער שטיל אויסגעקרעכצט: „אוי אַ פּאַצוק, אַ ראַץ!״

און טאַמער האָט אַ קינד געוואָלט אַ וויין טאָן, האָבן די מאַמעס זיי אויף שנעל פאַרשטיקט די אָטעמס, מורמלענדיג דערביי: „שאַ, אַ פּאָגראָם! שטיל, מען שלאָגט אידן!״

און די טאַטעס האָבן כסדר געקרעכצט: „שמע ישראל! שמע ישראל!״

ישראליק׳ל, איינגענורעט אין זיין מאַמע׳ס שויס, האָט בשעת מעשה געטראַכט, אַז ער ווייסט שוין, וואָס אַזוינס עס זיינען אידישע צרות: דאָס זיינען שמיך! אָבער וואָס מיינט „פּאָגראָם״? און וואָס מיינט: מען שלאָגט אידן? פאַרוואָס שלאָגט מען, פאַרוואָס?...

אינדערפרי האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר פון קעלער און אָנגעזאָגט די גוטע בשורה:

— אידן, איר מעגט שוין אַרויסקומען! דער פּאָגראָם איז ערגעץ אַנדערש, ניט אין באַראַנאָוויטש!...

— — — — — — — — — — — —

ישראליק׳ל איז שוין געגאַנגען עטליכע זמנים אין חדר, ווען ער פלעגט זיך פלוצים אויפכאַפּן אין מיטן דער נאַכט און זיך צעשרייען:

— ראַצן, פּאַצוקעס! מען שלאָגט אידן! פּאָגראָם! שמע ישראל! מען שלאָגט!...

— טפו, טפו! שוין ווידער די בייזע חלומות! — פלעגט ער באַלד דערהערן זיין מאַמע׳ס קול — נו, פאַרגעס! שלאָף איין, מיין קינד! שלאָף איין! — פלעגט זי פאַרענדיגן, גלעטנדיג זיין קעפּל.

אַמאָל פלעגט אויך טרעפן אַ שבת־נאַכט, ווען אין זייער שטוב

איז געווען זייער פריילעך. אויפ׳ן טאַטן׳ס ווארשטאַט האָט געברענט דער גרויסער לאָמפּ, דער קנויט פון הינטער׳ן גלאָז האָט פון זיך געוואָרפן אַלערליי רויטע און גרינע פלעמלעך.

דער טאַטע מיט זיינע צוויי ארבייטער און צוויי לערן־אינגלעך האָבן זיך נאָכ׳ן גוט אָפּגעגעסענעם און אויסגערוטן שבת צוגעכאַפּט צום ווארשטאַט מיט פריילעכקייט און געזאַנג. די מאַמע האָט אויפ־געקאָכט אַ טשייניק פרישע טיי. איינער פון די לערן־אינגלעך פלעגט דאַן אויף גיך אַוועקלויפן צו מערי דער בייגל־בעקערין און וואַרטן ביז זי האָט אויף איר לאַנגן שטעקן אַרויסגעצויגן די הייסע בייגעלעך פון אויוון און ער פלעגט צוריקקומען לויפנדיג מיט׳ן קראַנץ הייסע בייגעלעך אויף זיין האַלז.

עטליכע שכנים פלעגן אויך אַריינקומען און זיך אַרומזעצן לעבן טאַטן׳ס ווארשטאַט, דערציילן אַלערליי מעשיות און עסן הייסע בייגע־לעך מיט טיי.

און אַז ישראַליק׳ל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און די מאַמע האָט אים דערלאַנגט אַ הייס בייגעלע אין בעט, האָט ער דרייענ־דיג דעם בייגל אויפ׳ן פינגערל און אָנקוקנדיג די פריילעכקייט ביים טאַטן׳ס ווארשטאַט פלוצים אויסגערופן: „מאַמע, זאָג מיר שוין אַמאָל, פאַרוואָס האָבן מיר זיך דעמאָלט באַהאַלטן אין קעלער? פאַרוואָס שלאָגט מען אידן? פאַרוואָס?”

— שוין ווידער! — פלעגט די מאַמע ווי אַלע מאָל נעמען שרייען אויף אים — שוין ווידער מיט דיינע קשיות! שלאָף איין און פאַרגעס שוין אַמאָל! פאַרגעס! אַז דו וועסט גרויס ווערן, וועסטו שוין אַליין אַלץ וויסן! איצט שלאָף איין און פאַרגעס! — פלעגט זי אים ביי די ווערטער איינדעקן מיט דער קאָלדרע.

ישראַליק׳ל האָט אָבער ניט געקענט פאַרגעסן און האָט פון הינטער דער קאָלדרע אַלץ ווייטער געטראַכט. פאַרוואָס שלאָגט מען פאַרט אידן, פאַרוואָס?

און איינמאָל אַזוי טראַכטנדיג הינטער דער קאָלדרע און זיך צוהערנדיג צו זיין טאַטן׳ס און די אַרבייטער׳ס שטאַרקן קלאַפּן מיט די האַמערס, איז אים פלוצים איינגעפאַלן גאָר אַ מאָדנע פראַגע: פאַרוואָס האָט זיין שטאַרקער טאַטע און די שטאַרקע אַרבייטער, לייבקע און בערקע, ניט גענומען די גרויסע האַמערס און זייער שכן באַראָווסקי דער קוימענקערער, פאַרוואָס האָט ער ניט גענומען זיין גרויסן בעזים און מערי די בייגל־בעקערין איר לאַנגע לאָפּעטע און פאַרוואָס זיינען זיי אַלע ניט געגאַנגען צוריק־שלאָגן? פאַרוואָס?

ער האָט דאָן באַשלאָסן, אַז ווען ער וועט גרויס ווערן, וועט ער זיך ניט באַהאַלטן אין קעלער, נאָר ער וועט צוריקשלאָגן!

ער שטיפּט צוזאַמען זיין פויסטל אַלץ שטיפער און באַשליסט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אַז ניין און ניין, ער וועט זיך קיינמאָל ניט באַהאַלטן אין קעלער מיט די ראַצן. ער וועט בעסער אַרויפקריכן אויפ׳ן דאַך הויך־הויך, אַזש ביז׳ן קוימען, אַזוי ווי באַראַנאָווסקי דער קוימענקערער. ניין, נאָך העכער ווי דער קוימענקערער! ער וועט אויסשניידן פון קלעצער און פון בוימער אַזעלכע פליגעלעך ווי עס האָט א פייגעלע און וועט אוועקפליען הויך־הויך, אַזוי הויך, אַז מען וועט אים ניט קענען כאַפּן און ער וועט מיטנעמען שטיינער און וועט דאָס אַרונטערוואַרפן אויף די אַלע, וואָס ווילן שלאָגן זיין טאַטן, זיין מאַמע, זיינע ברידערלעך און זיינע חברים. יאָ, פאַר אַלעמען וועט ער זיך אָננעמען, פאַר אַלעמען וועט ער צוריקשלאָגן!

מיט אָט די באַשלוסען איז ישראליק׳ל אַ באַרוהיגטער איינגעשלאָפן.

— — — — — — — — — — — —

קיינמאָל פריער האָט זיך ישראליק׳ל ניט פאַרטראַכט פאַרוואָס פיל פון זיינע ברידערלעך זיינען פלוצים אויסגעביטן געוואָרן אויף שוועסטערלעך, ביז עס איז געקומען צו אים, צו זיין רייע, ווען זיין מאַמע האָט געשריבן אַ בריף צו איר שוועסטער שרה אין וואַרשע, אַז עס איז שוין ציים, אויסצובייטן יענער׳ס עלקעלע אויף איר ישראליק׳ל. דאַמאָלט האָט זיך ישראליק דערוואוסט, אַז זיין מומע שרה, וועלכע וואוינט אין וואַרשע, האָט אַ סך מיידלעך, פונקט ווי זיין מאַמע האָט אַ סך אינגלעך — און אַז דער מומע׳ס מיידלעך זיינען אין דער גרויסער שטאָדט שוואַכינקע, אויסגעבלייכטע, און אַזוי ווי אַ סך לערנען דאַרפן ניט קיין מיידלעך, איז דערפאַר גוט פאַר זיי דאָס קליינע שטעדטל באַראַנאָוויטש מיט זיין מאַמע׳ס פאַרזייעטע צווייבייטן גרינע ציבעלקעס און רויטע מייערלעך, און פאַר דער מאַמע׳ס אינגלעך מיט זייערע גוטע קעפּלעך איז גוט די גרויסע שטאָדט וואַרשע, מיט אירע תלמוד־תורה׳ס, ישיבות און גוי׳שע קלאַסן.

פלעגן זיך דערפאַר די צוויי שוועסטער כסדר בייטן מיט זייערע קינדער. אַזוי גיך ווי עס איז אונטערגעוואַקסן ביי זיין מאַמע׳ן א אינגל, וועלכער האָט שוין געדאַרפט לערנען אין די העכערע חדרים, האָט אים די מאַמע באַלד אַוועקגעשיקט צו דער מומע אין וואַרשע און אויף דעם פּלאַץ פון זיין עסן און זיין געלעגער האָט באַלד די מומע צוריקגעשיקט איר׳ס אַ מיידל אין באַראַנאָוויטש — און אַזוי כסדר אַ אינגל פאַר אַ מיידל און אַ מיידל פאַר אַ אינגל.

ישראליק׳ל האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט זיין אָנקומענדיגער רייזע. עפּיס איז ער געוואָרן אין שטוב אַ גאַנצער יחסן. קופּעצקי, דער בעסטער שניידער אין שטאָדט, האָט אים אויפגענייט אַ ביי גאַרניטורל. דער טאַטע האָט אים געמאַכט אַ פּאָר נייע שטיוועלעך מיט לאַקירטע כאַלעווקעס און די פּאָדעשוועס האָבן הויך געסקריפּעט. די מאַמע האָט צו אים כסדר גערעדט גוט און ווייך:

— ישראליק׳ל מיין קינד! זאָלסט זיין גוט און פרום!

פּאַקנדיג זיינע זאַכן, האָט זי אַלע ווילע געגעבן אַ ווישׁ אַ טרער און צו יאַשקע דעם בעל־עגלה, וועלכער האָט אין זיין גרויסן וואָגן מיט דער ברוינער בויד געדאַרפט אים אָוועקפירן און ברענגען עלקעלן, האָט די מאַמע גאַנצע צוויי וואָכן אַלץ איינגעגעטענה׳ט, אַז יענער זאָל גוט אַכטונג געבן, זאָל ניט פאַרגעסן, אַז זי געטרויט אים אָן איר אוצר און איר שוועסטער׳ס אוצר...

ישראליק׳לען האָט זיך שוין געוואָלט וואָס גיכער זיצן אין יאַשקע׳ס גרויסן וואָגן, פאָרן און פאָרן, זען און זען אַלץ, וואָס מען קען זען פאָרנדיג.

נאָר איין זאַך האָט זיך אים איצט געזשאַלעוועט: זיין חבר׳טע רייצקע, ווינער דעם פעלדשער׳ס מוזינקע. עפּיס האָט זי געהאַט די שענסטע רויטע האָר פון אַלע מיידלעך אין שטעדטל.

ווען ישראליק׳ל האָט רייצקע׳ן געזאָגט, אַז נאָך היינט, נאָך אַ ביסעלע שפּעטער קומט יאַשקע מיט דער גרויסער בויד אים אָוועקנעמען, זיינען אירע באַקן געוואָרן אַזוי רויט ווי אירע האָר און זי האָט געזאָגט צו אים: „זע ישראליק׳ל, גיב נאָר אַ טאַפּ מיינע באַקן! זיי זיינען געוואָרן אַזוי הייס!"...

ער האָט דאָן צוגעלייגט זיין האַנט צו איר באַק און געפילט ווי עס ברענט זיין דלאָניע.

— יאָ, טאָקי אמת! ס׳איז הייס! — האָט ער אויסגערופן.

— פאַרוואָס דאַרפסטו עפּיס אָוועקפאָרן פאַרוואָס? — האָט זי אַרויסגעמורמלט אַראָפּלאָזנדיג איר רויט קעפּל.

— איך דאַרף פאָרן לערנען! — האָט ער געשעפּטשעט.

זיי האָבן זיך דאָן גענומען ביי די הענטלעך, זיך אַ ווילע געהאַלטן און ווערטער צעלאָפּן.

— — — — — — — — — — — —

אַ פּאָר זמנים איז שוין ישראליק׳ל געווען אין דער שטאָדט וואַרשע, ווען ער האָט זיך געקליבן פאָרן אַהיים אויף פסח קיין באַראַנאָוויטש. כאָטש ער האָט שטאַרק ליב געקראָגן די שיינע גרויסע שטאָדט וואַרשע, וועלכע ער האָט אויך באַטראַכט פאַר זיין היים, ווייל דאָרט איז

ער געוואַקסן, זיך געלערנט און אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס ער לערנט און עס איז אים געווען אַ שאָד פון דאָרט אַוועקצופאָרן.

פון דעסטוועגן האָט ער שוין געגאַרט די מינוט, צו דערזען זיין היים, ווייל נישט נאָר האָט זיך אים שוין געבענקט נאָך׳ן טאַטן און דער מאַמע׳ן, נאָך די קוזינקעס, די ברידערלעך און די חברים, נאָר עס האָט אים אויך געצויגן צו זען טאַקע וואָס גיכער זיין געבורטס־שטעטל באַראַנאָוויטש, אַלט־באַראַנאָוויטש, די סטאַנציע ביי־באַראַ־נאָוויטש... אים האָט זיך שוין געוואָלט זען די פעלדער, די וועלדער, זיין מאַמע׳ס צוויי בייטנדיגן גאָרטן, די קלעצער הינטער זייער שטוב, אין וועלכע ער האָט ליב אַריינצושניצן מיט זיין טאַטן׳ס מעסערל, אויך האָט אים שטאַרק געצויגן צו זען וואָס גיכער דעם באַראַנאָוויטשער מאַרק מיט ווינער דעם פעלדשער׳ס גרויסע מויער, דאָס איינציגע ציגל־הויז אין באַראַנאָוויטש, וואָס שטייט זיך איינער אַליין אין מיטן מאַרק ווי אַ גאַנצער פּריץ און פון וואַנען עס לויפט אַלע ווילע אַרויס רייצקע, פון וועמען ער האָט זיך אָפּט פאַרטראַכט אפילו אין מיטן פון זיין לערנען. ער האָט טאַקי גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מען טאָר נישט טראַכטן פון אַזעלכע זאַכן אין מיטן לערנען, אָבער וואָס האָט ער געקענט העלפן, אַז רייצקע׳ס רויטער קאָפּ האָר איז פאַר אים פאָרט אַלע ווילע אַרויף־געקראָכן אויף די שורות פון׳ם חומש...

— — — — — — — — — — —

עס איז שוין געווען דער לעצטער טאָג פּסח, ווי ער איז אין זיין היים, באַלד־באַלד און ער דאַרף צוריק־פאָרן אין וואָרשע זיך ווייטער לערנען — און דאָ קריכן אים אין קאָפּ אַזעלכע מאָדנע טראַכטענישן, קלערט ישראליק׳ל אַרומשפּאַצירנדיג אַהין און צוריק אויף די טראָ־טוארן פון אַרום דעם באַראַנאָוויטשער מאַרק, וואַרפנדיג זיינע בליקן צו ווינער׳ס מויער.

רייצקע׳ס מאַמע האָט געשריגן אויף רייצקע׳ן, אַז כאָטש יאַנקל דעם שוסטער׳ס אינגלעך האָבן גוטע קעפּלעך צום לערנען, דאַרף זי, אַ פעלדשער׳ס טעכטערל, זיך נישט חבר׳ן מיט אַ שוסטער׳ס אַ אינגל. עס פעלט איר נאָך, אַז מיכלע די שוסטערקע זאָל ווערן איר מחותנת׳טע...

— מיט וואָס איז ווינער דער פעלדשער מער יחסן פון זיין טאַטן ? — קען ישראליק׳ל נישט פאַרשטיין. ער דערמאָנט זיך, אַז דאַמאָלס ווען מען האָט געמיינט, אַז אין באַראַנאָוויטש קומט אָן אַ פּאָגראָם, האָבן זיך אַלע אידן באַהאַלטן אין די קעלערס, סיי זיין טאַטע און סיי ווינער. מען האָט דאָך געוואָלט שלאָגן אַלעמען, אַלע אידן גלייך, דעם שוסטער און דעם פעלדשער, טאָ וואָס יחסן׳ט זיך אַזוי רייצקע׳ס מאַמע געגן זיין מאַמע ?...

האַלטנדיק זיין האַנט אין קעשענע צוקנאַקט ער דאָרט איינע־ווייניק פּאָר כעס מיט זיין פויסט אַ וועלשענע נוס און פאָרט צוריק אין וואַרשע, זיך נישט זעגנענדיק מיט רייצקע'ן.

— — — — — — — — — — —

אַ פּאָר זמנים גייען אַוועק און ווידער גיט זיך ישראליקל'ס יונג לעבן אַ שטאַרקן טרייסל. אין אַ געוויסן פאַר־נאַכט גייענדיק מיט אַ חבר פון דער ישיבה איבער איינער פון די וואַרשעווער גאַסן, באַפאַלט זיי פּלוצים אַ ווילדער שייגעץ און טרעפנדיק דעם חבר מיט אַ שטיין, לויפט ער זיי נאָך שרייענדיק „זשיד פּארכאטי!" און וואָס מער זיי זיינען אַנטלאָפן, אַלץ שטאַרקער האָט יענער געשריגן.

אַ ביסל שפּעטער אַרומשפּאַנענדיק איבער דער מומע'ס שטוב, האָט ישראליק'ל בייסנדיק מיט כעס זיינע אייגענע פינגער כסדר געמורמלט: „פאַרוואָס בין איך אַנטלאָפן? פאַרוואָס האָב איך נישט צוריקגעשלאָגן? פאַר־וואָס האָב איך געלאָזט שרייען „זשיד פּארכאטי"? איך האָב דאָך אַלע מאָל געטראַכט, אַז ווען איך וועל ווערען אַ גרויסער, וועל איך מיך נישט באַהאַלטן אין קיין קעלער, נאָר צוריק־שלאָגן — און איצט בין איך דאָך שוין אַ גרויסער, איך בין שוין געוואָרן בר־מצוה, טאָ פאַר־וואָס־זשע בין איך אַנטלאָפן, פאַר־וואָס?"

די מומע איז אַריין אין שטוב און איבערגעשלאָגן זיינע כעס'דיגע געדאַנקען מיט אַ בריוו פון דער מאַמע.

זיין מאַמע שרייבט, אַז זיין עלטערער ברודער ראובל'ע, וואָס די מאַמע טענה'ט אַלע מאָל מיט אַ טרער, אַז ער איז נעביך פאַרוואָרפן געוואָרן אַזש אין דער כף־הקלע'דיגער אמעריקע, האָט שוין ווידער געשיקט געלד אַהיים. שיקט זי דאָ פון דעם געלד אויך אים אין וואַרשע אַ פּאָר רובל און שיקט אויך דאָ צו זיין ברודער'ס בריוול.

לייענט ישראליק זיין ברודער'ס בריוו און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ פּאָר ווערטער, וועלכע ער לייענט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

זיין ברודער שרייבט, אַז אין אַמעריקע זיינען אַלע מענשן גלייך, אין אַמעריקע זיינען נישטאָ קיין יחסנים און אין אַמעריקע שלאָגט מען נישט קיין אידן.

לייענט ישראליק די טייערע ווערטער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל און אָט די ווערטער, האָט ער שפּעטער געזאָגט צו זיין ברודער, האָבן אים געבראַכט אין אַמעריקע.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

גרויס און באַרימט איז דער אַמעריקאַנער אינזשיניר יודזשין זאַלאָט. ער בויעט שיפן, אייזענבאַנען, בריקן, קאַנאַלן, ער בויעט און

פלאַנט, פלאַנט מאָדערנע אידעען און בויעט נייע וועגן, אַ נייע וועלט, אַ וועלט פון בויען, בויען און בויען.

און פלוצלינג צווישן קלאַפּן און קלינגען, פון פלאַנען און בויען, קלינגט אַריין אין זאַלאַט׳ס אויער דער אַלטער „שמע ישראל״...

ווידער אידן אין די קעלערס, ווידער שלאָגט מען אידן!...

פון דעם אויסגעוואַקסענעם אַמעריקאַנער באַרימטן אינזשיניר יודזשין זאַלאַט הויבט זיך אַן אַרויסרוקן דער אינגעלע ישראליק׳ל זאַלאַטקאָווסקי פון פוילן, יאַנקל דעם שוסטער׳ס זיהנדל. אין זיין קאָפּ און האַרץ קומט ווידער זיין אַלטע נישט־פאַרענפערטע פראַגע: „מאַמע, פאַר־וואָס שלאָגט מען אידן?״...

— אַז דו וועסט גרויס ווערן, וועסט דו אַליין וויסן! — קלינגט אָפּ אין זיינע אויערן זיין מאַמע׳ס נישט־באַשטימטער ענפער.

ער איז גרויס, באַרימט, אפילו פאַר׳גוי׳שט געוואָרן און ער ווייסט נאָך אַלץ נישט פאַר־וואָס. ער דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל אין זיין פריעסטער קינדהייט האָט ער אַליין אַן ענפער אויסגע׳חלומ׳ט. דאַמאָלס ווען ער האָט מיט זיין טאַטנ׳ס מעסערל אין די קלעצער פייגעלעך געשניצט, דאַמאָלס האָט ער געפונען דעם ענפער, אַז ער וועט אַמאָל פליען הויך־הויך און אַרונטער־וואַרפן שטיינער אויף די, וואָס שלאָגן אידן און ביי פילע „שמע ישראל׳ס״ האָט ער זיך אַליין פאַרשפּראָכן, צוריק צו שלאָגן — און דאָך איז ער אַלע מאָל אַנטלאָפן.

אָבער נישט מעהר אַנטלויפן, נישט מעהר! — שרייט יודזשין זאַלאַט׳ס יעדער גליד. צוריק־שלאָגן איז די איינציגע רעטונג, „צוריק־שלאָגן״ שעפּטשען זיינע ליפּן און עס ביילט זיך זיין פויסט, און אין זיינע אויערן קלינגט אַ געקלאַנג פון אַ דורות׳דיגן „שמע ישראל״. און דאָס מאָל, אין דעם דור פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט שרייט דער „שמע ישראל״ אַרויס פון אַלע הויכקייטן און פון אַלע טיפענישן, „שמע ישראל״ האָבן געשריגן די הימלען, ווען די פלאַמען פון די קרעמאַ־טאָריעס האָבן צו זיי דערגרייכט. „שמע ישראל״ האָט געשריגן די ערד, ווען זי איז געוואָרן פאַרזייט און געאַקערט מיט אידיש פלייש און בלוט.

מיט אַ „שמע ישראל״ זיינען די פויגלען דערשראָקן פון זייערע נעסטן צופלויגן און האָבן זיך געלאָזט פליען צו די הימלען נאָך הילף. זייערע טרויעריגע טרעלן האָבן צוטראָגן דעם עכאָ פון דעם אייביגן „שמע ישראל״ צו די אויערן פון נאָנט און פון ווייט. און צוריק־געקומען זיינען די פויגלען צו זייערע שטעט און שטעטלעך אין דער באַגלייטונג פון שטאָלענע און אייזערנע פליגלען, וואָס האָבן געשוועבט אונטער די וואָלקנס ווי גרויסע ריזיגע אָדלערס און האָבן דורך צאָרן

געדונערט פון זיך מיט וואולקאַנען פייער, כדי צו פאַרניכטן די פאַר־ניכטער פון דער וועלט.

אַ ווילדער שדים־טאַנץ האָט געבושעוועט אונטער דעם צודעק פון די הימלען, אײַזן געגן אײַזן, שטאָל געגן שטאָל האָט געגליט און געצונדן, נקמה־פויגלען ווי ווייסע אָדלערס און שוואַרצע קראָען האָבן געריסן, געביסן, געוויקלט אײנער דעם צווייטן מיט פייער און פלאַם.

איין ריזיגער אײַזערנער אָדלער, אויף וועמעס פליגלען עס זײַנען געווען אויסגעקריצט די בוכשטאַבן י. ז. און נעבן די בוכשטאַבן זײַנען געווען אויסגעקריצט די אויסצייכענונגס־קרייצן פון פילע פילע אַרונ־טערגעוואָרפענע נאַצי־עראָפּלאַנען, איז מיט צאָרן און רציחה מער פון אַלע אַנדערע אָדלערס כסדר ווידער און ווידער געפלויגן אין פייער און פלאַמען, העלדיש געצונדן די שוואַרצע קראָען, געוואָרפן פון זיך פייער אין פאַרניכטונג אויף רעכטס און לינקס, אין דער הויך און אין דער נידער.

אָט איז ער פאַרשוואונדן אין שוואַרצן רויך און רויטן צונטער און אָט האָט ער זיך ווידער אַרויסגערוקט פון אונטער די וואָלקנס צום נײַעם קאַמפּף און איז ער אויף אַ ווײַלע געבליבן אויסגעשעפּט פון כחות, האָט ער נאָר געדאַרפט געבן איין בליק אונטן אין דער נידער און באַלד האָט ער צוריק־באַקומען נײַע כחות פאַר קאַמפּף און פאַרניכטונג.

די אַנדערע פליענדע אָדלערס האָבן זיך געפילט שטאַרקער און מוטיגער יעדעס מאָל, ווען צווישען זיי איז געפלויגן דער אָדלער־עראָפּלאַן מיט די בוכשטאַבן י. ז. פונ'ם אַמעריקאַנער סוקסעספולן אינזשעניר יודזשין זאַלאַט. ער איז געזעסן ביי דעם ראַד פון זײַן אַליין אויסגעבויטן אָדלער־עראָפּלאַן און האָט ריזיג העלדיש געפלאַטערט מיט זײַנע פליגלען.

די חברים פליערס האָבן שוין געוואוסט, אַז יעדעס מאָל, ווען זייער העלדישער חבר קומט צו דעם שטיקל הימל, וואו זיי געפינען זיך איצט, ווערט ער ווילד פון רציחה און אַנגעפילט מיט נקמה־קאַמפּף.

שוועבט יודזשין זאַלאַט ווי אַ געטרייער שומר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אַהין און צוריק אונטער דעם שטיקל הימל צווישן וואַרשע און באַראַנאָוויטש, פאַרשטעלנדיג מיט זײַנע אָדלער־פליגלען דעם וועג פונ'ם שונא, קוקט ער דורך זײַן פאַרגרעסערונג־גלאָז מיט בענק־שאַפט אַרונטער צו דער נידערקייט, זוכט דאָרט באַקאַנטקייט, עראַינע־רונגען, זוכט גרינעם גראָז און שוואַרצע ערד, אָבער נישט גרין און נישט שוואַרץ איז דאָרט די ערד, נאָר רויט. אין קוואַלן פון רויטקייט קייקלט זיך דאָרט די ערד!...

אויף די בלויע וואָלקנס פורעמען זיך פּאַר יודזשין זאָלאָט׳ס אויגן בלוט־רויטע ציפערן אָן צאָל און אָן מאָס, ציפערן, וואָס שטשימעט דאָס האַרץ און שווינדלט דעם מוח.

צענדליגער טויזנטער מאַמעס און קינדער האָבן די שונאים אויסגעקוילעט דאָ אונטן אין באַראַנאָוויטש. הונדערטער טויזנטער טאַטעס און זיהן האָבן די נאַציס געברענט און געבראָטן, געמאַכט זייף פון זייערע קערפּערס דאָ אונטען אין וואַרשע. — און עס צינדט זיך ווידער און ווידער דער מאַרך פונם אַמעריקאַנער פליער מיט כעס און נקמה. זיינע אָדלער־פליגלען צושפּרייטן זיך שטאַרקער, זיין האַנט דריקט אַלץ פעסטער און פעסטער דעם עלעקטרישן קנאָפּ, וואָס וואַרפט פון זיך פייער נאָך פייער, פאַרניכטונג נאָך פאַרניכטונג.

אויס זאָל ווערן מיט דער וועלט! — שרייט עס אַרויס אין אים — אויס! מען דאַרף נישט אַזאַ וועלט, מען דאַרף נישט!...

מיט טרויער פילט ער, אַז ער אַליין איז שוין געוואָרן ווי אַ ווילדע חיה, אים דאַכט זיך, אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן צו דעם באַגריף מענש, ווייל עס ציט אים איצט נאָר צו איין ציל, צו דרייען דעם שרויף פון צושטערונג און פאַרניכטונג...

מיט צאָרן און טרויער לייגט ער ווידער און ווידער אַמאָל זיין האַנט אויף׳ן שרויף פון פלאַם און פייער — און פלוצלינג דאַכט זיך אים, אַז ער זעט אונטער די וואָלקנס פליען אַ קליין ברוין פייגעלע. ער כאַפּט שנעל אַוועק זיין האַנט פון דעם פייערדיגן קנאָפּ, נישט אומצוברענגען אָן אומשולדיקן נפש׳ל.

דער העלדישער פליער קוקט שטאַרק נאָך אין דער ריכטונג צו דער פליענדער פייגעלע, וועלכעס זעט אים אויס אַזוי באַקאַנט, אַזוי נאָענט. עס דאַכט זיך אים, אַז פונקט אַזאַ פייגעלע האָט ער שוין ערגיץ געזען.

עס איז געווען אַמאָל, אין דעם ווייטן־ווייטן אַמאָל, וואָס איז דאַכט זיך ערשט נעכטן געווען...

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס פייגעלע איז געשטאַנען אויף אַ ברעג פון אַ קלאָץ, נעבן וועלכען עס איז געזעסן אַ קליין פינף־יאָריג אינגעלע און מיט זיין טאַטענ׳ס מעסערל געוואָלט אויסשניצן פונקט אַזאַ פייגעלע — און אַ קול האָט זיך צו אים דאַן געטראָגן, אַזאַ נאָענט באַקאַנט קול, וואָס האָט גערופן „ישראליקל, ישראליקל!״...

— מאַמע, מאַמע! — שעפּטשן יודזשין׳ס ליפּן און עס רינט אַ טרער נאָך אַ טרער. זיינע אויגן קוקן אַרונטער און ער דערקענט: אָט איז באַראַנאָוויטש, אָט איז דער מאַרק, אַ דאָרט איז געשטאַנען ווינער

דעם פעלדשער׳ס מויער. זיין קינדער־ליבע רייצקע... נישטאָ מער, נישטאָ! נאָר חורבות, חורבות, צובראָכענע ציגל ליגן דאָ. ער קוקט שטאַרקער אַרונטער. אָ, דאָרטן, דאָרטן איז דער פּלאַץ, וואו עס זיינען געלעגן די קלעצער, אויף וועלכע ער האָט די פייגעלעך געשניצט, מיט חברים׳לעך זיך געשפּילט און אָט־אָט איז, דאַכט זיך, דער צובראָכענער דאַך פון זיין היים. אָט דאָ, דאָ איז עס!...

און ווידער קלינגט אין יודזשינ׳ס אויערן דער מאַמעס קול: „ישראליקל, ישראליק!"

— מאַמע, מאַמע! — שעפּטשן די מיט טרערן באַגאָסענע ליפּן פון דעם העלדישן פליער.

נישטאָ מער קיין טאַטעס, קיין מאַמעס, קיין ברידער! — נישטאָ מער קיינער, נאָר בלוט, בלוט, רויטע פאַסן בלוט!...

פאַר־וואָס האָבן זיי נישט צוריק־געשלאָגן, פאַר־וואָס? — דונערט זיין קול אין די וואָלקנס און זיין האַנט דריקט שטאַרקער דעם שרויף פון די באָמבעס.

און פון טיפן באַראַנאָוויטשער וואַלד רייסן זיך אויגן צום הימל און מיט פרייד רופט אויס איינער:

— זעט חברים פּאַרטיזאַנער, אָט איז אַן אַמעריקאַנער עראָ־פּלאַן! ער באַשיצט אונזער הימל פון שונא!

און עס רייסן זיך שטאַרקער די בליקן צום הימל און ריידן אַן ווערטער:

— אפשר, אפשר איז דאָרט אין דער הויך מיינער אַ ברודער פון אַמעריקע!... ווינטן און וואָלקנס! נעמט מיין גרוס צו דעם עראָ־פּלאַן. זאָגט אַן, אַז איך בין משה׳קע, יאַנקל דעם שוסטער׳ס אינגסטער זוהן, דער איינציגער לעבן־געבליבענער פון אונזער הויז! איך לאָז זיך נישט דער׳הרג׳נען! איך שלאָג צוריק!... איך נעם נקמה פאַר אונזערע ברידער, פאַר אונזער טאַטע, פאַר אונזער מאַמע!...

— — — — — — — — — — — —

— נקמה, נקמה! — סוד׳ן זיך די רויט־באַשפּריצטע בלעטער אין וואַלד.

„נקמה פאַר אַלע ברידער און שוועסטער, פאַר טאַטעס און מאַמעס! — שטורמען די רויט־באַשפּריצטע וואָלקנס אין הימל...

# די לבנה האָט געשמייכלט



## ראָמאַנס

דעכצן יאָר אַלט איז רבקה׳לע געווען, ווען זי איז אָנגעקומען אין אַמעריקע צו שוועסטער און ברידער. אין איר גאַנצער קינדהייט האָט זי געדורשט נאָך בילדונג, נאָך לערנען און וויסן, האָט געוואָלט גיין אין סקולס, איז קאַלעדזשעס, כדי עפּעס צו ווערן, עפּעס צו דער־גרייכן. אָבער אין דער אַלטער הייט זיינען די טויערן פון בילדונג פאַר איר געווען פאַרשלאָסן. דערפאַר האָט זי געהאָפט, אַז דאָ אין אַמעריקע, וואו די טויערן פון בילדונג זיינען פאַר אַלעמען פריי און אָפן, וועט זי מיט אַ ביסל מאַטעריעלער הילף פון אירע שוועסטער און ברידער געפינען אַ מעגליכקייט, צו דערגרייכן איר ציל.

האָט אָבער די משפחה באַלד ביי רבקה׳לעס ערשטע וואָך זיין ביי זיי געגומען זי „אויסגרינען" — און דאָס ערשטע ענגלישע וואָרט, וואָס מען האָט זי אויסגעלערנט, איז געווען „העלפּ־יור־סעלף!"...

און מען האָט איר דאָס באַלד פאַרטייטשט אויף „פּליין מאַמע־לשון", אַז אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין פריינט און קיין משפחה, נאָר בלויז איין פריינט איז דאָ פאַראַנען, וועלכער הייסט „דאָלאר" — און פאַר דעם פריינט דאַרף יונג און אַלט אַליין אַרבייטן, ווייל קיינער העלפט דאָ נישט!...

אַזוי ווי רבקה׳לע איז אָבער פון קינדוויז אָן געווען געוואוינט צו נויט און קאַמף, האָבן דער משפחה׳ס „אויסגרינונגס־מעטאָדען" אויף איר ווייניג געווירקט — און זי האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן צו סקולס, צו לאַיבערעריס, צו מוזיק און צו ליטעראַרישע קלאָבס.

האָבן אָבער די מאַטעריעלע אומשטענדן זי צום שאָפּ געטריבן

און עס פלעגן אין איר אָפט קעמפן געפילן געגן מאָגן. דאָס האַרץ, די נשמה, האָט זי צו גייסטיגקייט געצויגן און דער מאָגן האָט זי געשלעפּט אין שאָפּ אַריין — און ווי געוויינליך האָט דער מאָגן געזיגט.

מיט דער טרוימערישער נשמה אירער איז רבקה׳לע געוואָרן אַ מאַשין צווישן מאַשינען, דאָס האָט אָבער נישט געשטערט אין אַ קינסטלער זיך צו פאַרליבן.

סאַשאַ סאָנשיין האָט איר אידעאַליזירטער געליבטער געהייסן — און אַלע הימלישע מעלות האָט איר ליבע אים צוגערעכנט. ער איז געווען שלאַנק און שיין און אין רבקה׳לעס פאַרליבטע אויגן איז ער געווען שלאַנקער ווי שלאַנק און שענער ווי שיין.

סאַשאַ איז געווען אַ בינע־קינסטלער, און כאָטש רבקה׳לע איז געווען אינטעליגענט גענוג, צו וויסן, אַז די פערלדיגע ווערטער, וואָס איר העלדישער געליבטער רעדט אַרונטער פון דער בינע, זאָגט מען אים אונטער פון אַ קליין בודקעלע, און יענער וואָס זיצט אין דער בודקעלע, לייענט דאָס אַרויס פון אַ בוך, אויף וועלכען אַן אַנדערער קינסטלער, אַ שרייבער, האָט זיך דעם קאָפּ געבראָכן, דאָס אויפצושרייבן. דאָך זיצנדיג אין טעאַטער, פאַרגעסט רבקה׳לע דעם אמת׳דיגן פאַקט. זי זעט און הערט נאָר, אַז ער, איר ליבסטער, רעדט דאָס אַרויס אָט יענע גאָלדענע ווערטער, דורך וועלכע ער נעמט זיך אָן פאַר אַלע ליידענדע און אָרימע, פאַר אַלע פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע, און עס וואַקסט פאַר אים איר ליבע ביז „פאַרגעטערונג״...

ליבע איז פאַר רבקה׳לען אַ הייליגקייט, און דער געליבטער — אַ „גאָט״! שאַפט זי זיך אַן אייגענע אמונה, ווי אַזוי איר גאָט צו דינען. און ווען עס דאַכט זיך איר, אַז פאַר זיין קינסטלערישן שפּילן, פאַר די פערלדיגע טייערע ווערטער, וואָס קומען אַרויס פון זיין מויל, זייַנען די אַפּלאָדיסמענטן וואָס ער קריגט, נישט גוט גענוג, פאַרספּענדט זי אירע גאַנצע פאַרדינסטן, צו קויפן טיקעטס פאַר אירע שאָפּ־חבר׳טעס, זיי זאָלן איר העלפן אַפּלאָדירן דעם העלד פון אירע חלומות, כדי צו העלפן אים ווערן אַלץ גרעסער, אַלץ באַרימטער...

זי טוט דאָס אָבער אַזוי שטיל, אַזוי באַשיידן, אַז ער — איר „גאָט״ — זאָל זיך אפילו נישט דערוויסן פון דעם.

און מאַכט פאַר זיך איר געליבטער אַ טעאַטער־יום־טוב, אַן „ערן־אָוועגט״, אויסצוגעפינען וויפיל פריינט ער האָט זיך ערוואָרבן, ווערט דאָס פאַר דער פאַרליבטער רבקה׳לען נישט בלויז איר יום־טוב, נאָר אַ יום־טוב פאַר דער גאַנצער וועלט!...

זי לויפט אַרום צווישן פריינט און באַקאַנטע, צווישן שעפּער און סאָסייעטיס, צו אַדווערטייזן דעם גרויסן יום־טוב — און דאָס

אַלעס איז איר וויניג. באַלאַנגט זי נאָך צו פאַרשידענע ליטעראַרישע קלאַבס, נוצט זי דאָרט אויס איר גאַנצע קראַפט, צו איבערצייגן די מעמבערס, אַז עס איז גאָר זייער יום־טוב, און זי ברענגט דאָן מיט זיך אַלע קלאַבס אין טעאַטער אַריין, ווייל מען מוז זען, אַז ער האָט אַ סך פאַרעהרערס, וועט דאָס אים העלפן ווערן גרעסער און באַרימטער...

און ער, ווען ער דערזעט זי, בעט ער, זי זאָל קומען צו זיין יעדער פאָרשטעלונג. ער האָט, זאָגט ער, מער אינספּיראַציע צום שפּילן, ווען ער דערזעט אין דער ערשטער רייע אָדער אין אַ באָקס אַ מענש אַן אינטעליגענטן, וואָס פאַרשטייט זיין שפּילן...

דינט רבקה׳לע ווייטער צו איר גאָט און פאָלגט אויס זיין יעדן וואונש און יעדן פאַרלאַנג. קומט זי צו זיין יעדן אויפטריט, זעצט זיך אַוועק אין דער ערשטער רייע אָדער אין אַ באָקס, כדי אירע פאַרליבטע אויגן זאָלן אים די ריכטיגע אינספּיראַציע געבן — און באַלד ווי ער דערזעט זי און פאַנגט אָן וואַרפן זיינע בליקן צו איר, דאַכט זיך איר, אַז אין די אַלע ליבע־סצענעס, וואָס ער שפּילט אויף דער בינע, מיינט ער נישט די אַקטריסע, מיט וועלכער ער שפּילט, נאָר גאָר זי...

זי קען אָבער קיינמאָל לאַנג נישט אויסהאַלטן דעם דורכדרינגענדן בליק פון זיינע גרויסע טיפע אויגן. זי ווערט אונטער זיין בליק שוואַך, פאַרלוירן און פילט זיך אין גאַנצן ווי אונטער אַ היפּנאָטיזם. לאָזט זי באַלד אַראָפּ אירע אויגן־דעקלעך און מיט פאַרמאַכטע אויגן זעט זי און פילט, ווי ער צערטלט זי מיט זיין שמייכל און לאַשטשעט זי מיט זיינע בליקן. און ווען זי גיט צוריק אַן עפן אירע אויגן און וואַרפט אַ בליק אויף דער סצענע, דערזעט זי פּלוצים, ווי ער האַלט אַרומגענומען און קושט שטאַרק די מיטשפּילערין זיינע, פאַרגעסט רבקה׳לע אין אַזאַ מאָמענט, אַז עס איז „טעאַטער"... זי ווייסט בלויז, אַז איר געליבטער קושט אַן אַנדערע. פליט זי אַרויס פון טעאַטער, פאַרברענט פון אייפער־זוכט — און לויפט אין דער פינסטערער נאַכט, נישט־וויסנדיג, וואו־אַהין זי לויפט. אירע געדאַנקען קען זי נישט צוזאַמען־נעמען, נאָר די פיס לויפן. זי מיינט, אַז זי איז שוין זעהר ווייט אַנטלאָפן, אָבער זי כאַפּט זיך, אַז זי איז נאָך אַלץ אין דער גאַס, וואו דער טעאַטער געפינט זיך. זי איז נאָר אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק.

דערווייל יאָגט זי אָן דעם געליבטן׳ס מאַשין, אויף וועלכן זי האָט אומבאַוואוסטזיניג געוואַרט. ער פאָרט צו זיך אַהיים — און אַזוי ווי איר היים איז אויפ׳ן זעלבן וועג, וויל ער זי צופירן מיט דער מאַשין, ווי ער טוט דאָס אָפט. אויפ׳ן וועג פאָרנדיג, באַקלאָגט ער זיך פאַר איר אויפ׳ן ביטערן מזל פונ׳ם אקטיאָר, וואָס ער מוז נעביך

אָפּטמאָל קושן די מיטשפּילערין אויף דער בינע אָן אַ ברעקל געפיל... אָבער מען מוז, ווייל מען קריגט דערפאַר באַצאָלט, ווערנד די, וואָס מען וויל אויף אָן אמת קושן, וואָגט מען נישט.

רבקה׳לע פאַרשטייט, אַז דאָס איז אַזאַ סאָרט פאַרענטפערן זיך פאַר זיינע הייסע קושן אויף דער בינע און גלייכצייטיג דאַכט זיך איר, אַז דאָס איז אויך אַ באַהאַלטענע ליבעס־ערקלערונג צו איר — און מיט אַ זיסן ציטער, וועלכער גייט דורך איבער איר לייב ווי א פרילינג־ווינטל, שפּרינגט זי אַרויס שעמעוודיק פון זיין קאַר און אירע פערלדיגע ציינדלעך קלאַפּן זיך אין איר מויל, ווען זי זאָגט אים אַ „גוד נאַיט״ !...

דורך בענקנדע חלומות בייטן זיך דערוויל טעג אויף וואָכן און וואָכן אויף חדשים. רבקה׳לע האָט זיך ווי אַ צייטיגע רויז פאַנאַנדער־געבליט. מענערשע בליקן פאַנגען זי אָן פאַרפאַלגן, מענערשע ליפּן ציען זיך צו איר, אָבער רבקה׳לע האַלט אירע ליפּן פאַרשלאָסן, ווייל נאָר פאַר אים, פאַר׳ן גאָט פון אירע טרוימען, האַלט זי איר ערשטן קוש.

ווי אַ בלום בענקט נאָך טוי, אַזוי בענקט רבקה׳לע נאָך איר געליבטען׳ס אַ קוש, גאַרט זיך צו שפּיגלען אין זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן, וועלכע פלעגן קוקנדיג אויף איר ווערן אין די ווינקלען רויט און מאַכן אויפציטערן איר גאַנצן וועזן, נאָר אירע מאָראַלישע פּרינציפּן און שטאָלצער כאַראַקטער האַלט איר גרויסע ליבע באַהאַלטן אין איר האַרץ.

אָבער כאָטש רבקה׳לע באַהאַלט אירע געפילן בסוד סודות, פילט און ווייסט דער ערפאַרענער סאַשאַ סאַנשיין, וואָס עס טוט זיך ביי דער שיינער רבקה׳לע אין האַרצן. און כאָטש ביי סאַשאַ סאַנשיין איז אַ ליבע נישט קיין גרויסע נייעס, איז די נאַיווע רבקה׳לע געווען פאַר אים גאָר עפּיס אַנדערש. זי איז נישט געווען ווי די אַלע אַנדערע, וואָס ער האָט געקענט ביז איר. אַזאַ סאַמעט־גלאַט ראָזעווע פנים מיט חן־גריבעלעך אין די באַקן און אַזאַ אַלאַבאַסטער־ווייסן האַלז האָט ער נאָך ביז דאַן נישט געזען. אירע גרויסע פאַרליבטע אויגן האָבן געהאַט אין זיך עפּיס אַ מין רעגנבויגן־קאָליר — און אַנשטעלנדיג אויף אים אירע שמייכלענדע אויגן, האָט זיך געדאַכט, אַז אָט זיינען זיי ברוין, אָט גרוי און אָט גאָר בלאָה. עס האָט זיך נאָר געוועגדט, ווי אַזוי ער האָט צו איר געשמייכלט.

דעם ערשטן קאָמפּלימענט, וואָס ער האָט איר געמאַכט, איז געווען, אַז זי איז ווי אַ „היימיש געקאָכטער סטעיק״, נישט אַזאַ ווי ער עסט אפילו אין בעסטן רעסטאָראַן, נאָר אַזאַ ווי זיין מאַמע קאָכט פאַר אים . . . אָט דעם קאָמפּלימענט פון פאַרגלייכן זי צו דער מאַמע׳ס

אַ סטעיק, איז געווען פאַר רבקה׳לעס אויער עפּיס האמעטנע, נאָר וויסנדיג, אַז ער האָט זעהר ליב זיין מאַמע, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף מיינען עפּיס גוטעס, האָט זי אים געפרעגט: „וואָס פאַר אַ משל בין איך מיט׳ן קאָכן פון אַ רעסטאָראַן אָדער פון אייער מאַמע?״

— פאַרשטייט איר מיך — האָט ער איר אָנגעפאַנגען דערקלערן — אין אַ רעסטאָראַן אַז מען דערלאַנגט אייך אַ שטיקל פלייש, איז עס באַפּוצט מיט פאַרשידענע צאַצקעס, מיט שמעקעדיגע רויטע, געלע און גרינע גראָזן, אָבער דער סטעיק אַליין איז... — און ער האָט אַ קרום געטאָן מיט דער נאָז — אָבער אַז מיין מאַמע קאָכט אָפּ פאַר מיר אַ שטיקל פלייש, איז נישטאָ אויף׳ן טעלער קיינע קונצן, נישט קיין געלע, נישט קיין רויטע און נישט קיין גרינע גראָזן, אָבער דאָס שטיקל פלייש איז טעם גן־עדן, ריין, פריש און געזונד... דער משל געגן אייך איז, אַז די אַלע מיידלעך, וואָס איך קען, זיינען זייערע פנים׳ער באַשמירט מיט פאַרשידענע פּאודערס און פּעינטס, אַזוי אַז זיי גלאַנצן אַזש, פונקט ווי דעם רעסטאָראַן׳ס סטעיק. און איין גאָט ווייסט, וואָס איך וואָלט דערזען, ווען זיי נעמען אַראָפּ די אַלע שמיר־עכצער, אָבער איר זייט אין גאַנצן ווי מיין מאַמע׳ס סטעיק! — האָט ער פאַרענדיגט, אַריינגעמענדיג זיין צונג אינ׳ם ווינקל פון זיין מויל, אַזוי אַז זיין באַק האָט אויסגעקוקט ווי אָנגעשוואָלן פון צאָן־ווייטאָג.

דאָס איז געווען ביי אים אַזאַ חנ׳דעלע, ווען ער פלעגט זיך פון עפּיס פאַרטראַכטן אָדער זאָגן אַ חכמה. אָט דאָס חנ׳דעלע זיינס פלעגן אים פילע פּרובירן נאָכמאַכן, נאָר קיינעם איז נישט געלונגען, צו מאַכן דאָס אַזוי קונציג ווי ער האָט דאָס געמאַכט.

אָבער רבקה׳לע פלעגט זיך אונטער דעם חנ׳דעלע זיינעם אַ ביסל פאַרלירן. פאַר איר האָט דאָס געמיינט עפּיס אַ מין פלוירט. פלעגט זי באַלד פאַרשעמט אַראָפּלאָזן די אויגן. סאַשאַ פלעגט אויך פון אירע שעמעוודיגע אויגן ווערן אַ ביסל צוטומלט און אַ טראַכט טוענדיג, אַז זי איז נאָך גאָר אַ קינד און דאַרף זיך נאָך אַ ביסל אויס־האָדעווען, האָט ער באַלד פאַרקירעוועט דאָס געשפּרעך צו אַלגעמיינעם. ער האָט געפונען אינטערעס, צו ריידן מיט איר וועגן אַלעס און אַלעמען, ווייל חוץ איר שיינקייט איז זי אויך געווען קלוג און אינטערעסאַנט. דאָס פלעגט ער איר אָפּט אַליין זאָגן מיט ווערטער און צערטליכע בליקן.

און ווען רבקה׳לע האָט גענומען גלויבן, אַז סאַשאַ האָט זי טאַקע ליב, האָט זי מיט אַ נייעם מוט שטאַרקער געהאָפט, געבענקט און געלאָזט איר מיידלשע פאַנטאַזיע אויסשפּינען צויבער־שלעסער, וואו זי וועט אַרומשוועבן מיט איר אויסגע׳חלומ׳טען געליבטן...

הא͏ָט זיך א͏ָבער דער שיקזא͏ַל מיט רבקה׳לען פלוצים א͏ַ ווילדן שפיל געטא͏ָן. אין מיטן פונ׳ם בויען די לופטשלעסער פא͏ַר דער צוקונפט, דערוויסט זי זיך, אז איר אויסדערוויילטער איז א͏ַ פא͏ַרהייראַטער מא͏ַן. זי דערפילט דא͏ָן, ווי דער הימל וואָלט א͏ַראָפּגעפא͏ַלן אויף איר קא͏ָפּ, די ערד זינקט אונטער אירע פיס און די לופט א͏ַרום איר איז א͏ָנגעפילט מיט קראַהא͏ָדן פון א͏ַרויסגעשטעקטע צינגער, וואָס שרייען צו איר: „דיין געליבטער איז פא͏ַרהייראַט, ער איז פא͏ַרהייראַט! ער קען נישט זיין דיינער! ניין, ניין, קענסט אים נישט הא͏ָבן, ער איז פא͏ַרהייראַט!"...

איר וועלט ווערט פוסט, רבקה׳לע די שטילע, די גוטע, ווי ער א͏ַליין פלעגט זי א͏ָפט רופן, וויל בלייבן גוט, לויפט זי אין דער פוסטקייט א͏ַריין, א͏ַבי וואָס וייטער צו א͏ַנטלויפן פון אים, פון דעם פא͏ַר־הייראַטן מא͏ַן. א͏ָבער וואָס וייטער זי א͏ַנטלויפט, א͏ַלץ נענטער איז זי צו אים. זי א͏ַנטלויפט פון דער גא͏ַס, וואו זיין היים געפינט זיך, זי כא͏ַפּט זיך א͏ָבער בא͏ַלד, א͏ַז זיין היים איז גא͏ָר ביי איר אין הארצן. זי א͏ַנטלויפט פון די פלעצער, וואו מען קען אים זען, זעט זי אים א͏ָבער אין יעדער זא͏ַך, אויף וועלכער זי גיט בא͏ָר א͏ַ קוק. זוכט זי וואָס גיכער פטור צו ווערן פון די פייניגענדע טעג און וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער שטילקייט פון דער נא͏ַכט, אפשר וועט זי דא͏ָן געפינען א͏ַ ביסל רוה, אפשר וועט זי זיך רא͏ַטעווען אויף א͏ַ ווײַלע אין דער פא͏ַרגעסענהייט פונ׳ם שלא͏ָף.

און ווען די נא͏ַכט קומט א͏ָן, קייקלט זי זיך אויף איר געלעגער און בעט זיך מיט טרערן ביי א͏ַלע געטער און טייוואָלים, זיי זא͏ָלן איר ברענגען א͏ַ ביסל שלא͏ָף... און ווען דער מלאך פון שלא͏ָף בא͏ַווייזט זיך שוין צו איר, קומט ער אין בא͏ַגלייטונג פון טייוולא͏ַנישע אונטער־פירער אין געשטא͏ַלט פון חלומות. און אין די חלומות צושפרייט זיך ערשט די ליבע אין איר גא͏ַנצער קרא͏ַפט. א͏ָט גלעט דער געליבטער אירע זיידענע הא͏ָר און א͏ָט שפיגלט זי זיך אין די פייערלעך פון זיינע אויגן.

די צורייצטע חלומות וואַרפן זי פון זייט אויף זייט, ביז דער שלא͏ָף א͏ַנטלויפט צוריק אין זיין בא͏ַהעלטעניש — און אין דער שלא͏ָפּ־לא͏ָזיגקייט פון דער נא͏ַכט וואַרפט זיך איר יונגער קערפּער און ברענט דא͏ָס בעט אין בענקענדע פא͏ַרלא͏ַנגען. מיט גרויסע א͏ָפענע אויגן קוקט זי צום פענסטער און וואַרט, א͏ַז דער טא͏ָג זא͏ָל שוין צוריקקומען און זי א͏ַרויסראַטעווען פון דער מאַטערנדער נא͏ַכט.

א͏ָט א͏ַזוי רא͏ַנגלען זיך ביי רבקה׳לען די טעג מיט די נעכט אינ׳ם קא͏ַמף פון איר בענקשא͏ַפט. א͏ָט לויפט זי אויף אים כא͏ַפּן א͏ַ בליק פון דער וויטנס און א͏ַנטלויפט פון אים אויף וואָכן און חדשים.

און ווען סאַשאַ דערזעט, אַז רבקה׳לע אַנטלויפט פון אים, פאַנגט ער אָן איר נאָכצויאָגן. באַהאַלט זי זיך אין טעאַטער ווייט אין דער לעצטער רייע, ער זאָל זי נישט דערזען, זי זאָל נאָר דורך אַ ווייטן בליק שטילן איר בענקשאַפט צו׳ן אים. דערזעט ער זי אָבער, ווי ווייט זי זאָל נישט זיין, ער פאַרטראַכט זיך נישט, אַז זיינע האַנדלונגען קענען שאַטן איר מיידלשער רעפּוטאַציע, נאָר מיט ווערמען ער כאַפּט, שיקט ער צו איר אַרויס צעטעלעך, אויף וועלכע עס זיינען אָנגעשריבן די ווערטער: „לאָ׳מיר זיך טרעפן! לאָ׳מיר זיך באַגעגענען!״

אַנטלויפט רבקה׳לע מיט די צעטעלעך און באַהאַלט זיך צווישן די אומעטיגע ווענט פון איר שאַפע, מיט דער האָפנונג, אַז דאָרט ביי דער שווערער האַרוואַניע ביים שטעפן די פיל־פאַרביגע קליידלעך, וועט זי פאַרגעסן די קאָלירן פון זיינע צעטעלעך...

קומט אָן אַנאַנדער טאָג, רופט דער טעלעפאָן אין איר שאַפּ — און די דראָטן פון דער לופט ברענגען צו רבקה׳לעס אויער די זיסע שטימע פון איר געליבטן, וועלכער בעט זיך ביי איר: „לאָ׳מיר זיך זען, לאָ׳מיר זיך באַגעגענען, לאָ׳מיר זיך דורכריידן!״...

דיזעלבע לופט־דראָטן ברענגען אים דאָן צוריק דעם טיק־טאָק פון איר מיידלשער האַרץ, וועלכעס קלאַפּט אויס די ווערטער: „איר זענט פאַרהייראַט, איר וועט מיך איבערלאָזן און וואָס וועט פון מיר ווערן?״ — אָבער ער שרייט צוריק צו איר הויך: „איך איך איבער־לאָזן? קיינמאָל נישט, קיינמאָל!״

זיינע ווערטער בלייבן אָפט הענגען אויף די דראָטן פון די טעלעפאָן־סלופּעס, ווייל כאָטש אין רבקה׳לעס אויער קלינגט איר געליבטן׳ס שטימע ווי די טענער פון דער זיסעסטער מוזיק, פּרובירט זי צו פאַרהילעכן דעם קלאַנג פון זיין קול אינ׳ם גרילצענדן כאָר פונ׳ם מאַשינען־רויש, כדי אים צו פאַרגעסן...

חתנים, וואָס פאַרשפּרעכן גאָלדענע צוקונפטן, פאַרפאַלגן רבקה׳־לען אויף שריט און טריט, אָבער רבקה׳לע קען נישט פאַרליידן אפילו אַ בליק פון אַן אַנדערן מאַן און עס ציען זיך אירע טעג אין ניגונים פון איינזאַמקייט און בענקשאַפט.

אויף סאַשאַ׳ן ווירקט פאַר אַ ווײַלע רבקה׳לעס שרעק און ער פּרובירט פאַרטויבן זיין צורייצטע בענקשאַפט נאָך איר אינ׳ם געיעג נאָך סוקסעס, אָבער ווען דער סוקסעס קומט צו אים און ער ווערט גרעסער און באַרימטער, קריגט ער צו אַלעמען מער מוט, מער דרייסט־קייט. אים דאַכט זיך דאַן אויס, אַז אום צו קענען געבן דער וועלט זיין קונסט, מוז ער געניסן אַלסדינג, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט און צו וואָס ער האָט אַ רייץ.

זיינע יונגע בלוטן פלאַמן, ברויזן און ער קען זיי נישט באַהערשן. איהם דוכט זיך, אַז נישט ער דער מענש וויל עפּיס, נור דאָס איז דער קינסטלער אין איהם, וואָס פאַרלאַנגט און פאָדערט — און צוליב דער קונסט מעג מען אַלעס, אַלעס...

אין זיינע צורייצט ברענענדיגע פאַרלאַנגן קען ער נישט באַדענקן און טראַכטן, וואָס עס קען פון דער שיינער רבקה׳לעס לעבן ווערן. ער ווייסט נור איינס, אַז ער מוז שטילן זיין צורייצטע בענקשאַפט נאָך איר, ווייל עס שטערט איהם זיין רוה און זיין אַרבעט. און זעענדיג, אַז רבקה׳לע מיידט אים אויס און אַנטלויפט פון אים אויף וואָכן און מאָנאַטן, פאַנגט ער אָן אַלץ שטאַרקער און מערער איר נאָכצויאָגן. און ווען ער זעט, אַז טעלעפאָנס און טעלעגראַמעס העלפן נישט, לויפט ער אַליין אַרום זי זוכן. אין זיין דורשט, צו זען זי וואָס שנעלער, דאַכט זיך אים, אַז די סאָבוויים און טריינס זיינען נישט שנעל גענוג, נעמט ער צו־הילף אַ „מאָטאָר־סאַיקל", אויף וועלכן ער לויפט זי אַרום־זוכן. מאַכט דאָס אים פאַר דער נאַיווער רקבה׳לע אויסזען העלדיש און ראָמאַנטיש.

אין איינעם פון די פרייטאָג פאַר־נאַכטן זיצט רבקה׳לע ביי איר שוועסטער׳ס „בענש־ליכט" און אין די רויט־בלויע פּיערלעך פון די ליכט, זוכט זי איר טויטער מאַמע׳ס נשמה, ביי וועמען זי בעט, אַז זי, די מאַמע, זאָל איר קומען צו הילף און העלפן פאַרגעסן איר געליבטן, זאָל איר העלפן קריגן כח, אים אַרויסצורייסן פון איר נאָגענדען האַרץ.

מיט די עלענבויגנס אויפ׳ן ווייסן שבת־טיש דרעמלט זי דאָן איין און עס חלומ׳ט זיך איר, אַז אַ אינגל פון דער גאַס, טרייסלענדיג מיט שמחה אין זיין הענטל אַ זילבער־שטיקל פאַר זיין גאַנג, זאָגט איר אָן, אַז אימיצער וואַרט פאַר איר אונטן אין גאַס. און ווען זי כאַפּט זיך אויף אין דעם פאַררויכערטן טשאַד פון אָן אויסגעלאָשענעם קנייטל און זי דערזעט דעם אינגל׳ס האַנט אויף איר שולטער, לויפט זי מיט וואונדער זעהן, צי עס איז טאַקי איר גאַנצער חלום מקוים געוואָרן.

ביים סטופ פונ׳ם הויז דערזעט רבקה׳לע דעם גאָט פון אירע חלומות, וועמען זי האָט ציילענדיג די מינוטן אויסגעמיטן גאַנצע זעכצן וואָכן. קיין סך טענה׳ן קענען זיי נישט, ווייל איר שוועסטער קוקט אַרויס דורך׳ן פענסטער צו איר און זיינער אַ פריינט וואַרט אויף אים אינ׳ם „מאָטאָר־סאַיקל". דערפאַר זיינען די ווערטער געכאַפּטע און געציילטע.

"אויף אַ מאָטאָר־סאַיקל איז ער זי אַרומגעלאָפן זוכן!" — גיט זי מיט שטאָלץ אַ טראַכט.

— זעכצן וואָכן, אַז איך האָב אײַך נישט אָנגעזען! — איז זיין ערשט וואָרט.

„ער ווייסט, אַז עס איז פונקט זעכצן וואָכן! הייסט עס, אַז ער ציילט אויך די מינוטן!" — זינגט אין איר אַן אינערליכע פרייד.

— בענקט איר גאָר נישט אַ ביסל נאָך מיר? — וויספּערט ער שטיל.

רבקה׳לע האָט קיינמאָל נישט געקענט זאָגן קיין ליגן. אַוודאי האָט זי געבענקט! און איז דען פאַראַנען גענוג שפּראַך, אויסצודריקן איר בענקשאַפט? אָבער ער איז אַ פאַרהייראַטער מאַן און זי מוז אים פאַרגעסן! — רעדט איר האַרץ דורך טרערן.

— און אַז פאַרהייראַט, איז שוין געענדיגט דאָס לעבן? דאַרף מען שוין אַנטלויפן? מען קען זיך דאָך זען, פאַרברענגען צוזאַמען! וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז דען אין זען־זיך? איבערהויפּט — רעדט ער ווייטער — זיינען מיר דערוואַקסענע מענשן, וואָס האָבן זיך ליב, און ליבע קען נישט קיין געזעץ און לאָזט זיך נישט באַשרענקן! — פאַרענדיגט ער מיט אַקטיאָרישן פּאַטאָס.

— אָבער די וועלט און די מענשן? — מורמלט זי צושראָקן.

— וואָס גייט אײַך אָן די וועלט און די מענשן? — טענה׳ט ער — איר זענט אַ גרעסערער מענש פון זיי אַלע. אײַך דאַרף נאָר אָנגיין איין זאַך, אַז איר האָט מיך ליב און איך האָב אײַך ליב!...

די שוועסטער רופט רבקה׳לען דורכ׳ן פענסטער און סאַשאַ׳ס פריינד רופט אים צום „מאָטאָר־סאַיקל".

— לאָ׳מיר זיך באַגעגענען מאָרגן נאַכט נאָך דער פאָרשטעלונג, וועלן מיר זיך דורכריידן! טרעפט מיך אויף דעם און דעם פּלאַץ! — זעצט ער פאָרט און וויספּערט איר אין אויער סודות׳דיג דעם אַדרעס, וואו ער וויל זי בעגעגענען.

— געדענקט, איך וועל וואַרטן פאַר אײַך! — טוט ער נאָך אַמאָל אַ מורמל, אַנרירנדיג מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער איר צאַרטע האַנט אונטער דעם פאַרקנעפּלטן אַרבל.

די באַרירונג פון זיינע פינגער גייט דורך אירע גלידער ווי אַן עלעקטרישער שטראָם און צעטומלט זי אַזוי, אַז זי ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך מיט איר... עס דאַכט זיך איר בלויז, אַז פון׳ם אַוועק־פאָרנדיגן „מאָטאָר־סאַיקל" הערט זי די ווערטער: „פאַרגעסט נישט צו קומען, ווייל איך וועל וואַרטן פאַר אײַך! געדענקט, איך וועל וואַרטן, וואַרטן!"

אַ האַלב אויסגעטועטע, זיצט רבקה׳לע ביים פענסטער פון איר צימער. אַ דריבנער רעגן שפריצט אין די שויבן, דורך וועלכע זי קוקט אַרויס אין דער פינסטערער גאַס. ס׳איז שוין באַלד האַלבע נאַכט און רבקה׳לע האָט נאָך אַלץ נישט באַשלאָסן, וואָס צו טאָן מיט׳ן מאָרגן. עס בושעוועט אין איר אַ קאַמף צווישן קאָפּ און האַרץ, צווישן שכל און געפילן... זאָל זי מאָרגן גיין צו אים אָדער נישט ?

— „איך וועל וואַרטן פאַר אייך, איך וועל וואַרטן!״ — קלינגט כסדר זיין שטימע אין אירע אויערן.

— יאָ, איך וועל קומען! — וויל דאָס האַרץ אַ שעפּטשע טאָן. צו׳טענה׳ט זיך אָבער דער שכל :

— שוואַך ווי אַ פליג ביזטו געגן אים און ער נוצט אויס דיין שוואַכקייט. זעכצן וואָכן, יעדע וואָך ווי אַ יאָר, האָסטו זיך געפּייניגט, איס אויסצומיידן, אים צו פאַרגעסן, קומט ער יעצט און מיט איין וואָרט, מיט איין בליק שוואַכט ער אָפּ דעם גאַנצן קאַמף דיינעם, דיין גאַנצע שטאַרקייט!...

ענטפערט אויף דעם דאָס האַרץ :

— ער האָט אויך געציילט מיט בענקשאַפט די מינוטן און די וואָכן פונקט ווי דו! — און רבקה׳לע גיט דאַביי אַ גלעט מיט איין האַנט איר צווייטע האַנט, אויף דעם פּלאַץ, וואו זיינע פינגער האָבן אַנגערירט און זי לעבט ווידער אַמאָל דורך יענעם עלעקטרישן ציטער...

שרייט ווידער דער שכל :

— ניין, ניין, פאָלג נישט דיין האַרץ! טרייב אַרויס דעם טייוול פון דיר! וואָס האָט זיך דיר פאַרגלוסט אַ פאַרהייראַטער מאַן? אַזאַ שיינע און יונגע ווי דו קען עפּיס בעסערס קריגן...

ענטפערט אויף דעם דאָס האַרץ :

— נישטאָ קיין בעסערס ווי ליבע! און וואָס דאַרף דיך אָנגיין זיין הייראַט, ווען ער האָט דיך ליב?... „איך וועל נישט אייביג זיין פאַרהייראַט, איך וועל נאָך זיין פריי!״ — האָט ער אַמאָל געזאָגט...

שרייט ווידער דער שכל :

— אפשר האָט אים זיין פרוי פונקט אַזוי ליב ווי דו? פאַר־וואָס זאָלסטו זוכן דיין גליק דאָרט, וואו עס קען פון דעם ווערן פאַר אַ צווייטע פרוי אַן אומגליק? וואָס האָסטו צו יענער?

ענטפערט דאָס האַרץ :

— איך האָב צו יענער גאָר נישט און איך וויל איר קיין שלעכטס נישט טאָן, אָבער איך קען זיך נישט העלפן! אַזעלכע קאַמפן קומען אפילו פאָר צווישן שוועסטער אָדער צווישן מאַמע און טאָכטער!...

זאָגט אויף דעם דער שכל :

— וואָס וועט זאָגן די וועלט? וואָס וועלן זאָגן די מענשן?
טענה׳ט אויף דעם דאָס האַרץ:

— וואָס גייט דיך אָן די וועלט? וואָס דאַרף דיך האַרן די מיינונג פון מענשן? ווער זיינען דען די דאָזיגע מענשן, וואָס דו זאָלסט צוליב זיי אָפּפערן דיין ליבע? איינמאָל לעבט מען און איינמאָל איז מען יונג און מען דאַרף די ליבע געניסן!
שרייט ווידער דער שכל:

— ווען מען געניסט פון ליבע, קען מען האָבן צו טאָן מיט פּאָלגן!... וועסטו נאָך אַרומבלאָנדזשען מיט אַ קליין קינד אויף דיינע הענט, פון געזעלשאַפט פאַרשטויסן, פון פריינט און באַקאַנטע פאַריאָגט און פאַרשעמט!
ענטפערט אויף דעם דאָס האַרץ:

— ווען דו וועסט פון דיין ליבע געניסן און אויב דו וועסט ווערן די מוטער צו אַ קינד פון דעם מאַן, וואָס דו האָסט ליב, וועט דאָס זיין אַ שיין מלאכ׳ל. מיט די קליינע הענטעלעך וועט עס דיין האַלז אַרומנעמען און מיט פוכקע ליפּעלעך וועט עס דיינע טרערן אויסקושן און דו וועסט זיך דאַביי פילן גליקליך!...
טענה׳ט דאַגעגן דער שכל:

דאָס קליינע מלאכ׳ל וועט טאַקע דיין האַלז אַרומנעמען און דיך דערקוויקן מיט זיינע קושן, דאָס וועט אָבער ביי דיר פילע זאַכן בעטן, וואָס דו וועסט נישט קענען געבן!... מיט טרערן אין די אויגעלעך וועט עס דיך פרעגן: „מאַמע, וואו איז מיין פּאַפּאַ?“ און דו וועסט נישט וויסן, וואָס אים צו זאָגן!
זאָגט אויף דעם דאָס האַרץ:

— וועסט אַרבייטן שווער און דו וועסט אַלע דיינע אידעאַלן אין דיין קינד פאַרקערפּערן. אויף דער פראַגע „וואו איז מיין פּאַפּאַ?“ וועסטו דעם קינד שיינע לעגענדעס וועגן אַ געטליכן פּאַפּאַ דערציילן! און אַמאָל, אַמאָל, ווען דו וועסט פאַר דיין קינד אַ שלאָף־לידעלע זינגען, וועט אימיצער אין דיין פענסטער אָנקלאַפּן און דאָס וועט זיין ער!... מיט טרערן אין זיינע אויגן וועט ער באַהאַלטן זיין קאָפּ אין דיין שויס, און ווען דיין קינד וועט די אויגעלעך עפענען, וועט ער דעם פּאַפּאַ געפינען!

מיינט דאָס האַרץ, אַז עס האָט שוין געזיגט, צו׳טענה׳ט זיך ווידער דער שכל:

— געדענק, דיין ליבע וועט דיין שיינעם שטאָלצן קאָפּ מיט שאַנדע אַראָפּבויגן. דיין געליבטער וועט דיך דערנאָך פאַרלאָזן, ער וועט לויפן אַנדערע זוכן און דיר וועט די וועלט מיט אַ צינישן שמייכל

נאָכקוקן, אומרייניגע הענט וועלן זיך צו דיר אויסשטרעקן, מיאוסע פאַרשלאגענע וועלן דיך פאַרפּאַלגן! מען וועט זאָגן, אַז ווען אייבער האָט געמעגט, טאָ פאַר־וואָס זאָלן אַנדערע נישט מעגן? אַנטלויף גיכער, אַנטלויף, איידער עס איז צו שפּעט!

שעפּטשעט דאַן דאָס נאָגענדע האַרץ דורך טרערן: „אָבער איך האָב אים ליב, איך האָב אים ליב! איך קען נישט עסן, נישט שלאָפן, נישט לעבן, איך צאַנק ווי אַן אויסגייענדיג ליכט!”...

מיט אירע ברייט פאַנאַנדערגעעפנטע אויגן קוקט רבקה׳לע אין דער ווייטער פינסטערניש אַריין. אַ שרעק האָט זי אַרומגענומען און עס איז איר דאַן אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריינגעפאַלן, אַז זי האָט נישט מער פאַר וואָס און פאַר ווען צו לעבן, ווייל וואָס טויג איבערהויפּט דאָס לעבן, ווען עס ברענגט נישט קיין טראָפּן גליק?

זי האָט אַריינגעקוקט אין איר פאַרגאַנגענהייט, אין איר קינדהייט, וואו אַלעס איז געווען אַזוי טרויעריג פּוסט, דאָס לעבן האָט איר קיינמאָל קיין זונען־שטראַל געגעבן, קיינמאָל איז פאַר איר דער הימל נישט געווען אויסגעשטערנט און יעצט זעט זי פאַר זיך אַ צוקונפט אַן עלענדע און אַ ליידיגע!

זאָל זי זיך איבערגעבן צו דער ליבע? האָט איר שוין דער שכל געענטפערט, וואָס עס דערוואַרטעט זי, ווי די וועלט און די מענשן וועלן אויף איר טייטלען מיט די פינגער! זאָל זי פון דער ליבע אנט־לויפן און פאַרוועלקט ווערן אין בענקעניש? איז דאָס נאָך פיל ערגער!...

דאָס בעסטע וועט זיין — טראַכט זי — צו מאַכן אַ סוף פון אַלעמען, אַ סוף צו אַזאַ ליידענדען לעבן! קיין זאַך קוקט איר איצט נישט אויס שענער און בעסער ווי די אָרעמס פונ׳ם טויט!... און זי פאַנגט אַן צו פּלאַנעווען, וואָס פאַר אַ סאָרט טויט זי זאָל זיך אַנטאָן, וואָס זאָל זיין דער גרינגסטער און דער זיכערסטער!

זי הויבט זיך אַן דערמאָנען פון אַלע זעלבסטמאָרדן, וואָס זי האָט געהערט און געלייענט. און עס שטעלט זיך אָפּ איר געדאַנק ביי אַ בוך, וואָס זי האָט נישט לאַנג צוריק פאַרענדיגט לייענען, וואו דער העלד ליידעט אַזוי שטאַרק פון אַ ליבע ווי זי, און ווען ער האָלט שוין ביי זעלבסטמאָרד, באַשליסט ער פּלוצים, אַוועק צו פאָרן אין אַן אַנדער לאַנד. טאָ פאַר־וואָס זאָל זי אויך אַזוי נישט טאָן? אויפ׳ן ערגסטן פאַל וועט זי אין אַן אַנדערער שטאָט אויך קענען באַגיין זעלבסטמאָרד! — און אפשר ווען זי וועט זיין ווייט פון אים, וועט זי אים טאַקי פאַרגעסן און זי וועט נאָך אויך אַמאָל זיין אַ ביסל גליקליך!...

יאָ! באַשליסט זי, אַזוי וועט עס זיין! זי וועט אַוועקפאָרן אין דער ווייטער וועסט, דאָרט האָט זי אַ ברודער. נאָך היינטיקע וואָך

וועט זי פאָרן!... און אויב אַזוי, באַשליסט זי, וועט זי טאַקי יאָ גיין מאָרגן אים טרעפן, אָבער נאָר אויף זיך צו זעגענען...

צופרידן מיט איר נייעם באַשלוס, לייגט זי זיך אויף איר געלעגער — און ווידער אַמאָל גלעטנדיג מיט איין האַנט די צווייטע אויף יענעם פלאַץ, וואָס ער האָט אָנגערירט, דרעמלט זי איין.

דער מאָרגן איז ענדליך געקומען. כאָטש עס איז שבת און זי אַרבייט נאָר אַ האַלבן טאָג, ציט זיך דער האַלבער טאָג ווי אַן אייביג־קייט. צוליב איר באַשלוס נאָך שבת אַוועקצופאָרן, וויל זי אויף גיך אויסענדיגן אַלע אירע אַרבייטן. יאָגט זי זיך מיט אַלע כחות, אָבער אַזוי ווי אויף צו־להכעיס רייסט זיך דער פאָדעם אַלע ווײַלע, עס ברעכן זיך די נאָדלען און די מאַשין זינגט כסדר היזעריג אַרויס די ווערטער: „זעגענען זיך, זעגענען זיך! וועסט אים מער קיינמאָל נישט זען!"

און דער וואַנט־זייגער איז עפּיס היינט אין גאַנצן משוגע. אָט לויפן די ווייזערס אין אַ שנעלן גאַלאָפּ און אָט רירן זיי זיך גאָר נישט פון׳ם אָרט.

דערווייל שלאָגן די שעה׳ן און זאָגן אָן:

— באַלד, באַלד וועסטו אים שוין זען!

און די מאַשינען גרילצן איר אין אויער אַרײַן:

— אָבער נאָר אויף זעגענען זיך, אויף אייביג צו זעגענען זיך!...

ענדליך איז דער פּייניגענדער טאָג אַוועק און די מיט ציטער ערוואַרטעטע נאַכט איז געקומען — און געווען איז דאָס אַ נאַכט אַ שיינע, אַ לבנה׳דיגע און אַן אויסגעשטערנטע. עס האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט האָט די לבנה היינט גע׳כשופ׳ט.

שטאַרקייט און שוואַכקייט, פרייד און אומעט האָבן זיך יעצט ביי רבקה׳לען אויסגעמישט. דער קאָפּ דרייט זיך, די קני בויגן זיך און דאָס האַרץ קלאַפּט, קלאַפּט אָן אָן אויפהער.

אַך, וואָס פאַר אַ שיינע נאַכט איז היינט! — האָט זיך איר געוואָלט אויסרופן. עס דאַכט זיך איר, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געזען אַזאַ שיינע נאַכט — און דאָ גייט זי זיך גאָר זעגענען מיט דעם, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק ליב! און אויפהויבנדיג אירע אויגן צום הימל, דאַכט זיך איר, אַז זי הערט, ווי די לבנה לאַכט און זאָגט:

— נאַריש קינד, וואָס דו ביזט, איך בין היינט אַרויס אויפ׳ן הימל צו פאַר׳כשופ׳ן די ערד אין ליבע, און ביי מיינע צויבער־שטראַלן, וועלכע רופן צום ליבן, ווילסטו גאָר דיין ליבע באַזיגן און זיך זעגענען?... נאַרעלע, וואָס דו ביזט! נישט אַלע נעכט באַלייכט איך אַזוי שיין די

וועלט און נישט אַלע נעכט פונ׳ם לעבן פילט אין זיך דער מענש דאָס פייער פון ליבע!

— בייזע כישוף־מאַכערין! — רעדט רבקה׳לע מיט טרערן צו דער לבנה — דו, וועמען איך האָב שטענדיק אַזוי געליבט, דו ביזט אויך אַזוי שלעכט און רייצסט זיך מיט מיר, ווילסט מיר איינריידן צו ליבן, ווען איך ווייס, אַז מיין ליבע קען מיר בלויז טרויער און אומ־גליק ברענגען!... ניין, איך וועל מיין באַשלוס נישט ענדערן, איך מוז מיין ליבע באַזיגן!...

דאָס זאָגנדיק, קוקט זי מיט טריאומף צו דער לבנה און די טויזענטער שטערנדלעך ווינקן צו איר, זי זאָל בלייבן שטאַנדהאַפט און זאָל זיך נישט לאָזן אַרייננאַרן פון דער קאַלטער לבנה.

— יאָ! — טראַכט רבקה׳לע — איך וועל מיין ליבע באַזיגן. איך וועל זיך היינט מיט אים זעגענען! איך בין דאָ אַהער־געקומען, נאָר צו זאָגן אים מיין לעצטן „גוד־באַי”...

ביי אָט דעם געדאַנק האָט זי דערפילט ווי אַ פּאָר שטאַרקע הענט האָבן זי אַרומגענומען — און ווען ליפּן האָבן ליפּן באַגעגנט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז דורך אירע פון ליבע פאַרמאַכטע אויגן, זעט זי, ווי די לבנה לאַכט זי אויס, ווייל האַלטנדיג זיך פעסט ביי איר באַשלוס, זיך היינט מיט איר געליבטן צו זעגענען, איז זי אין די אָרעמס פון ליבע אַריינגעפאַלן!...

— — — — — — — — — — —

...און די לבנה האָט געשמייכלט!

# שימינקע

## I

## אַ שיף מיט יתומים

טראָגט זיך אַ שיף אויף'ן ים, וויגן זיך אין דער שיף נישט קיין אויסגעוויגטע קינדער, אַ שיף מיט וואָגלענדע יתומים. שפּאַנען אַרום אויף'ן דעק פון דער שיף די וואַנדערנדע טריט פון דעם יתומ'ל שימינקע אָדער חיימ'ל. ער איז אַליין נישט קלאָר אין זיין נאָמען. שפּרייזט שימינקע אַלע ווילע פאַרביי אַן אַנדערע גרופּע חברים'לעך יתומים. זיין אָנגעשפּיצט אויער כאַפּט כסדר אויף אַן אַנדער נס, אַן אַנדער העלדן־קונץ.

יעדער לעבן־געבליבן יתומ'ל האָט צו דערציילען פון אַ באַזונ־דערער העלדישקייט, ווי אַזוי מען האָט אָפּגענאַרט די פאַרפאָלגער און דורך נסים'דיגע קונצן אַרויסגעראַטעוועט דאָס פאַראַיינזאַמט שטיקל לעבן.

אָט כאַפּט אויף שימינקע'ס אויער די ווערטער פון אַ ניין־יאָריג מיידעלע: „איך בין אַלט געווען אַ יאָר, ווען מיין אמת'ע מאַמע האָט מיך אַרויסגעוואָרפן דורך'ן פענסטער פון אַ לויפענדיגער באַן, דאַמאָלס ווען די שלעכטע מענשן האָבן זי ערגיץ אַוועקגעפירט, זי מיט נאָך אַ סך מאַמעס, פון וואַגען זיי זיינען שוין קיינמאָל מער נישט צוריק־געקומען.

מאַריאשאַ, מיין צווייטע מאַמע, די גוי'ע, וואָס האָט מיך געפונען און געהאָדעוועט, זי אַליין האָט דאָס מיר דערציילט, דאָ נישט לאַנג, ווען די אידן האָבן איר באַצאָלט אַ סך געלד פאַר מיר. זי האָט נישט גע־וואוסט מיין אמת'ן נאָמען, האָט זי מיך גערופן סטעפקע. איצט רופט מען מיך חנה'לע.

און אין מיטן פון חנה׳לעס דערציילן כאַפּט אויף שימינקע׳ס אויער אַן אַנדער נס. עס דערציילט אַ אינגל:

— מיך האָט אַלע מאָל אַרויסגעראַטעוועט, דאָס וואָס איך קוק אויס ווי אַ שייגעצל און וואָס איך קען פייפן פונקט ווי אַ שייגעצל. אַט אַזוי אַ!...

דער אינגל שטעלט אַן זיינע ליפּן ווי אַ פייפעלע, גיט מיט שטאָלץ אַ פּאָר מאָל אַ פייף און עטליכע קינדער רופן אויס באַגייסטערט:

— אוי, טאַקע, פונקט ווי אַ שייגעץ!...

דער אינגל הערט אויף צו פייפן און דערציילט וועגן זיין נס.

— איינמאָל, דאָס איז געווען יענעם טאָג, אײדער דער אַמעריקאַנער עראָפּלאַן האָט מיך געפונען, איך בין דאַמאָלס אָט־אָט שיר נישט אַריינגעפאַלן אין די נאַצישע לאַפּעס. עס איז געווען אַזוי: מיר ביידע לויפן, שיינדעלע און איך, מיר לויפן און לויפן, די נאַכט איז פינסטער, דער רעגן פליוכעט, קלאַפּט אין קאָפּ און אין פּנים און מיר לויפן און לויפן און איך שריי אַלע ווײַלע: „גיכער, שיינדעלע, קום גיכער, גיכער!״... מיט אַמאָל דערזע איך, אַז איך לויף גאָר אַליין, אַז איך האָב שוין ערגיץ אויף׳ן וועג פאַרלוירן מיין איינציג איבערגעבליבן שוועסטערל. איך לויף צוריק, איך וויין, איך זוך, איך רוף אין דער פינסטערניש: „שיינדעלע, שוועסטערל, שיינדעלע!״ און נישטאָ קיין ענפער, נישטאָ! דערווייל הויבט שוין אָן שאַרעיען אויף טאָג און איך דערזע פון דער ווייטן צוויי נאַציס. פאַרגעס איך באַלד אין מיין שוועסטערל און איך הער אויף צו וויינען. איך ווייס, אַז איך מוז פאַרגעסן, איך טאָר נישט וויינען, איך מוז ווערן פריילעך, ווייל אַז נישט דערקענט מען באַלד, אַז איך בין אַ איד און איך בין קאַפּוט! גיב איך גלייך אַ שטעל אַן מיינע ליפּן, ווי אַ פייפל און הויב אָן פייפן אַ פריילעכס, אָט אַזוי!...

דער אינגל גיט ווידער אַ פּאָר מאָל אַ פייף אויס אַ נאַצישן נגון און פאַרענדיגט מיט באַגייסטערונג:

— זיי, די דומקעפּ מיינען, אַז איך בין טאַקע אַ פריילעכער שייגעצל, גייען זיי זיך פאַרביי און טשעפּען מיך נישט! אָט אַזוי האָב איך מיט מיין פייפן אָנגעפייפט די נאַציס און אַרויסגעראַטעוועט מיין לעבן!...

שימינקע לאָזט איבער די גרופּע קינדער און זיינע טריט שפּאַנען צו צו אַן אַנדערער גרופּע, פון וואַנען זיין אויער כאַפּט ווידער אויף אַן אַנדער נס.

עס דערציילט אַ מיידל פון אַ יאָר פערצן:

— מיין גליק איז געווען, וואָס איך האָב געהאַט כח צו אַרבייטן.

אין אַ וואַגאָן, וואו עס דאַרפן פאָרן נישט מער ווי זעקס פערד, האָט מען אַהין אַריינגעשפּאַרט אונז, אפשר הונדערט מיידלעך און אינגלעך אויף אַרבייט. צוזאַמען־געשטיקט איינע מיט די אַנדערע, האָט מען אונז אַרומגעפירט דריי טעג און דריי נעכט, אָן עסן און אָן טרינקען. איינמאָל ביי נאַכט, האָט די באַן אָנגעהויבן גייען לאַנגזאַמער. איך קוק אַרויס דורך די שפּאַלטן פון די ווענט, ווייל פענסטער איז אין דעם וואַגאָן נישט געווען. איך קוק און איך פרעג די פינסטערע נאַכט, איך פרעג דעם ווינטל, וואָס גנב'ט זיך אַריין דורך די שפּאַרונעס צו מיין פאַרשוויצט פנים, יאָ איך פרעג ביי דער נאַכט,ביים ווינט: „וואו איז ערגיץ מיין טאַטע, די מאַמע? וואָס איז מיט זיי געשען?“... אָבער שטום איז די נאַכט, שטום איז דער ווינט, קיינער ענטפערט נישט, קיינער זאָגט נישט אויס דעם סוד, וואו זיי זיינען און וואו מען פירט אונז.

נאָך אימיצער פון אונז קוקט אויך אַרויס דורך אַ שפּאַרונע פון דער וואַנט און רופט אויס:

— דאַכט זיך, אַז מיר זיינען אין פאָנער וואַלד!

ביי אַלעמען גיט זיך אַ טרייסל דאָס האַרץ. דאָרט אין פאָנער וואַלד, ווייסן מיר, אַז מען האָט אויסגעשאָסן אַזוי פיל טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער, און יעדער פון אונז גיט אַ טראַכט: „ברענגט מען דאָס אונז אויך אהער צו אונזערע נאָנטע, דאָ נעבן זיי אויסצושיסן?“... אָבער ניין! די באַן לויפט ווייטער. אונז דאַרף מען נאָך האָבן, מיר קענען נאָך אַרבייטן! יאָ, מיין רעטונג איז געקומען פון דעם, וואָס איך האָב נאָך געהאַט כח צו אַרבייטן! — פאַרענדיגט דאָס מיידל, גליקליך פון איר העלדישן נס.

פון אַן אַנדער ווינקל שיף פון נאָך אַ גרופּע קינדער דערהערט שימינקע אַ קול'כל פון אַן אַכטיאָריגן אינגעלע, וועלכער שרייט אויס מיט באַגייסטערונג:

— קינדער, איר ווייסט, יענער אינגעלע, דער רויטינקער, מיירינקע רופט מען אים. ער האָט דאָ אויף דער שיף געפונען אַ מאַמע, אַן אמת'ע מאַמע!

— טאַקע אַן אמת'ע אייגענע מאַמע? — פרעגן איבער אַלע קינדער.

— יאָ, יאָ! — דערציילט דאָס אינגעלע מיט באַגייסטערונג — זי האָט אים דערקענט און געזאָגט צו אים: „מיירינקע, מיירינקע, איך בין דיין אמת'ע מאַמע!“...

עטליכע קינדער גיבן זיך אַ כאַפּ:

— וואו איז זי? וואו איז די מאַמע? איך וויל זעהן, ווי עס זעט אויס אַן אמת׳ע מאַמע!...

— איך אויך, איך אויך! — כאַפּן אונטער נאָך קינדער און לאָזן זיך לויפן זעהן, ווי עס זעט אויס אַן אמת׳ע מאַמע.

ביי שימינקע׳ן פאַרלויפן די אויגן מיט טרערן, ער שפּאַנט לאַנגזאַם אַוועק פון דער גרופּע און פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל פון דער שיף, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. זיינע גרויסע צוטומלטע פייעריגע אויגן קוקן אַרויף און אַראָפּ אין דער הויך און אין דער נידער און אַן ווערטער פרעגן זיינע ליפּן ביי דער ענדלאָזער בלויקייט:

— ווער איר הימל און ים שוין אַמאָל צופירן אונז צו אַ ברעג, צו אַ באָדן אונטער אונזערע פיס? צו אמת׳ע אייגענער ערד? צו אַן אמת׳ר אייגענער היים? מען זאָל אונז נישט מער יאָגן און פּלאָגן, נישט טרייבן און נישט פּייניגן?...

דער הימל פון אויבן גיט אַ וואַרף פון זיך אַ שטיק זונען־שטראַל, וואָס טוט אַ וואַרם שימינקע׳ס קינדיש־אַלטן פּנים. דער ים פון אונטן טוט אַ הויב אַ כוואַליע, וואָס לאָזט זיך אַרויס אַ בלוי־ווייס שוימיגן שפּריץ, דער שפּריץ פון דער כוואַליע גיסט זיך צונויף מיטן שטראַל פון דער זון, ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמען וועגן עפּעס דורכגערעדט.

שימינקע, וועלכער איז שוין אין זיין יונג־אַלט לעבן געוואוינט געוואָרן צו פאַרשטיין פאַרשידענע שפּראַכן, די שפּראַכן פון הונגער און קעלט, ביקסן און קאַנאָנען, קאָנצענטריישאָן קעמפּס און גאַז־קאַמערן. אים דאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט, וואָס עס ענטפערט אים איצט הימל און ים. ער שפּיצט אַן זיין געדאַנק און ער הערט, ווי זיי זאָגן צו אים:

— איינגעלע דו געפּייניגטער, מיר, די נאַטור־עלעמענטן וועלן פּרובירן אַלעס מעגליכע, אייך עלענדע וואָגלער קיין שלעכטס נישט צו טאָן! איך דער הימל וועל קיין ווינטן און קיין שטורעמס צו אייך נישט אַרונטערלאָזן, נאָר שטראַלן, פינקלענדע שטראַלן! טאָגיגע זון און נאַכטיגע שטערן וועלן זיין די שומרים פון דער שיף, וואָס עס שיפן זיך אויף איר געפּייניגטע נשמות און פאַרמוטשעטע לייבער! און איך ים וועל איינהאַלטן מיינע כוואַליעס, זיי זאָלן נישט רוישן און נישט ברויזן, גלאַט און צערטליך ווי אַ מאַמע וועל איך ים לאָזן אויף זיך אַרומשווימען די שיף מיט אייך, איר ליידענדע!

שימינקע שטרענגט אָן שטאַרקער זיין אויג און אויער צו הימל און ים און אים דאַכט זיך, אַז ער הערט ווידער צו אים ריידן:

— מיר, אַלע זיבן הימלען און אַלע זיבן ימים ווייסן, אַז איר האָט שוין גענוג־גענוג געליטן! מיר די הימלען זיינען שוין געווען גענוג

שוואַרץ פונ׳ם רויך פון אייערע פאַרברענטע לייבער, מיר די ימים זיינען שוין געוועך געענוג רויט פון אייער אומשולדיג בלוט. נייך, מיר הימל און ים וועלן אייך קיין שלעכטס נישט טאָן, מיר וועלן אייך בשלום צופירן צו אַ ברעג. עס ווענדעט זיך נאָר, אינגעלע, אין דיינע ברידער, די מענשנקינדער, צי זיי וועלן אייך אַמאָל לאָזן צוקומען צו אַ ברעג!

נאָך אַלץ נישט צוקומען צו אַ ברעג! — שרייט אויס שימינקע און ביילט זיין אויסגעביינערטע פויסט.

שימינקע׳ס ווייטאָגדיגער אויסגעשריי קריגט אָן אָפּקלאַנג אין דבורהלע׳ס הערצל. פון ערגיץ אַן אַנדער ווינקל אין דער שיף באַווייזט זיך די צוועלפיאַריגע דבורה׳לע. זי קוקט זיך אַרום מיט אַלטן פּחד אין אירע צושראָקענע אויגלעך און פרעגט:

— וואָס איז, וואָס שרייסטו? וואָס האָט שוין צו אונז ווידער געטראָפן? האָ, חיימ׳ל, זאָג!

נישט קריגנדיג אַזוי גיך קיין ענפער, גיט זי זיך אַ דערמאָן: „אוי, איך האָב פאַרגעסן, מען רופט דאָך דיך אויך „שימינקע״. דו ווייסט, דו ביזט זעהר אַ רייך אינגל! אַ סך קינדער דאָ האָבן גאָר קיין נאָמען נישט און דו האָסט אַזש צוויי נעמען, אַמאָל ענטפערסטו אויף „חיים״ און אַמאָל אויף „שמעון״...

שימינקע קוקט אין דער ווייטקייט אַריין, ווי ער וואָלט פון ערגיץ געזוכט אַן ענטפער פאַר דבורה׳לען און אויך פאַר זיך. זיינע ליפּן שעפּטשן אַרויס: „איך האָב נאָך אַ נאָמען אויך. דוד׳ל האָט מען מיך שוין אויך אַמאָל גערופן. מסתמא איז עס אַלץ דערפאַר, ווייל איך ווייס נישט מיין אמת׳ן נאָמען, אפשר בין איך נאָך זעהר קליין געווען, ווען איך האָב פאַרלוירן מיין משפּחה און אפשר האָב איך פון די אַלע אומגליקן, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, פאַרלוירן מיין גערעכעניש און האָב אין גאַנצן פאַרגעסן מיין אָפּשטאַמונג. פאַרגעסן וועמעס איך בין און וועלכע פון די טויטע זיינען געווען מיינע. אין מיין קאָפּ איז אַ צוזאַמענמישונג פון אַ סך, אַ סך אומגליקן, געדענק איך נישט אַקוראַט וועלכעס איך האָב געהערט פון אַנדערע קינדער און וועלכעס עס האָט פּאַסירט טאַקי מיט מיר אַליין!״...

ער פאַרקוקט זיך ערגיץ ווייט און רעדט:

— אָט־אָט זע איך ווי אַ קליין־קליין אינגעלע עפּנט זיינע אויגעלעך אין אַ טיפער פינסטערער גרוב. אַ שווערע משא קוועטשט זיין קליין קערפּערל, זיינע הענט און פיס זיינען מיט עפּעס אַ געדיכטעס צוגעקלעפּט צו דער שווערער משא. איך, יאָ, ס׳געווען איך, איך! אָט געדענק איך, ווי איך רייס פאַנאַנדער שטאַרקער מיינע אויגן און איך דערזע, אַז איך ליג אונטער אַ באַרג טויטע טאַטעס, מאַמעס,

זיידעס, באָבעס, שוועסטער, ברידער... דאָס געדיכטע קלעפּיגקייט, וואָס האַלט מיך צוגעקלעפּט צו זייערע טויטע גלידער, איז זייער פאַרגליווערט בלוט, איך רוף פון אונטער זיי „טאַטע, מאַמע!" אָבער קיינער ענפערט נישט. פאַרשטיי איך, אַז אַלע זיינען טויט. און איך מיין, אַז איך בין אויך געשטאָרבן, פאַרמאַך איך מיינע אויגן און איך שוויג. איך שוויג אַ ווייַלע און נאָך אַ ווײַלע. מיט אַמאָל דערהער איך, אַז ערגיץ קרייט אַ האָן, ער קרייט פונקט ווי אונזער שכן'ס האָן. אַ געקוילעטער האָן, טראַכט איך, קען נישט קרייען, דער האָן איז דאָך דאָ, איך הער אים, בין איך אויך דאָ. באַוועג איך זיך און שריי ווידער „טאַטע, מאַמע!", אָבער קיינער ענפערט נישט. מיט אַמאָל באַוויזט זיך איבער'ן גרוב אַ פּנים פון אַ לעבעדיגן ייִדן, אפשר איז דאָס געווען מיין זיידע און אפשר אַן אַנדער אינגל'ס זיידע, איך ווייס נישט! איך געדענק נאָר, אַז יענער זיידע איז געווען איינגעוויקלט אין אַ טלית, האָט אויסגעצויגן צו מיר זיין דאַרע האַנט און געוויספּערט מיר אַ סוד: „שאַ, שטיל מיין קינד, שטיל, דו לעבסט! שטיל, מען קען נאָך דערהערן. גיב מיר דיינע הענטלעך און מיט אַלע זיינע כוחות רייסט ער מיינע הענט און פיס פון די בלוט-פאַרגליווערטע טויטע און מורמלט דאַביי: „נסים, נסים!" דו ביזט דער איינציגער לעבן געבליבן! זיי, דיינע נאָנטע, האָבן דיך באַהאַלטן אונטער זייערע קערפּערס, די הייליגע. דו ווייסט נישט, זאָגסטו דיין נאָמן, אינגעלע, האָט ווידער געזאָגט דער אַלטער זיידע, „חיים" הייסט דו, דו ביזט פון טויט לעבן געבליבן, חיימ'ל. פון דעמאָלט אָן מסתמא הייס איך „חיים".

דבורה'לע גיט מאַמעדיג אַ גלעט שימינקע'ס אַרבל, ווי זי וואָלט אים געוואָלט טרייסטן, ווייזן, אַז ער איז נישט אַליין אין זיין עלענד. און שימינקע זעצט פאָרט:

— און אַט איז איינגעהאַמערט נאָך אַ טרויעריג בילד אין מיין מוח, אפשר האָט דאָס געטראָפן מיט אַן אַנדער אינגל און אפשר איז עס טאַקי געווען איך אַליין. איך ווייס נישט, איך געדענק נישט! אָבער אָט זע איך עס פאַר מיינע אויגן, איך זע די גאַנצע שרעקליכע פּאַסירונג: אַ אינגל ליגט אויסבאַהאַלטן אויף אַ דאַך, אין אַ צובראַ־כענעם קוימען, איך ווייס נישט, וויפיל טעג און וויפיל נעכט יענער אינגל, וואָס איז דאַכט זיך געווען איך, איז דאָרט געלעגן, אָבער איינמאָל דערזע איך פלוצלינג ווי צוויי שיכורע נאַציס שלעפּן אַרויס אונטן פון דעם הויז אַן אַלטע באָבע און אַ קליין מיידעלע, איר איניקל. איין נאַצי מיט אַ ווילדן געלעכטער שלאָגט די באָבע מיט אַן אײַזן איבער אירע פיס, זי זאָל פאַר אים טאַנצן און דער צווייטער נאַצי מיט אַ הירזשענדן געלעכטער רייסט אַרונטער דאָס קליידעלע

פון דער באָבע׳ס אייניקל. איך קוק אַרונטער פונ׳ם דאַך, איך ווייס נישט וואָס צו טאָן, ווי אַזוי זיי צו העלפן. פלוצלינג פאַלט מיר איין, איך גיב אַ כאַפּ פונ׳ם צובראָכענעם קוימען אַ גרויסן ציגל, גיב עס אַ וואָרף אַרונטער און טרעף איין נאָצי גלייך אין זיין שיכור׳ן קאָפּ אַריין. ער פאַלט אום אַ צוטומלטער. באַלד פליט מיין צווייטער ציגל דעם אַנדערן נאָצי גלייך אין זיין קאַרק אַריין. אויך ער פאַלט אום. איך וואָרף גלייך נאָך אַ ציגל, נאָך אַ ציגל, און ביז זיי האָבן זיך געכאַפּט, פון וואַנען די ציגל לויפן, זיינע שוין ביידע שיכורים געלעגן אויסגעצויגן אונטער אַ הורבע ציגל. און די באָבע האָט דאָן אַנטלויפנדיג מיט איר אייניקל אַ געשריי געטאָן צו מיר: „געבענשט זאָלסטו זיין, דוד׳ל. פונקט ווי דוד המלך האָסטו מיט אַ שטיין אָוועקגעלייגט דעם גלית הפלשתי! זיי געבענשט, דוד׳ל״, האָט זי צו מיר געשריגן לויפנדיג ווייטער...

— טאָקי זיי געבענשט דערפאַר, דוד׳ל, איך מיין חיימ׳ל, איך מיין שימינקע! — זאָגט דבורה׳לע, ווידער אַ גלעט טוענדיג שימי־נקע׳ס אַרבל.

שימינקע, צופרידן פון דבורה׳לעס פריינדליכקייט דערציילט ווידער:

— אָן אַנדער מאָל האָב איך אַ סך זיידעס, באָבעס און אייני־קלעך אַרומגעפירט דורך פאַרשידענע באַהאַלטענע וועגן, דורך גערטנער, וועלדער, אונטער בריקן, טונעלן, ביז איך האָב זיי אַלעמען געבראָכט זיך צו באַהאַלטן אין אַ וואַלד ביי פאַרטיזאַנען. דאַמאָלס האָבן זיי צו מיר אַלע געזאָגט: „אינגל, דו ביזט אַ שמשון הגבור. פון היינט אָן הייסטו ביי אונז שמשון, שימינקע! און איצט — קוועטש, שימינקע, מיט די פלייצעס — ווייס איך נישט, צי הייס איך דוד, צי חיים, צי שמשון!...

— אַלע דיינע נעמען זיינען שיינע! — רופט אויס באַגייסטערט דבורה׳לע — אַלע שיינע נעמען!

שימינקע קוקט אָן די בלאָס־צושראָקענע דבורה׳לע און רעדט צו איר ליבליך:

— דיין נאָמען איז דאַכט זיך דבורה׳לע, אַ יאָ?

— יאָ! — ענפערט דבורה׳לע — יאָ, איך געדענק זעהר גוט מיין נאָמען, ווייל מיין נאָמען איז געווען מיין מאַמע׳ס לעצטע וואָרט אויף אירע ליפּן, ווען מען האָט זי געפירט צו דער גאַז־קאַמער. „דבורה׳לע, מיין קינד״, האָט זי אויסגעשריען, „באַהאַלט זיך, אפשר וועסטו לעבן בלייבן, מיין קינד, מיין דבורה׳לע!״ איז געווען מיין מאַמע׳ס לעצטער וואָרט! — שעפּטשעט דבורה׳לע און פינטעלט מיט אירע אויסגעטרערטע אויגעלעך.

— נישט וויינען מער, דבורה׳לע! גענוג האָבן מיר שוין אַלע געוויינט. גענוג! — ווישט שימינקע מיט זיין ארבל דבורה׳לעס אויג.

— איך האָב דאָך מער גאָר נישט אויף דער גאַנצער וועלט ווי נאָר מיינע טרערן! דאָס איז דאָך דאָס איינציגע אייגענע, וואָס איך פאַרמאָג! — זיפצט דבורה׳לע.

— דו ווייסט דאָך, דבורה׳לע — רעדט צערטליך שימינקע — אַז מיר זיינען דאָ אַלע אַזוי, כמעט קיינעם קיינעם פון אונז איז נישט איבערגעבליבן קיין גאַנטע, קיין משפחה, דו זעסט דאָרט יענע גרויסע גרופּע קינדער — ציגט ער מיט זיין וויז־פינגערל צו אַ ווינקל שיף — און יענע גרופּע דאָרט, די דערוואַקסענע — ווייזט ער צו אַן אַנדער ווינקל — און אויך דאָרט די אַלטע מענשן, דו זעסט, אַלע, ווי זיי דאָרט זיצן דאַכט זיך צוזאַמען אין גרופּעס ווי אייגענע, ווי משפחות, אָבער דער אמת איז, אַז כמעט אַלע זיינען מיר דאָ פרעמדע, אַלע! זעלטן־זעלטן געפינט זיך דאָ אויף דער שיף צווישן די טויזנטער וואַגלער צוויי, וואָס זאָלן באַלאַנגען צו איין משפחה, צוויי וואָס זאָלן זיין ברודער און שוועסטער, טאַטע און קינד, פעטער און קאַזינס, נישטאָ, נישטאָ! אַלע זיינען מיר דאָ פרעמדע, אויפגעקליבן פון אַ סך שטעט און שטעטעלעך. יעדער איז דאָ נאָר אַן איבערבלייב, אַן איינצעלנער פון אַ גאַנצער משפחה. יאָ, יעדער פון אונז דאָ איז ווי פונ׳ם ווינד אַ פאַר־וואָרפן בלעטעלע פון אַ בוים. איך ווייס עס, דבורה׳לע, איך ווייס! איך האָב שוין אַזוי פיל געזען, אַזוי פיל געהערט. איך קוק נאָך אויס אַ קליין אינגל, איך ווייס נישט ווי אַלט איך בין אויף אַן אמת. איך ווייס נישט, ווען עס איז געווען מיין בר־מצוה. אייניגע זאָגן, אַז איך זע נישט אויס מעהר ווי פון אַ יאָר צוועלף, אַנדערע זאָגן, אַז איך דאַרף שוין אַלט זיין אַ יאָר פערצן אָדער גאָר זעכצן. מיר אָבער דאַכט זיך, אַז איך בין שוין אַלט הונדערטער־הונדערטער יאָרן, וואָס איך האָב שוין אַלץ איבערגעלעבט!...

אַן אַלטער איד מיט׳ן נאָמען ר׳ לייזער, וועמען אַלע רופן צוליב זיין אַלטקייט „זיידע לייזער״, זיך צוהערנדיג פון דער ווייטנס צו די צוויי קינדער, דערנענטערט זיך צו זיי מיט די ווערטער:

— אמת, קינדערלעך, אמת, מיר זיינען דאָ אַלע איבערגעבליבן צו איינציגע בלעטלעך פון בוימער, צו איינציגע בלעטלעך פון גאַנצע וועלדער, מיר זיינען נאָר אַן איבערבלייב פון אַ געוועזענער וועלט. אַ יעדן פון אונז איז נאָר פאַרבליבן זכרונות, אַז מיר זיינען אויך אַמאָל געווען מענשן, געהאַט אַ לעבן, אַ ליבשאַפט, געהאַט משפחה־פרייד, יאָ, נישט איינער לעבט מיט דעם גערעכעניש, אַז אַמאָל־אַמאָל איז ער געווען אַ טאַטע, אַ זיידע, געהאַט נחת פון קינדער, אייניקלעך.

אַ מיטליאָריגע פרוי רוקט זיך צו צו זיי. קוקנדיג אין דער ווייטקייט אַריין, מורמלט זי:

— אַ מאַמע טראָגט אין איר האַרצן די זכרונות. אַז זי האָט אַמאָל געהאַט אַ טאָכטער, אַ כלה, געפירט איר טאָכטער, די כלה, צו דער חופה, געווען אַ מחותנת׳טע. יאָ, געבליבן נאָר אַ געדעכעניש, אַז עס איז געווען אַמאָל אַ טאָכטער!...

שימינקע שעפּטשעט:

— יאָ, פון גאַנצע וועלדער זיינען געבליבן נאָר צו איינצעלנע בלעטלעך, צו איינצעלנע!

— און דאָך — רופט אויס דער אַלטער יידע מיט אַ ניי אויפ־קומנדער פרייד אויף זיינע ליפּן — דאָך איז פאַרהאַנען איין וואָרט, קינדערלעך, איין וואָרט, וואָס מאַכט אונז אַלע פרעמדע פאַר אייגענע, אַלעמען פון אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט, מאַכט דאָס וואָרט פאַר איין משפחה. דאָס וואָרט הייסט „איד״, איין וואָרט און איין נגון האַלט אונז אַלעמען צוזאַמען, איר הערט דאָרט קינדערלעך, איר הערט דעם ניגון?

פון אַ צווייטן ווינקל שיף, פון אַ גרופּע קינדער און דערוואַק־סענע טראָגט זיך אַ באַקאַנט געזאַנג: שימינקע כאַפּט אונטער די ווערטער:

— עוד לא אבדה...

— דבורה׳לע העלפט אים:

— תקותנו...

דער יידע און די מאַמע כאַפּן אונטער:

— התקוה הנושנה...

עס דערנענטערן זיך אַלע פיר מיט זייער געזאַנג צו דער גרופּע זינגענדיגע און באַלד צוטראָגט זיך דער נגון אויף אַלע ווינקעלעך פון דער שיף.

די זון זעצט זיך, עס ווערט טונקעלער, טונקעלער. די שיף וויגט זיך לאַנגזאַם אונטער די זיסע טענער פונ׳ם האָפנונגס־געזאַנג. מיט אַמאָל רייסט זיך איבער דער געזאַנג און עס דערהערט זיך פון אַלע זייטען: „שאַ, שטילער, מיר קומען אָן צום ברעג! אונזער ברעג! ארץ־ישראל! אָ, דאָרט זען זיך שוין די שפּיצן פון די פעלזן, אונזערע פעלזן, אונזערע בערג. שאַ, שטיל, ס׳איז ארץ־ישראל, שאַ!״...

— פאַר־וואָס שאַ שטיל? — פאַלן וויספּערדיגע פראַגעס און עס קומען וויספּערדיגע ענטפערס:

— מיר דאַרפן זיך אַריינגנב׳נען דורך אַ הינטערטיר!...

— נאָך אַלץ הינטערטיר! — זיפצן ליפּן.

— שאַ, לאָמיר נאָר אַריין, אַבי שוין זיין דאָרט אינעווייניג! — ענטפערן אַנדערע.

פלוצלינג דערהערט זיך אַ דונער, ניין, ס׳איז נישט קיין דונער, ס׳איז אַ שאָס, אַ שאָס אין דער לופט. באַלד קומט נאָך און נאָך אַ שאָס, אַן אנזאג, אַז מען האָט געכאַפּט די פאַרברעכער, אַריינגעכאַפּט אין נעץ אַ שיף מיט וואַגלענדע יתומים...

ווי ווילדע פויגלען פאַרדעקן דעם הימל, פלאַטערן איבער די צושראָקענע קעפּ שפּיאָנירענדע עראָפּלאַנען, מעכטיגע שיפן מיט הארמאַטענע מיילער רינגלען אַרום די זייטן פון דער שוואַכער וואַנדער־נדער שיפעלע, ווען זיי זענען אייגנציגער געוועער און זאַפּאָס איז דאָס האָפנונגס־געזאַנג פון פאַרהונגערטע העלוזער.

פאַרצווייפלונג און פּאַניק כאַפּט אַרום די אויסגעמאַטערטע שוואַלבן, אָבער וואָס איז דאָ געשען? אַ פריידיגער געמורמל: „מען הייסט אַרונטער־גיין, אַרונטער פון דער שיף צום ברעג, אַרונטער צו דעם דורות אויסגעבענקטן ברעג!״

מידע שוואַכע טריט ווערן מיט אַמאָל שטאַרק און האַסטיג, גרויס, קליין, אַלט, יונג, מען קריגט כחות, מען שפּרינגט, מען שוועבט. אַרונטער, אַרונטער פון דער שיף, גיכער, גיכער, די מידע אַרומשווי־מענדע טריט, ענדליך אַוועק צו שטעלן אויף דער ערד, אויף אייגענער ערד.

ענדליך, ענדליך אויפהערן צו ווערן געטריבן פון אָרט צו אָרט. ענדליך שוין האָבן אַן אייגענעם ווינקל אויף דער וועלט און די מידע צוזאַמען־געקאָרטשעטע גלידער פון די איבער ימים אַרומשווימענדע וואָגלער ווילן זיך נעמען אויסגלייכן און שוין אַוועקשטעלן זייער טראָט אויף דער אייגענער ערד. אָבער וואָרט, וואָס איז שוין ווידער געשען?

עס סוד׳ט זיך דער אומעטיגער הימל מיט׳ן ברויזענדיגן ים, זיי פרייען זיך אומזיסט די אָרימע נפשות, זיי מיינען, אַז געקומען איז שוין אַ סוף צו זייער וואַנדערוועג, זיי ווייסן נישט, אַז דאָס נאָרט מען זיי נאָר אָפּ, אַז נאָר צען מינוט ערלויבט מען זיי דאָ צו בלייבן.

עס כאַפּט אויף דער ווינט דעם סוד און הוזשעט אים אַריין אין די אויערן פון די וואָגלער: „האַלט איר מידע וואַנדערער, האַלט אייער טראָט נאָך אַלץ אין דער לופט, איר קענט נאָך אַלץ נישט אַראָפּשטעלן אייער פוס אויף קיין זיכערן באָדן. פרעמדע שומרים שטייען ביי די טויערן פון אייער היים, אייך אַהין נישט אַריינצולאָזן. צען מינוט גיט מען אייך דאָס רעכט, אַוועק צו שטעלן אייער פוס אויף אייער אייגענער ערד, צען מינוט נאָר, ביז מען וועט צוברענגען אַ שיף, וואָס איז ווי

אַ שטייג, אַרומגעצאַמט מיט שטעכיגע דראָטן, אַהין וועט מען אײַך אַריינוואַרפן און ווידער אײַך יאָגן, ווידער אײַך טרייבן, נאָך אַלץ נישט צו קיין אייגענער היים, צו קיין אייגענעם טיש, נאָר ווי פאַרברעכער צו אַ פּריזאָן־אינזל וואָס הייסט „ציפּערן".

וויינען יתומים'לעך, קרעכצן אַלטע, זיפצן יונגע. ווי לאַנג נאָך ווי לאַנג וועט מען אונז פון איין אָרט אַרויסטרייבן און אין אַ צווייטן נישט אַריינלאָזן? נישטאָ שוין מעהר קיין כחות צום וואַנדערן, נישטאָ קיין כחות! און רייסנדיג זייערע בליקן צו די פעלזן, בעט זיך זייער געוויין: „לאָזט אונז שוין אַמאָל אַריין אין אונזער היים! לאָזט אונז אַריין!"

פון הינטער די פעלזן באַווייזן זיך די ברידער און שוועסטער פון איין נגון, מיט פאַקלען פון ליבשאַפט אין זייערע הערצער רייסן זיי זיך צו קומען אַקעגן צו דער שיף פון די וואַגלער. זיי בעטן זיך מיט גוטן, שטעלן אײַן זייערע לעבנס און פאָדערן מיט בייזן: „גייט אַוועק פון די טויערן, איר פרעמדע שומרים, לאָזט אונזערע וואַגלענדע ברידער און שוועסטער אַריין צו אונז אַהער אין זייער לאַנד, אין זייער היים. טרייבט זיי נישט מעהר, יאָגט זיי נישט מעהר. קיינער פון אײַך וויל זיי נישט, מיר ווילן זיי יאָ! מיר ווילן זיך מיט זיי טיילן, מיט אונזער היים, מיט אונזער טיש, ביז מיר וועלן אַלע צוזאַמען צוריק אויפבויען אַ נײַ לעבן, אַ נײַע וועלט. לאָזט זיי אַריין צו אונז — פאָדערן די שטימען פון די פעלזן, מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און דראָענדע פויסטן.

לאָזט אונז גיין אַהין צו זיי, צו אונזערע שוועסטער און ברידער! — בעטן זיך די וויינענדיגע יתומים פון דער שיף און עס ציען זיך הענט צו הענט.

— בײַך! — שרייען אויס די געפּאַנצערטע שומרים, וועלכע ווילן נישט פאַרשטיין קיין בלוטיגע קרעכצן און געוויין. זיי וויסן נאָר, אַז זיי דאַרפן אויספאָלגן אַן „אוקאַז", זיי שטעלן אָן זייערע כלי־זיין פון נאַגאַיקעס, ביקסן, טרערן־באָמבעס און הויבן אָן צו יאָגן פון איין זייט די נגון־ברידער צוריק צו די פעלזן, פון דער צווייטער זייט די פאַר־יתומ'טע וואַגלער צו דער געפּאַנצערטער שיף קיין ציפּערן.

— האָפנונג, מוט, איר געפּייניגטע ברידער און שוועסטער, מיר וועלן נישט רוען, ביז מיר וועלן אײַך ברענגען צו אונז, צו אײַער היים! — הערן זיך די שטימען פון הינטער די פעלזן.

II

# צען מינוט אויף אייגענער ערד

אונטער די שרעק און פּיין פון די כלי־זיין הויבן זיך אָן צו שלעפּן יאָמערדיגע טריט צו דער געפּאַנצערטער שיף.

פּלוצלינג דערהערט זיך אַ גבור׳דיגער דונער־קול, וועלכער טרייסלט אויף בערג, טאָל, ימים און הימלען:

— חברים, יתומים! — שרייט דער קול — גייט נישט אויף׳ן שיף, מיר וואַנדערן נישט מעהר! טויט אָדער לעבעדיג, אַ דאָ בלייבן מיר!...

דער דונערדיגער גבור־קול איז אַרויסגעקומען פון דעם קינ־דערשן העלזל פון שימינקע. זיינע פיס זיינען געשטאַנען ווי איינגע־וואקסן צו דער פייכטער ערד און זיין קאָפּ איז געווען הויך פאַרריסן צו די הימלען.

— וואו האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ גבור־קול? — האָבן צוטומלט געשעפּטשעט ליפּן.

— זיין קול איז די גייסטיגע גבורה פון טויזנטער יאָרן שוואַכ־קייט! — האָט באַגייסטערט אויסגערופן דער זיידע לייזער.

גרויס און קליין האָבן זיך איצט אַ לאָז געטאָן צו שימינקע׳ן, און אַרומרינגלענדיג אים, האָבן אַלע מיט איין קול אויסגעשריען:

— מיר פאָלגן דיך, שימינקע, לעבן אָדער טויט! מיר וואַנדערן נישט ווייטער! אַ דאָ בלייבן מיר! אַ דאָ אויף אונזער ערד!

די פּלוצלינגע גבורה פון די שוואַכע האָט אויף אַ מאָמענט צוטומלט די שטאַרקע. באַלד האָבן זיך אָבער יענע צוריק דערמאָנט אין זייער מאַכט און האָבן דאָס ערשטע געוואָלט אָוועקנעמען דעם אָנפירער פון די שוואַכע. אַ פּאָר שטאַרקע הענט פון אַ סאָלדאַט האָבן מיט אַ טרייסל ביי זיינע פּלייצקעס געוואָלט אָוועק־שלעפּן שימינקע׳ן פון זיין אָרט.

שימינקע׳ס אויסגעביינערטער פויסט איז אַריינגעשפּרונגען אין דעם סאָלדאַט׳ס פּנים. דער געגן־קאַמפּף פון די שוואַכע האָט שטאַרק אויפגעבראַכט אַלע אַנדערע שומרים און יעגערס און זיי האָבן זיך איצט אַלע מיט מער אימפּעט און גרויזאַמקייט אַ לאָז געטאָן מיט קלאַבס, ביקסן און טרערן־באָמבעס האָבן זיי גענומען יאָגן, שלאָגן און שלעפּן אַלעמען צו דער געפּאַנצערטער שיף.

— קום, שימינקע, זיי ווילן דיך דער׳הרג׳נען! זיי זיינען שטאַרקער פון אונז, זיי האָבן געווער! — האָבן גערופן די יתומים

צו זייער חבר שימינקע, ווען די יעגער־סאָלדאַטן האָבן זיי אַלעמען ווי פּעקלעך באַגאַזש געוואָרפן אין דער געפּאַנצערטער שיף אַריין.

— ניין! איך האָב נישט מעהר קיין מורא פאַר קיינעם! איך וואַנדער נישט מעהר! פון אומעטום האָט מען מיך געיאָגט און גע־טריבן — האָט געדונערט שימינקע׳ס קול — איך בין געשלאָפן אין וועלדער, אויף צווייגן פון בוימער, האָבן מיך די פויגלן פון דאָרט נעטריבן, געשריגן, אַז עס איז זייער נעסט, זייער היים. איך האָב מיך באַהאַלטן אין קעלערן, זיינען אויף מיר מייז און ראַצן געשפּרונגען, געריסן, געביסן, געשריגן, אַז עס איז זייער היים. וואו איז מיין היים? איך וויל אויך אַ היים! איך וואַנדער נישט מעהר! אַ דאָ בלייב איך, דאָ! — האָט שימינקע געכאָרכלט מיט זיין פון רויך פאַרשטיקטן האַלז און מיט זיינע פון טרערן־באַמבעס פאַרגאָסענע אויגן.

זיינע פיס האָט מען אָבער אַלץ נישט געקענט אָפּרייסן פון דער ערד, אַ שטאַרקער זעץ פון אַ שומר׳ס קלאָב האָט ענדליך אָפּגעריסן שימינקע׳ס טריט פון דער ארץ־ישראל׳דיגער ערד, וועלכעס איז באַ־דעקט געוואָרן פון זיין פריש פאַרגאָסענעם בלוט.

כאַפּט אויף דער ווינט דעם יתומים־יאָמער מיט׳ן פריש פאַר־גאָסענעם בלוט און צוטראָגט דאָס צום געוויסן פון דער וועלט און עס הוזשעט ווינט אין יושר׳דיגע קעפּ און הערצער.

— וועלט! קריג יושר און גיב שוין אַמאָל אַ היים צו די פאַר׳יתומ׳טע וואָגלער, אַ היים, אַ היים!...

***

אַזוי שנעל ווי שימינקע איז אין דעם ציפּערן־האָספּיטאַל געזונד געוואָרן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען, איז ער אַ פּאָר טעג און נעכט אַרומגעגאַנגען כסדר שטיל פאַרטראַכט, געהיימניספול באַקוקט יעדן ווינקל פון דעם פּריזאָן־אינזל און כסדר עפּיס געפּלאָנט, ביז איינמאָל אין אַ געוויסן זונען־פאַרגאַנג, אין אַ שעה, ווען דער טאָג האָט זיך געביטן מיט דער נאַכט, האָט שימינקע צוזאַמען־גערופן עטליכע פון זיינע חברים׳לעך יתומים, אויך אַ פּאָר פון די דערוואַקסענע און האָט זיי אייַנגעראָמט אַ סוד, אַז נאָך היינט וועט ער זיך פון דאַנען אַרויס־גנב׳נען און אַנטלויפן.

אַנטלויפן? — האָבן צושראָקן אויסגערופן אַלע חברים׳לעך און דבורה׳לע פרעגט איבער צוטומלט:

— אַנטלויפן, וואו־אַהין?

קוקנדיג אין דער ווייטקייט אַריין, רעדט שטיל שימינקע:

— צוריק אַהין אין ארץ־ישראל! ברידערלעך, שוועסטערלעך

מײַנע! — רופֿט ער אויס מיט באַגײַסטערונג — איך קען בשום אופֿן נישט פֿאַרגעסן יענע צען מינוט, וואָס איך האָב פֿאַרזוכט צו שטיין אויף אונזער אײגענער ערד. עפּיס האָב איך מיט אַמאָל דערפֿילט, אַז איך האָב אויך עפּיס, וואָס איז מײַנס, אַז איך בין אויך ערגיץ אַ באַלעבאָס.

— איך האָב אויך אַזוי געפֿילט, איך אויך! — כאַפּן אונטער עטליכע אַנדערע יתומים.

— אַ סך פֿון אײַך קינדער געדענקן, ווײסן פֿון עפּיס אַ היים. איך אָבער ווײס נישט פֿון קײן שום היים. איך ווײס אפֿילו נישט, אין װעלכער ערד עס ליגט מײַן משפּחה. נײן, איך ווײס נישט צו װעלכער שטאָט, צו װעלכען לאַנד איך האָב אַמאָל באַלאַנגט. אָבער עפּעס דאָרט די צען מינוט, וואָס איך בין געשטאַנען אויף יענער ערד, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ווי אַ מאַמע מײַנע וואָלט מיט אירע אָרעמס אָרומ־גענומען מײַנע פֿיס און מיך פֿעסט צוגעהאַלטן. אין מײַנע אויערן האָט עפּעס ווי אַרײַנגעזונגען אַ ניגון פֿון ווײט־ווײטע באָבעס און זײדעס און דער נגון האָט געזאָגט צו מיר: „אַ דאָ, קינד, באַלאַנגסט דו! אָט דאָ ביזט דו אַן אײגענער! דאָ האָסטו משפּחה, אָט דאָ אויף דער ערד!“...

אפֿשר איז עס דערפֿאַר, ווײַל כמעט אַלע אַלע אידן, וואָס איך האָב געקענט און געוואוסט, האָבן געוואָלט קומען אַהין. פֿון אַלע קאָנצענ־טראַציאָנס־קעמפּס, פֿון אַלע צום טויט געפֿירטע, האָב איך שטענדיג געהערט דאָס לעצטע וואָרט: „שמע ישראל“ און „ארץ־ישראל“!...

— איך פֿיל, שימינקע — רעדט דער זײדע לײזער — אַז עס קומט דער גרויסער נס. איך הער שוין דעם „שופר של משיח“, באַלד־באַלד און אונזער טויזנטדיעריגער חלום וועט מקוים ווערן! מיר וועלן סוף־כל־סוף קריגן אונזער היים! מען דאַרף נאָר גאָט בעטן און האָפֿן!...

— נײן, זײדעניו, מיט האָפֿנונג אַלײן וועט מען גאָר נישט מאַכן, נאָר מיט קעמפֿן! — קרעמפּט שימינקע צוזאַמען זײַן פֿויסט.

— נײן! איך וויל נישט קעמפֿן, מען שלאָגט, מען ברענט אין אויזונס! איך האָב געזען און איך האָב מורא! מיך האָרט נישט, אין וואָס פֿאַר אַ היים מען וועט מיך לאָזן, אַבי אַ היים! — רעדט מיט שרעק דער יתום מאָטעלע.

— אָבער דו נאַרעלע אײנער! — שרײַט אויס שימינקע — קײנער וויל דאָך אונז אין ערגיץ נישט האָבן. פֿון פֿרעמדע הײמען טרײַבט מען און מען יאָגט אונז. דערפֿאַר דאַרפֿן מיר קעמפֿן פֿאַר אַן אײגענע היים!...

— אָבער מען קעמפֿט, שימינקע, אַלע קעמפֿן! — רעדט

באַגייסטערט דבורה׳לע — דו ווייסט נישט, דו ביזט געלעגן קראַנק, אָבער מיר האָבן זיך דאָ דערוואוסט, אַז נאָך אַנדערע שיפן מיט אונזערע וואַגלערס קעמפפן, זיי גייען נישט אַרונטער, זיי שווימען אַרום איבער די ימים, ביז מען וועט זיי אַריינלאָזן אין אַ היים!...

— אין אונזער אייגענער היים! — כאַפּן אונטער מיט באַגייס־טערונג אַ סך יתומים.

— יאָ, אונזערע ברידער וואַגלן אויף די שיפן, שטעלן איין זייערע לעבנס און קעמפפען אין די פעלזן פאַר אונז, אונז אַהיים צו ברענגען... און איך זאָל זיצן דאָ און וואַרטן? ניין, איך גיי צו זיי! — רופט אויס שימינקע אַנטשלאָסן.

— אָבער ווי אַזוי? מיר זיינען דאָך דאָ אַרומגעצאַמט מיט שטעכיגע דראָטן? — סוד׳ן צו אים אַלע מיט שרעק.

— איך האָב פאַר קיין זאַך נישט קיין מורא. איך האָב מיך אויסגעלערנט שפּרינגען איבער בוימער ווי אַ האָז, קריכן אונטער דער ערד ווי אַ ווארים. איך וועל ווי אַ הונד די ערד דורכגראָבן און קריכן אונטער די דראָטן, שווימען ונטער כוואַליעס, שוועבן אויף די וואָלקנס און וועל קומען צו זיי, צו אונזערע שוועסטער און ברידער אויף די פעלזן און קעמפפן צוזאַמען מיט זיי פאַר אַ היים!...

— דו וועסט אומקומען, שימינקע! — בעטן זיך די חברים יתומים און אויך די דערוואַקסענע.

— מען האָט מיך שוין אַמאָל גערופן „שמשון הגבור" און איך וועל זיגן! — רעדט אַנטשלאָסן שימינקע.

— דו הייסט אויך חיימ׳ל, דו דאַרפסט לעבן! — בעט זיך דבורה׳לע — גיי נישט, שימינקע, שטעל נישט איין דיין לעבן! וועסט זען, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, וואָס מען וועט אונז סיי־ווי פון דאַנען אַרויסלאָזן!

— יאָ, דבורה׳לע! — שרייט אויס שימינקע — יאָ, עס וועט קומען אַזאַ צייט, וואָס נישט נאָר וועט מען אַלעמען אַרויסלאָזן פון אָט דעם אונזל און פון אַלע „קאָנצענטראַציעס", נאָר מען וועט אונז שוין מעהר קיינמאָל נישט פאַרשפּאַרן אונטער אייזערנע גראַטעס! אָבער די צייט וועט קומען נאָר דאַמאָלס, ווען אַזעלכע ווי איך וועלן קעמפפן פאַר דעם, קעמפפן! — וויספּערט שימינקע מיט אַ צוזאַמען־געדריקטער פויסט און ווענדט זיך דערביי צו עטליכע חברים׳לעך מיט די ווערטער: — איר גייט איצט אַרויס און פאַררייד די וועכטער!

— גוט, מיר פאָלגן! — הערט זיך אַן ענטפער.

פון ווינקל רוקט זיך אַרויס דער יתומ׳ל אברהמ׳לע, פון ערגיץ

אַ באַהאַלטעניש נעמט ער אַרויס אַ שאַרף מעסערל, גיט עס צו שימינקע און דערציילט:

— נישט לאַנג צוריק, ווען די נאַציס האָבן אויסגעהרג׳עט מיין משפחה און געהאַלטן שוין ביי מיר, האָב איך געהערט ווי אונזער גוי׳שע באַלעבאָסטע, אין וועמעס דירה מיר האָבן געוואוינט, האָט געזאָגט צו איר שייגעצל: „וואַרט מיין זוהן, באַלד וועלן די נאַציס טויטן דעם זשידאָק אברהמל, וועסטו האָבן זיין נייעם גאַרניטערל!״... האָב איך דעמאָלט שטיל געכאַפּט דאָס שאַרפע מעסערל און גיך גיך אויף זיך צושניטן מיין נייעם גאַרניטערל. איצט נאַ־דיר, שימינקע, דאָס שאַרפע מעסערל וועסטו מיט דעם שניידן די דראָטן, וואָס וועלן דיר זיין אין וועג!...

— אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר אברהמ׳לע! — זאָגט שימינקע, צונעמנדיג דאָס מעסערל — אָט באַלד, ווי עס וועט נאָר ווערן אַ ביסל פינסטערער, לאָז איך זיך אין וועג!...

— ניין, ניין, שימינקע, טו עס נישט, דו וועסט אומקומען! — בעטן זיך ווידער אַ סך יתומים און דערוואַקסענע.

— לאָזט אים, לאָזט אים! קיינער קען זיין אַנטשלאָסנהייט נישט ענדערן! — רעדט דער זיידע לייזער — לאָזט אים און גאָט וועט זיין זיין היטער און זיין פירער!...

פון ערגיץ אַ ווינקל ברענגט צו אימיצנס אַ מאַמע אַ פּעקעלע עסן און שעפּטשעט שטיל:

— נאַ, נעם עס שימינקע און באַהאַלט עס אויף׳ן וועג!...

קוקן אַלעמענס אויגן מיט שרעק און זיי וואַרטן און וואַרטן. קומט אָן די שטילע נאַכט און זאָגט שימינקע׳ן, אַז עס איז שוין צייט פאַר זיין פּלאַן.

ציטערן דבורה׳לעס ליפּעלעך, ווען זיי זאָגן:

— איך וויל דיר אויך עפּיס מיטגעבן, שימינקע, נאָר איך האָב נישט וואָס!

נעמט שימינקע דבורה׳לעס הענטל און זיי קוקןביידע זיך אין די אויגן.

— היט דיין לעבן, שימינקע! — בעט זיך דבורה׳לע און אַליין נישט־וויסנדיג רירן אירע ליפּן אָן זיין באַק און פון איר אויג פאַרקייקלט זיך אַ טרער צו שימינקע׳ס שטאַרקער ליפּ.

רופט שימינקע אַנטשלאָסן אויס:

— איך נעם, דבורה׳לע, מיט זיך אויף מיין וועג דיין קוש מיט דיין טרער. עס וועט העלפן מיר אַ היים צו זוכן און געפינען, אַ נייַ לעבן אויפצובויען פאַר דיר, פאַר מיר און פאַר אונז אַלע!

און מיט דעם אַלט־באַקאַנטן נגון אויף זיינע ליפּן פאַרשווינדט שימינקע אין דער געדיכטקייט פון דער נאַכט. קוקן אים נאָך אַלע יתומים׳ס צושראָקענע אויגן און זייערע קלאַפּנדיגע הערצער זינגען מיט זיין נגון.

שאַרן שימינקע׳ס טריט זיך אויף די גראָזן, וויגן שטיל זיך שטיל די גראָזן און זינגען מיט זיין נגון.

שפּרינגט שימינקע איבער בוימער, בויגן שטיל זיך אייך די צווייגן און זינגען מיט זיין נגון.

שווימט שימינקע אונטער כוואַליעס, בולקעט שטיל זיך שטיל דאָס וואַסער און זינגט מיט זיין נגון.

קוקן שימינקע׳ס בליקן צו דעם הימל, פאַרזייעט זיך שנעל דער הימל מיט מיליאָנען שטערן. קוקט יעדעס שטערנדל אַרונטער, באַלויכט פאַר שימינקע׳ן זיין וועג און זינגט מיט אים זיין נגון.

שווימען שיפן אויף די ימים, זינגען ברידער דעם אַלטן נגון — און די ברידער שוועסטער פון די פעלזן זינגען הויך דעמזעלבן נגון.

הויבן פויגלן זייערע קעפּלעך פון די נעסטן און זינגען מיט דעם נגון.

און אויף די ווינטיגע פליגלען ברענגט דער ווינט דעם ענטפער פון יושר׳דיגע ליפּן פון דער וועלט און דער ענפער זינגט אַריין אין שימינקע׳ס כאָר דעמזעלבן נגון:

„עוד לא אבדה תקותנו".

# מאַמע און זוהן האָבן זיך געיאָגט



## אַ פראַגמענט

געווידמעט דעם אָנדענקן פון מיין שוועסטער און איר ערשטן זוהן, וועלכע זיינען ביידע נישט לאַנג נאָך זייער „רעיס" אַנטלאָפן צו זייער אייביגער רוה.

געיאָגט פון היימישן דלות, איז שרה־חנה צו אירע צוועלף יאָר פון איר טאַטע־מאַמע'ס היים געלאָפן, צו אַ גרעסערער שטאָדט, אום צו פאַרדינען פאַר זיך און אַרויס צו העלפן טאַטע־מאַמע.

געיאָגט פון פאַגראָמשטשיקעס איז שרה־חנה צו פערצן יאָר צוזאַמען מיטן „קליינעם בונד", פון אינגלעך און מיידלעך אין איר עלטער, אַרומגעלאָפן מיט'ן פאָהן אין האַנט, העלפן דעם „גרויסן בונד" שאַפן אַ „רעוואָלוציע"...

געיאָגט פון קאָזאַצקע נאַגאַיקעס איז שרה־חנה, צו זיבעצן יאָר געלאָפן צו דער מיליאָנען־טירענדיגע אמעריקע, צו דעם לאַנד, וואו יעדער האָט פון אַלע עקן וועלט, פון פאַגראָמען און נאַגאַיקעס און אַלע פרעה'ס צרות, געפונען אַ ווינקל, זיך צו ראַטעווען... און אַריינגעלאָפן איז שרה־חנה, וועלכע איז אין אַמעריקע געוואָרן „סערע", צו אַן אַמעריקאַנער „שאַפּ"...

און געיאָגט איז איצט געוואָרן סערע, פון אַ באָס, פון אַ פאָרמאַן און רעדער פון מאַשינען, וועלכע האָבן אַרויסגעיאָגט די כחות פון אירע יונגע גלידער...

און געלאָפן איז ווידער סערע פון דעם „שאַפּ" צו דעם אייביגן „רעטער", צו דעם אייביגן „דערלייזער" פון דער שוואַכער פרוי, צום „מאַן"!...

חתונה געהאַט האָט סערע, און אויף אַ פינפטן פלאָר, צווישן אויוון, טעפּל און אַלע ווילע אַ שטאָך אין רוקן, האָט זי אויפגעהערט לויפן...

אַ ווידער־קול פונ'ם שווערן לעבן איז געווען דאָס שווערע

„טראָגן" און דאָס שווערע „האָבן" — און אַלע שוועריקייטן צוזאַמען האָבן סערע׳ן נאָכ׳ן קינפּעט איבערגעלאָזט מיט אַ שוואַך האַרץ. אָבער וואָס פאַר אַ ווערדע האָט אַ שוואַך האַרץ פון אַ מאַמע׳ן געגן דער געבורט פון אַ קינד?

סערע האָט אַ קינד געבאָרן; חיים׳ל האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן — און „היימעלע" האָט מען אים גערופן.

און די יונגע מאַמע האָט נישט געזען, נישט געהערט און נישט געפילט איר שוואַך האַרץ, ווייל זי איז געווען צופיל פאַרנומען מיט פּאַקעלעך, מאַזעלעך, אַ ווייגעלע, אַ לאַכעלע, אַ שטעל אַ „פיסעלע" — און איר זוהן׳ס ערשטן וואָרט „מאַמע"...

אָבער היימעלע וואַקסט אַ בלאַסינקער, עפּיס איז ניט גלאַט מיט איר קינד... און די מאַמע לויפט ווידער, איצט לויפט זי פון דאָקטאָר צו דאָקטאָר, און ענדליך געפינט זי אַ דאָקטאָר, וואָס האָט אויסגעפונען, אַז איר קינד האָט אויך אַ שוואַך הערצעלע...

פאַר איר, פאַר דער מאַמע׳ס האַרץ, איז נישטאָ קיין צייט זיך צו עסק׳ן... אָבער היימעלע איז נאָך אַ בייבי, זיין קינדיש הערצעלע וועט זי, די מאַמע, נאָך אויסהיילן, קריגט די מאַמע פאַר אים פרישע מילך, פרישע אייער, פרישע לופט און פרישע כחות, צו טראָגן אים אויף די הענט, ווען ער איז שוין כמעט שווערער פון איר, כדי איר קינד זאָל אַן איבעריגן טראָט ניט דאַרפן מאַכן, ווייל עס קען נאָך שאַדן זיין הערצעלע.

די אַנדערע אַנקומענדע קינדער מיט זייערע וויקעלעך, ווינדעלעך, שוואַכע מאַגענדלעך, שווערע ציינדעלעך, פאַרשרייען און פאַרשטופּן אַ ביסל היימעלע׳ס אַמאָליגע שוואַכע הערצעלע...

נאָר ווען דער פּעטליכער היימי מיט די רויטע בעקעלעך צושלאָגט זיך מיט אַ חבר אָדער ברודער און שוועסטער, אָדער ער גיט אַ אינגלישן שפּרונג, דערמאָנט אים באַלד די מאַמע: „היימעלע, היט זיך, דו האָסט אַ שוואַך האַרץ!"...

יאָרן גייען, יאָרן קומען און דער געזונד־געבויטער, האַלב דער־וואַקסענער בחור׳ל ווערט אָפט פאַרשעמט, ווען שפּילנדיג באָל מיט זיינע חברים, דערמאָנט אים די מאַמע, ער זאָל נישט אַזוי האַסטיג וואַרפן דעם באָל, ער זאָל, הייסט עס, היטן זיין שוואַך האַרץ!

— דו נעם בעסער קער אויף דיר! — בייזערט זיך אין אַזאַ מאָמענט היימי אין זיין האַלבן אידיש און האַלבן ענגליש — איי וואוד לייק טו מיט דהי דאָקטאָר, וואָס האָט דיר אַמאָל איינגערעדט, אַז איך האָב אַ שוואַך האַרץ! — און בייסנדיג אַן עפּל, שרייט ער ווייטער לאַכנדיג: — די מאַמע מיינע הערט זיך נאָר צו צו אַלע קרעיזי דאָקטאָרס,

יו דזשאָסט שאָו מי דהי דאָקטאָר, זאָל ער נאָר פאַרזוכן מיין פויסט, וועט ער שוין וויסן, ווער עס האָט אַ שוואַך האַרץ!...

היימי איז שוין זיבעצן יאָר און ווערט פון זיין הײַ־סקול אויס־געקליבן אין אַ „טים" צו לויפן, און ער ווייסט, ער איז זיכער, אַז ער וועט געווינען דעם „רעיס" און געווינען דעם האָנאָרערי פּרייז אַלס דער שנעלסטער „ראַנער" פון זיין סקול.

אָבער ער האָט מורא פאַר זיין מאַמע׳ן, זי וועט ניט לאָזן, זי וועט זיך דערמאָנען, אַז ער האָט אַמאָל אַלס קינד געהאַט אַ שוואַך האַרץ... און זי וועט שרייען, אַז ער טאָר בישט לויפן — און ער זשאַלעוועט זיין מאַמע׳ן, ער וויל זי ניט ערגערן, ווייל ער ווייסט אַז זי, זיין מאַמע, האָט טאַקע יאָ אַ קראַנק האַרץ...

אָבער לויפן וויל ער פאָרט, טוט ער אַלעס באַהאַלטן, בשתיקה, די מאַמע זאָל זיך בישט דערוויסן, זאָגט אָן אַלע חברים, קויפט אונטער די שוועסטערלעך און ברידערלעך, אַז קיינער זאָל ניט אויסזאָגן דער מאַמע׳ן, אַז ער וועט דעם און דעם דאַטום זיין איינער פון די „ראַנערס" פאַר זיין סקול. ער טראַכט, אַז שפּעטער, ווען ער וועט געווינען דעם רעיס, וועט ער אַליין אויסזאָגן, מאַכן דער מאַמען אַ סורפּרייז!

און די מאַמע איז פאַרנומען מיט די קלענערע קינדער און מיט דאגות פרנסה, טאַקע אַ רייכע אַמעריקע, אָבער פאַר איין מענש איז שווער אַריין צו ברענגען די גאַנצע חיונה אין שטוב אַריין, מוז דאָס ווייב ארויסהעלפן...

און כדי איר היימעלע זאָל אין זיין האַדעוואָניע קענען זיך אָנזאַפּן מיט פיל פרישע לופט, האָט די מאַמע אויסגעזוכט אַ דרויסן־ביזנעס, געקויפט אַ סאָדע־סטענד, זי זאָל קאָנען טאָן ביידע אַרבעטן צוזאַמען, העלפן דעם מאַן פאַרדינען אויף חיונה און אין דער זעלבער צייט מיט אַ מאַמע־אויג אַכטונג געבן אויף איר קינד, וועלכער זאָל זיך קענען האַדעווען אין דרויסן נעבן איר ביים סטענד.

און איצט, ווען די מאַמע איז נאָך אַלץ פאַרהאָרעוועט, זוכנדיג צו פאַרדינען, דערביי אַכטונג צו געבן אויף אירע אַנדערע קינדער, וועלכע שפּילן זיך אויך אַרום איר ביים סטענד, און אויף ווען זי דאַרף אַלעווײלע שרייען, זיי זאָלן בישט אויפנאַשן אַזויפיל קענדי מיט אייז־קרים, איר גאַנצן „ריוח"...

אין דער צייט מאַכט היימי אַלע פאַרבאַרייטונגען פאַרן לויפן, פאַר זיין „פּרייז־ראַן", ער גרייט זיך אָן מיט לויף־שיך און באַהאַלט זיי אין דער הויך, אויף אַ קלאָזעט, וואו די מאַמע קאָן ניט דערלאַנגען... ער פאַרזאָרגט זיך מיט קורצע הויזקעס צום לויפן און באַהאַלט זיי ביי אַ חבר...

ענדליך קומט אָן דער טאָג פון זיין לויפן. אַלע אין שטוב וויסן פון דעם סוד, אַלע, אַפילו דער טאַטע וויסט עס אויך, אָבער אַלע גיבן נאָך היימי׳ן און באַהאַלטן דעם סוד פון דער פאַרזאָרגטער מאַמע.

די קלענערע ווילן זיין ווי גרויסע, ווייזן אַז זיי קענען האַלטן אַ סוד, און כדי דאָך ניט אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער, פאַרשפּאַרן זיי זיך מיט זייערע הענטלעך די מיילער.

און געקומען איז די צייט, ווען היימי איז אַוועק צום פּלאַץ פון זיין לויף־רעיס.

אַ שכנה, אַ קאָסטאָמער, טרינקט אַ גלעזל וואַסער ביים סטענד, און לעשנדיג אירע ליפּן מיט די זידנדיגע סעלצער, גיט זי קוועטשנדיג מיט די פּלייצעס אַ זאָג:

— נאָ, אַלע משוגעת׳ן טראַכטן זיי דאָ אויס אין די סקולס, נאָ־דיר גאָר אַ לויפן אין מיטן דרינען! און אַז איר קינדער ווילט לויפן, טו לויפט! עס איז אָבער ניט גענוג, דאַרף עס נאָך דער מאַמע׳ן קאָסטן שיך מיט הויזקעס מיט וויס איך וואָס נאָך! — און אַ שטאַרקן זופּ טוענדיג די וואַסער, רעדט די שכנה ווייטער:

— און עס איז מיר אַ וואונדער אויף אייך, מיסעס ראָזען, אַז איר זאָלט דאָס אַלץ נאָכגעבן. צוליב אייער היימי׳ן איז שוין אויך מיין סעמי געלאָפן...

— מיין היימי? וואָס רעדט איר? — ווערט באַלד די אָרימע פאַרהאָרעוועטע סטענד־קיפּערין דערשראָקן.

— וואָס, איר ווייסט גאָר ניט? פון אונזער בלאָק לויפט דאָך מיין סעמי, דער קראַנאָוויצער׳ס באָי און אייער היימי! זיי זיינען דאָך שוין אַלע אַוועק! באַלד איינס אַ זייגער איז דאָס דער געלאָף!...

ביי סערע׳ן פאַלט אַרויס און צעברעכט זיך דאָס גלאָז, אין וועלכער זי האָט געצאַפּט וואַסער פאַר אַ צווייטן קאָסטאָמער, און מיטן ווייסן לאַנגן סטענד־פאַרטוך אויף זיך לויפט זי אַרויס פון סטענד און לאָזט זיך לויפן...

— מיסעס ראָזען, וואָס לאָזט איר דעם סטענד אַליין? מען וועט דאָך אייך באַ׳גנב׳ענען! — שרייט איר נאָך די שכנה, אָבער סערע הערט ניט און לויפט...

— וואָס זייט איר אַזאַ משוגענע מאַמע? — שרייט אָן אַנדערע שכנה — מיין זוהן לויפט דאָך אויך!

אָבער סערע הערט זיי ניט און לויפט ווייטער. קיינער ווייסט ניט, אַז איר היימעלע האָט אַ שוואַך הערצל — טראַכט זי — ניין, ער טאָר ניט לויפן! ער וועט זיך אָפּרייסן זיין האַרץ!... ער טאָר ניט! זי וועט ניט לאָזן! און זי לויפט ניט לאָזן!...

זי איז אָנגעקומען צום פּלאַץ, וואו מען לויפט, אָבער זי האָט שוין פאַרשפּעטיגט! הײמי איז שוין אינעווייניג, אַרומגעצאַמט מיט אַ צאַם, אַזוי אַז מען קען צו אים ניט צוקומען.

איר שוואַך האַרץ איז פאַרסאַפּעט און פאַרמאַטערט, זי וויל כאַפּן דעם אָטעם און אַ געשריי טאָן: „הײמי דו טאָרסט נישט לויפן!" אָבער אין דער סעקונדע גיט אַ מאַן אַ מאַך מיט אַ פלעג, און הײמי, מיט די אַנדערע באָיעס פאַנגען אָן לויפן...

ניט ווי אַמאָל נאָך שרה־חנה׳ן דער מיידל האָט זיך געיאָגט אַ פאַגראַממשטשיק און אַ קאָזאַק מיט אַ נאַגאַיקע, נאָר ווי גאַנצע דערפער פאַגראַמשטשיקעס מיט העק אין זייערע הענט, ווי גאַנצע פאָלקען קאָזאַקן אויף פערד מיט נאַגאַיקעס פאָכנדיג איבער איר קאָפּ, וואָלטן זיך איצט אַ יאָג געטאָן נאָך סערע דער מאַמע׳ן...

און פונקט ווי הײמי לויפט אינעווייניג מיט זיינע יונגע איינגע־שטודירטע שפּאַנען, פונקט מיט אַזאַ שנעלקייט לויפט די מאַמע פון אויסער׳ן צאַם און שרייט:

— הײמי, דו טאָרסט ניט לויפן! הײמי, דו טאָרסט ניט, דו טאָרסט ניט!

הײמי׳ן לויפנדיג דוכט זיך, אַז ער הערט זיין מאַמע׳ס קול און ער האָט מורא, זי וועט אים נאָך אָניאָגן און ניט לאָזן געווינען דעם רעיס, וויל ער וואָס שנעלער אַנטלויפן פון דער מאַמע׳ס געשרייען, ער לויפט מיט זיינע נאַקעטע קני נאָך שטאַרקער, נאָך פעסטער!

און די מאַמע, לויפנדיג, פלאָנטערט אַלעווײלע אַרויס אירע פיס פונ׳ם לאַנגן סטענד־פאַרטוך... און יאָגט מיט די לעצטע כוחות איר קינד, שרייענדיג מיט׳ן פאַרסאַפּעטן אָטעם:

— הײמי, דו טאָרסט ניט לויפן! דו טאָרסט נישט, דו טאָרסט ניט לויפן!

הײמי לויפט, גאַלאָפּירט שנעלער, פעסטער, אַנטלויפן פון זיין מאַמע...

די מאַמע לויפט שנעלער, פעסטער, ראַטעווען דאָס האַרץ פון איר קינד!...

אָט, אָט, דאַכט זיך הײמי׳ן, אַז די מאַמע כאַפּט אים, לויפט ער האַסטיגער, נאָך אַ שפּאַן, נאָך אַ שפּאַן און הײמי קומט צו לויפן דער ערשטער פון די באָיעס!

אָבער די מאַמע פון דער זייט צאַם איז געקומען צולויפן מיט אַ טריט פריער!

און די דזשאַדזשעס האָבן ניט געוואוסט, וועמען צו געבן דעם ערשטן פרייז, דעם זוהן צי דער מאַמע׳ן!...

# סאַראַטאָגע



## אַ שטאָדט וואָס האָט ליב אידן

דאָס רוישן פון די רעדער ווערט שטילער, דאָס רוקן־זיך פון דער טריין לאַנגזאַמער, עפּיס דאַכט זיך ווי די טריין וואָלט האָבן גרויס דרך־ארץ פאַר אָט דער שטאָדט, וואָס קומט איר איצט אַקעגן, ווייל כאָטש ווי אַ וויכטיגע מחותנת׳טע שניידט זי זיך אַריין אין דער שטאָדט׳ס סאַמע הארץ, דאָך וואָס נענטער זי קומט צו, אַלץ לאַנגזאַמער און רוהיגער דרייען זיך די רעדער.

„ס אַ ר אַ ט אָ ג אַ !״ — שרייט אויס דער קאָנדוקטאָר און אין די וואַגאָנען ווערט אַ גערודער, הענט הויבן זיך אָן ציען צו וואַליסעס און קלומעקעס, ליפּן הויבן אָן שעפּטשען קרעכצענדיג: „אָט איז עס, אָט שוין! אפשר וועט פאַרט גאָט העלפן מיינע פיס! אוי, אפשר וועט גאָט העלפן מיין זייט! אוי, מיינע קני! איי די בעדער, די בעדער, די וואַסערן, דאָס טרינקען! מיר העלפט דאָס, מיך ראַטעוועט דאָס!״...

דאָס שעפּטשענדיג קרעכצענדע ריידעריי פון די רייזענדע ווערט אויסגעמישט מיט אַ שטאַרקן פּייף פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו, ווי אַנצוזאָגן די בוימער, די בלומען, די גראָזן און איבערהויפּט די אַלע וואַסער־קוואַלן, אַז אָט בין איך די טריין שוין ווידער דאָ און ברענג אייך ווידער מענשן מידע, שוואַכע, קראַנקע, וואָס קומען זוכן הילף...

מיט אַ דופּטנדיג לאַשטשענדיג ווינטל, געשיקט פון פּאַלמען־בוימער און וואַסער־קוואַלן ענפערט אָפּ די שטאָדט. דאָס שמעקעדיגע ווינטל שפּאַרט זיך דורך טיר און פענסטער גלייך אין טריין אַריין, גלעט און לאַשטשעט די פּאַסאַזשירן׳ס פּנים׳ר און עס דאַכט זיך, אַז דאָס ווינטל רעדט פאַר אַלעמען און עס זאָגט:

— קומט, קומט איר מענשן־קינדער, קומט, מיר וועלן אייך היילן מיט אַלע אונזערע נאַטור־אוצרות!...

די פּאַסאַזשירן׳ס פּנימ׳ר ווערן אָנגעפּילט מיט פריידיגער האָפ־נונג און האַלטנדיג זיך יעדער ביי אַן אנדער ווייטאָגדיגן גליד, גיט מען זיך אַ לאָז צו די צעעפנטע טירן.

דאָס ערשטע, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג און אויער אויף דער סאַראַטאָגאַ׳ר באַן־סטאַנציע, איז אַ גרויסער באָס, וואָס קומט צו יעדער טריין אָפּנעמען זיינע פּאַסאַזשירן.

צו יעדן׳ס אויער דערגרייכט באַלד דער אויסגעשריי פונ׳ם באָס־דראַיווער:

— קאָנוואַלעסענט־האוס, קאָנוואַלעסענט־האוס!

אַרום דעם דראַיווער רינגלט זיך אַרום אַ גרופּע פרויען און מענער, אַלע אויסגעקרענקטע, מידע, בלייכע. עס באַווייזט זיך אויך באַלד דער סופּערינטענדענט פון דער „קאָנוואַלעסענט־האוס" און איבערציילנדיג צי עס זיינען דאָ אַלע, וויפיל מען האָט צו אים פון אומעטום צוגעשיקט, זעצט ער זיך אַריין מיט זיי אין באָס און הייסט דעם דראַיווער פאָרן.

דער באָס לאָזט זיך דאַן אַוועק אויף זיין זינט יאָרן אויסגע־פאָרענעם וועג, צו אַ גרויס פעלד מיט שמעקעדיגע פון דער זון באַ־שטראַלטע פרוכט־בוימער, וואו עס וואַרט שוין פאַר די אָרימע מענשן אַ הויז מיט אַ סך צימערן, מיט הונדערטער ווייסע בעטן, און אַ גרויסע דאַיינינג־רום, וואו עס זיינען אָנגעגרייט טישן מיט אַלערליי געזונטע מאכלים. אָט אַהין פירט אַוועק דער באָס די פילע קראַנקע אָרימע מענשן פאַר עטליכע וואָכן רו און היילונג.

אָבער נישט אַלע, וואָס לאָזן זיך אַרויס פון דער טריין אויף דער סאַראַטאָגער באַן־סטאַנציע זיינען מידע און קראַנקע. פון אַנדערע וואַגאָנען זעט מען פּאַסאַזשירן אַרויסשפּרינגען׳ געזונטע, לעבעדיגע, פריילעכע — און כמעט יעדן מיט אַ צייטונג אין האַנט און אַ פּענסיל אין דער זייט מויל אָדער שטופּענדיג דעם פּענסיל אין וועסטל־קעשענע. דאָס זיינען אַזעלכע, וואָס זיינען געזעסן אין וואַגאָן־רעסטאָראַן און זופּענדיג שוואַרצע־קאַווע, האָבן זיי כסדר גערעכנט, וועלכע פערד עס זיינען שטאַרקער, געזונטער, און שטאַמען פון אַ שענערע משפּחה, און קוקנדיג אויף די זייגערס, מען זאָל נישט פאַרשפּעטיגן, רופן זיי פון אַלע זייטן: „טעקסי, טעקסי! טו די טרעקס, טו די רעיסעס!"

דער טאָג אין סאַראַטאָגע הויבט זיך אָן מיט אַ לויפעניש. ווי נאָר עס גיט אַ בליאַסק אויף טאָג, הויבן זיך אָן אַרויסצורוקן מענשן פון אַלע ווינקעלעך פון די רייכע האָטעלן, אַזוי ווי פון די האָטעלן

„קאָך־אַליין", ווי מען רופט דאָרט אַזעלכע הייזער, וואו מען דינגט אַ צימער און מען קאָכט אַליין דאָס עסן.

גענעצדיג און רייבנדיג זיך די אויגן, האַלט מען אין די הענט גרויסע גלעזער, סלאַיעס, פּאַפּירענע קאַנטיינערס און מען לויפט. דאָס לויפט מען וואָס גיכער צו פאַרכאַפּן אַ „נעקסט" אין דער לאַנגער רייע ביים וואַסער נומער דריי, וועלכעס דאַרף היילן פאַרשטאָפּטע מאַגנס און עס האָט אַ טעם ווי ביטער־זאַלץ. און נאָך זופנדיג די נומער דריי וואַסער ווערט שוין ביי פילע ווידער אַ געלויף און דאָן איז שוין דאָס לויפט מען וואָס גיכער צו פאַרכאַפּן אַ „נעקסט" אין דער לאַנגער אַלע אַנדערע רוקן זיך אָפּ, צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם סאָרט „לויפערס"...

דאָס איז אָבער ערשט דער אָנהויב פון'ם טאָג לויפעניש אין סאַראַטאָגע, ווייל באַלד נאָך דעם וואַסער נומער דריי, הויבט זיך אָן אַ לויפעניש נאָך וואַסער נומער צוויי און וואַסער נומער איינס: וואַסער, וואָס איז גוט פאַר קידניס, וואַסער וואָס איז גוט פאַר גאַל־בלאַדער, וואַסער צום שמעקן, וואָס דאַרף היילן „סאַיניס", אָבער די הויפּט לויפעניש חוץ צו דעם וואַסער נומער דריי איז צו דער וואַסער קוואַל פון שיינקייט, „ביוטי־וואַסער" הייסט עס, אַזאַ וואַסער וואָס דאַרף מאַכן שיין.

כלומרשט זאָגט איינער צום צווייטן, אַז מען לויפט זיך וואַשן די אויגן, ווייל דער סאָרט וואַסער, האַלט מען, איז אויך אַ רפואה צו קראַנקע אויגן. גיט מען זיך טאַקי אַ נעץ די אויגן, ווען מען איז שוין דאָרט. אָבער די הויפּט־וואַשעניש ביי יענעם ברונעם איז דער פּנים, דער האַלז, אָרעמס, קני. מיט איין וואָרט: וואָס מעהר קנייטשן איינע האָט, אַלץ מעהר „ביוטי־וואַסער" גיסט זי אויף זיך.

און נישט נאָר טוען דאָס די פרויען, נאָר אויך די מענער שטופּן זיך וואָס גיכער אין דער לאַין אַריין. מען לאָכט כסדר איינער פון'ם צווייטן און מען גיסט אויף זיך דאָס „ביוטי־וואַסער" נאָך אַ קענדל און נאָך אַ קענדל.

צווישן דער ברונעמער־לויפעניש קומט ערשט דאָס באָד־לויפעניש. איינער לויפט פון'ם ברונעם צום באָד און אַ צווייטער פון'ם באָד צום ברונעם. אַט אַזוי האַלט מען דאָרט אין איין לויפן.

אַ צווייטע זאַך, וואָס פאַרכאַפּט אין סאַראַטאָגע אויג און אויער, זיינען אידן און אידישקייט. כאָטש עס קומען אַהין מענשן פון אַלערליי ראַסן און נאַציאָנען און כאָטש עס קלינגט דאָרט אין די אויערן דער קלאַנג פון אַלערליי שפּראַכן, מאַכט דאָס דעם איינדרוק ווי אידיש וואָלט דאָרט געווען די הויפּט־שפּראַך, ווייל אידיש, דאַכט זיך, הערט מען דאָרט מעהר פון אַלעס.

מען הערט דאָרט אַ פּויליש אידיש, אַ גאַליציאַנער אידיש, רוסיש

אידיש, אונגא̈ריש אידיש, ליטוויש אידיש, רומעניש אידיש. אידיש פון א̈לע זייטן.

א̈ט גייט מען פא̈רביי א̈ הא̈טעל, דערהערט מען, ווי פרויען ווינשן זיך איינע דער צווייטער אויף א̈ פא̈רשידענעם דיא̈לעקטישן אידיש, א̈ז די בעדער זא̈לן איר זיין צו רפואה. און א̈ט דערטרא̈גן זיך צום אויער טענות פון א̈ צוויטן הא̈טעל־פא̈רטש, ווי איין פרוי שרייט א̈ריבער דער צווייטער, יעדע מיט טענות, א̈ז די צווייטע איז א̈ פרא̈סטע אידענע, א̈ בא̈ריידערקע, א̈ פשוט׳ע יענטע, ווערנד זי הא̈ט א̈ זוהן א̈ דא̈קטא̈ר. שרייט די צווייטע, א̈ז זי איז מעהר יחסן׳טע, ווייל זי הא̈ט צווי איידעמס דא̈קטוירים און עס הא̈ט זי געגעב געלד און געזונט א̈פגעקא̈סט, דא̈ס צו הא̈בן.

כמעט יעדע פרוי אויף די סא̈רא̈טא̈גער פא̈רטשעס הא̈ט זיהן א̈דער איידעמס דא̈קטוירים און יעדע פון זיי לערנט די א̈נדערע געסט, וועלכע וואַסערן יענע דא̈רפן טרינקען.

איינע טענה׳ט: „טרינקט נישט וואַסער נומער דריי, נא̈ר נומער צוויי. איך וויים, וואַס איך רייד, איך בין נישט א̈בי־ווער, איך בין א̈ דא̈קטא̈ר׳ס א̈ מא̈מע. מיין זוהן נעמט נישט ווייניגער פא̈ר א̈ וויזיט ווי צען דא̈לאר!״...

שרייט איר איבער א̈ צווייטע: „און איך זא̈ג, א̈ז נא̈ר די הא̈י־ראָק וואַסער איז גוט פא̈ר די קידניס... און איך בין א̈ מא̈מע פון דריי דא̈קטוירים, א̈ זוהן און צווי איידעמס, און מיין זוהן דער דא̈קטא̈ר נעמט נישט ווייניגער ווי 25 דא̈לאר. איז ווער וויסט מעהר, איר א̈דער איך?״

א̈ט די ריידעריי און זידלעריי גייט א̈ן אויף א̈ן א̈לערליי אידיש — און נישט נא̈ר הערט מען אין סא̈רא̈טא̈גע דעם אידיש, נא̈ר מען זעהט אים אויך, מען טא̈פט אים א̈יינפא̈ך א̈ן. א̈ט זעהט מען לא̈נגע זיידענע קא̈פא̈טעס, אידישע געדרייטע פאות און אידישע בערד פון א̈לערליי סא̈רטן: שווא̈רצע, גרויע, ברוינע, רויטע, קורצע, מיטעלע, און גא̈ר לא̈נגע — און קיינער פון די נישט־אידן קוקט נישט מיט פא̈רוואונדערונג אויף די לא̈נגע קא̈פא̈טעס מיט די בערד.

פא̈ר די סא̈רא̈טא̈גער צוקוקערס זיינען שוין, ווייזט אויס, א̈ט די א̈לערליי בערד א נא̈טירליכע זא̈ך, ווי עס וואַלט בא̈לא̈נגט צו דער דא̈רטיגער נא̈טור־שיינקייט, ווי דא̈ס וואַלט צוגעגעבן קא̈ליר צו די שיינע פא̈למען־בוימער. נישט מיט פא̈רוואונדערונג, נא̈ר מיט דרך־ארץ קוקט מען דא̈רט אויף די לא̈נגע קא̈פא̈טעס מיט די בערד.

קומט מען א̈ריין אין די בא̈סעס, וואַס לויפן צו די בעדער און פון די בעדער, רוקן זיך די פרויען א̈וועק צו די וויטערדיגע זיץ־פלעצער, ווייל די דרא̈יוועדס, די ווייסע און די שווא̈רצע, זא̈גן שוין א̈ן, א̈ז א̈ט

קומען אַריין די „ראַבאַיס" — און זיי, די ראַבאַיס, טאָרן נישט זיצן נעבן פרויען.

שאַרן זיך די פרויען אַוועק מיט אַ שמייכל און מיט גרויס רעס־פעקט.

און אָט קומט מען צו צו אַ ברונעם, וואָס רופט זיך „וואַסער נומער איינס", טרעפט מען דאָרט אידן, וואָס שטייען גרופּנווייז און זופּנדיג די וואַסערן און גלעטנדיג זיך די בערד, חקירה'ט מען זיך כסדר און מען הערט פון אונטער די בערד אַרויסקומען אַזעלכע ווערטער ווי: „דער רמב"ם זאָגט, דער מדרש מאַכט, רש"י שרייבט, די גמרא פּסקנ'ט"...

די אַלע אַנדערע וואַסער־טרינקער, די מעהר אַמעריקאַניזירטע, שטעלן אָן דעם אויער מיט דרך־ארץ, צו כאַפּן אַ נישט־פאַרשטענדליך וואָרט. דאָבּי מורמלען פילע: „מיין זיידע האָט אויך אַזוי גערעדט!"

— מיינער אויך, מיינער אויך! — באַרימען זיך די אַנדערע.

פון אַ רייכן אויטאָמאָביל, וואָס שטעלט זיך אָפּ ביים ברונעם, שפּרינגט אַרויס אַ 19־יאָריגע ברונעטע שיינהייט, האַלטנדיג אין איר צאַרטער האַנט אַ געבלומטע גלאָז. שטעלט זי זיך צו צו דער רייע וואַסער־זופער. מיט מילדע באַגייסטערטע בליקן פאַלגט זי נאָך די קאַלירפולע בערד און די באַוועגונגען פון די הענט, וואָס גלעטן און ציען די בערד.

איר אויער כאַפּט אויך אויף די קלאַנגען, ווי: „דער רמב"ם זאָגט, דער מדרש מאַכט, רש"י שרייבט, די גמרא פּסקנ'ט". זי הערט ווי די אַנדערע וואַסער־טרינקער יחוס'ן זיך גראָד אויף אַ יענקישן ענגליש, אַז מיין זיידע האָט אויך אַזוי גערעדט און מיינער אויך, מיינער אויך!...

אירע אויגן פאַרציען זיך מיט עפּיס אַן אומבאַקאַנטער בענקעניש, איר רייע קומט אָן, זי שטעלט אונטער דאָס גלאָז אונטער דעם לויפנדען קוואַל־וואַסער. זי פאַרגעסט זיך אַליין צו טרינקען און ווי פאַר'חלומ'ט טראָגט זי צו דאָס גלאָז זידנדיגע וואַסער צום פאָטער און קוקט ווייטער אַהין צו די אידן אין די זיידענע קאַפּאָטעס און מיט די שיינע בערד, וועלכע קוקן איר אויס ווי אַ פּאַנאָראַמע פון אַ ווייטער פאַנטאַסטישער וועלט.

דער פאָטער, מר. סימפּסאָן, אַן אויסגעפּוצטער „אַלראַיטניק", זופּט דאָס וואַסער און פילט זיך אומבאַקוועם, וואָס ער איז אַליין נישט געשטאַנען אין דער רייע, נאָר ער האָט געלאָזט זיין אידל־דערצויגענע טאָכטער ריטאַ, זיך שטופּן דאָרט מיט די אידן און זייערע צופּאַטלטע

בערד. רופט ער אויס צו זיין טאַכטער אין אַ זיגנעדיגן ענגליש, כדי צו פאַרשטעלן זיין אידישן אַקצענט:

— סאַרי ריטעלע, וואָס איך האָב דיך געלאָזט שטופּן זיך דאָרט מיט׳ן קראָוד. נאָו־מאָר! נעקסטן מאָל וועל איך שוין מיטנעמען דאָרט דעם שאָפער!...

— פּאַפּאַ! — רופט פּלוצלינג ריטא אויס, נאָך אַלץ קוקענדיג צום ברונעם — דיינע זיידעס האָבן אויך אויסגעזען ווי יענע אידן דאָרטן און האָבן אויך גערעדט פון אַזעלכע זאַכן ווי זיי?

— מיינע זיידעס? ניין, וואָס פּאַלט דיר איין?... נו, נו, שנעל ריטעלע, קום אַריין אין קאַר! — פּרובירט ער איבערצופירן דאָס געשפּרעך אויף עפּיס אַנדערש — שנעלער לאָ׳מיר פאָרן צוריק צום האָטעל, ווייל מיר וועלן פאַרשפּעטיגן די „קאַרד־פּאַרטי״.

— ניין, פּאַפּאַ! — רופט אויס ריטא פאַר׳חלום׳ט — פאַר אַליין צו דער „קאַרד־פּאַרטי״, איך וויל דאָ נאָך שטיין אַ ווײלע. ס׳איז מיר אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס די אידן מיט די בערד ריידן. איך וויל עס פּרובירן פאַרשטיין!...

און אָט קומט מען צו צו דער שיינער ווייסער געביידע פון די „לינקאָלן־בעדער״, וואָס טונקען זיך אין אַלטע פּאַלמען־בוימער מיט יונגע קוסטעם צווייגן, גלייכגעשניטענע גראָזן און פאַרשידנפאַרביג שמעקעדיגע בלומען.

אויף די גרויסע באַקוועמע בעדער־פּאַרטשעס זיצן אויף וויג־שטולן האַלב אַנגעלענט אָפּגעבאָדענע מענער און פרויען. די מענער וויגן זיך רוענד צוזאַמען מיט די צאַרטע זומער־ווינטעלעך און באַ־טראַכטנדיג געמיטליך גאָט׳ס וועלטל, רעדט מען פון אידישע אינטע־רעסן און פון דער פאַרלוירענער אַלטער היים. די פרויען דרייען זיך כסדר מיט זייערע שטולן צו דער זון און אין דער זון, אז די ברענענדע זון זאָל קענען גוט אויסבאַקן זייערע קני און זייערע פּלייצעס, ריידנדיג דאָבײ איינע צו דער צווייטער, ווי אַזוי צו קאָכן גוטע אידישע מאכלים.

עטליכע שפּאַן פון דער באָד, ביי אַ וואַסער־פּאָנטן, שטייט אַ גרופּע מענער און פרויען — און זופּנדיג די לינקאָלן־וואַסער, רייסן זיך זייערע בליקן צו אַ סצענע, אויף וועלכער זיי קוקן מיט גרויס ליבשאַפט.

א יונגע שיינע איטאַליענערקע מיט אַ קאַמערע אין האַנט שטופּט זיך דורך דער גרופּע מענשן און דרייט זיך אויף אַלע זייטן, אָפּצופאָטאָ־גראַפירן דאָס בילד, אויף וועלכן אַלע קוקן.

צווישן גרינע קוסטעס, באַשטראַלט פון דער פרימאָרגן־זון, שטייט

אַ זיבנציאָריג אינגעלע, וועלכער האַלט אַ סידור׳ל אין זיין האַנט און דאַוונט פרום.

דאָס ליכטיגע פּנים׳ל שיינט אַרויס פון אונטער דעם זון־באַש־טראַלטן היטעלע. צוליב דעם הייסן פרימאָרגן איז זיין קאַפּאָטקעלע צושפּילעט און עס זעט זיך פון דאָרט אַרויס זיין אַרבע־כנפות׳ל מיט די ווייסע שנירלדיגע ציצית, וועלכע ער גיט אָפּט ביי זיין דאַוונען אַ קוש.

די גרופּע מענער און פרויען, וואָס שטייען פון דער ווייטנס און שפּיגלען זיך אין דעם קליינעם אידעלע, ווינשן זיך אין דער שטיל, צו האָבן אַזאַ טייער קינד. די איטאַליענערקע סטראַיעט כסדר אַן די קאַמערע, זי האָט אָבער מורא, צוצוקומען נאָענט צו דעם קליינעם אידעלע, וועמעס אויגלעך עס זיינען איצט פאַרריסן ערגיץ ווייט־ווייט צו די הימלען.

נישט ווייט פון דעם אינגעלע זיצט אויף׳ן גראָז זיין קלענערע שוועסטערל. זי דערציילט, אַז איר ברודער און זי וואַרטן דאָ אויף זייער מאַמע, וועלכע איז אַריין אינעווייניג, נעמען אַ באָד פאַר אירע קראַנקע פיס. זי בעט זיך דאָבֿיי ביי די מענשן, מען זאָל נישט טשעפּען איר ברודערל, ווייל ער טאָר יעצט נישט מפסיק זיין, ער שטייט שמונה־עשרה.

דאָס אויג איז נאָך אָנגעפילט מיט אָט דעם הערליכן בילד, ווען דאָס אויער דערהערט שוין, ווי עטליכע מענער און פרויען שנעל־לויפנדיג רופן איינער דעם צווייטן: „קומט שנעל אין שול אַריין, גיך, מיר וועלן פאַרשפּעטיגן דעם מגיד!״...

און אָט זאָגט גאָר אַ סאַראַטאָגער דאָקטאָר צו זיינע פּאַציענטן, אַז שבת זאָל מען צו אים קומען אין אַן אַנדערער שטונדע ווי די געוויינליכע, ווייל ער גייט אַוועק מיט זיין פאַמיליע עסן „טשאָלענט״. ער וויל, זיינע אַמעריקאַנער קינדער זאָלן וויסן, אַז עס איז שבת אויף דער וועלט.

אין אַן אַנדערן ווינקל פון סאַראַטאָגע, אין אַ רייך־באַלויכטענעם גוי׳שן האָטעל גיט זיך פּלוצים אַ הויב אויף פונ׳ם קאָרטן־טיש די ליכטיג־בלאָנדע מאַניושאַ, וואָס זעט אויס ווי אַ קריסטין און פּילע מיינען טאַקי, אַז זי איז אַ קריסטין — און אויף אַ געשמאַקן לובלינער אידיש גיט זי אַ רוף אויס: „נו, גענוג מיט די קאָרטן! היינט איז שבת נאַכט, קומט, לאָמיר בעסער גייען צום רבין׳ס מלוה־מלכה!״

פּילע מענער און פרויען טהון איר גלייך נאָך, לאָזן איבער די קאָרטן מיט׳ן רייכן האָטעל און לאָזן זיך אַוועק אין אַ זייטיג געסל, איבער וועמעס קליינע הייזקעס עס וויגן זיך גרויסע אַלטע בוימער.

אין איינער פון די הייזקעס אין אַ קליין צימערל ביי אַ לאַנגן טיש זיצט אַ חסידישער רבי, וואָס כאָטש זיין פּנים איז איינגעראַמט אין אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, זעט מען גלייך, אַז דאָס איז אַ יונגער מאַן פון נישט מער ווי אַ יאָר עטליכע דרייסיג.

הינטער דעם שטריימל זעט זיך אַ קאָפּ געקרויזטע שוואַרצע האָר. זיינע גרויסע ברענענדיגע אויגן זיינען אַנגעשטרענגט אויף'ן סידור, וואָס ליגט געבן אים. זיינע בלאַסע פינגער זיינען כסדר באַשעפטיגט, אַרויסצופּלאָנטערן די סידור-בלעטלעך פון אונטער זיין באָרד.

פאַרטיפט אין רעיונות קומען אַרויס פון זיינע ליפּן די ווערטער פון'ם סידור דורך אַ הויכע און האַרציגע נגינה, וואָס לאָזט זיך אַוועק ערגיץ הויך-הויך און ווייט-ווייט.

אַרום אים ביי דעם לאַנגן טיש זיצן אויסגעזעצט פילע פון זיינע חסידים. מאַנכע עלטערע פון אים און אַנדערע אינגערע. זיין 10-יאָריגער זוהנדעלע, יהושע'קל, וואָס האָט זעהר אַ שיין שטימעלע, שטייט נעבן דעם טאַטן'ס שטול און ווי אַ געניט משורר'ל כאַפּט ער כסדר אונטער מיט זיין דין קול'כל דעם טאַטן'ס הייליגן געזאַנג. און ווייט-ווייט איבער אַלע געסלעך צוטראַגן די בוימער דעם עכאָ פון די שבת-צו-נאַכט נגונים פון אַ רבי'ן מיט זיינע חסידים.

פרויען און מענער, אַרימע ווי רייכע, צודעקנדיג, זיך די קעפּ, ווער מיט אַ העט, ווער מיט אַ פאַטשיילקע און אַנדערע מיט די הוילע הענט, שטופּן זיך אַלץ נענטער צו דער טיר און פענסטער, צו כאַפּן אַ קוק אויף אַ רבי'ן'ס „מלוה-מלכה".

פילע פון די צוהערער און צוקוקערס פאַרגעסן אויף'ן מאָמענט, אַז זיי געפינען זיך אין דער גרויסער שיינער אַמעריקע. עס דוכט זיך זיי נאָר אָפּ, אַז מען געפינט זיך אויף'ן שולהויף פון דער פרומער שטעטל אין דער אַמאָליגער אַלטער היים.

אַנגעשפּאַרט אָן זיין אויטאָמאָביל, וואָס איז אַריינגעפּאַרן אונטער אַ געדיכטן בוים, שטייט ווי אַ גר — דער פאַר'גוי'שטער „אַלראַיטניק" מר. סימפּסאָן.

מיט צוטומלטע בליקן קוקט ער אויך צום רבי'ן'ס פענסטער. דורך די פון ווינט געטריבענע פאַרהענגלעך פון די צועפענטע פענסטער זעהן זיך אויף'ן ווייס-געדעקטן טיש געלע גרויסע לייכטער. אין די לייכטער טוקן זיך פלעמלעך פון אויסגעברענטע ליכט. איין קניטל איז נאָך אַ ביסל העלער פון די אַנדערע. מר. סימפּסאָן'ס בליק עסט זיך איין אין דעם פלעמל און ער דערזעט אין דעם דאָס פלעמל פון אַ חדר-לאַמטערנע, זיין לאַמטערנע, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי ליב געהאַט. ווי דורך די פאַרדריכערטע שייבלעך פון זיין אַמאָליגער לאַמ-

טערנע דערזעט זיין אַוועקוואַנדערנדער בליק זיין חדר, די אײנגלעך, דעם מלמד מיט׳ן קאַנטשיק — און אַ באַהאַלטענע נאַגעניש גיט אַ צופּ ערגיץ אַ דין סטרונעלע אין אים. אַ נאַגעניש, אפילו נאָך׳ן קאַנטשיק, פון וועמעס שמיץ ער איז אַנטלאָפן אַזש ביז אַמעריקע.

דאָ אין אַמעריקע האָט זיך מר. סימפּסאָן אַזוי פיל געוואָלט אַמעריקאַניזירן, אַז ער האָט אַזש זיין אויסגעבויגענע אידישע נאָז געלאָזט פון אַ דאָקטאָר אויסגלייכן, אַבי וואָס מערער צו געפעלן זיינע אַמעריקאַנער גוי׳שע פריינד, חאָטש פאַר יענע איז דאָס געווען אלצאיינס.

דעם רבין׳ס מיט זיינע חסידים׳ס נגינה צולאָזט זיך ווייט און הויך — און ווי די פלעמלעך פון מר. סימפּסאָן׳ס אַמאָליגער לאָמטערנע פלאַמט איצט אויף אין זיינע אויגן אַלץ מעהר און מעהר אַ באַהאַלטענע בענקשאַפט. זיינע אומעטיגע בליקן וואַנדערן אַרום איבער דער פיל־קעפּיגער מאַסע און שטעלט זיך אָפּ אויף זיין טאָכטער ריטאַ.

אַנגעלענט אויף׳ן אָרעם פון דער בלאָנדער מאַניושאַ, שטייט די שיינע ריטאַ. אונטערשפּרינגענדיג כסדר אויף די שפּיץ פינגער, וואָס שטעקן אַרויס פון אירע אָפענע שיכלעך, רייסט זי איר שיינעם קאָפּ אַלץ העכער און העכער איבער די קעפּ פון די אַנדערע מענשן, כדי צו כאַפּן אַ נענטערן בליק אויף אַ רבין׳ס „מלוה־מלכה״.

מאַניושאַ מיט איר זעהר קריסטליכן אויסזעהן, וואָס האָט זיך דווקא געהאַדעוועט אין אַ רבין׳ס הויף, געדענקט נאָך פון איר קינד־הייט אַ ביסיל אידישע מנהגים און טראַדיציעס. האַלטנדיג דעם אָרעם פון איר יונגער שכן׳טע ריטאַ, מיט וועמען זי האָט זיך שטאַרק באַ־פריינדעט, וואוינענדיג ביידע אין זעלבן האָטעל, פילט זיך תקיף׳דיג פון איר באַהאַוונטקייט און דערקלערט כסדר דער יונגער ריטאַ וועגן פאַרשידענע אידישע טראַדיציעס.

ריטאַ באַמערקט פון ווייטן דעם טאַטן און וואַרפנדיג צו אים פאַרוואורף־בליקן, רופט זי אויס הויך צו מאַניושאַ׳ן: „מאַניושאַ, אַז איך וועל חתונה האָבן און וועל האָבן קינדער, וועל איך זיך פון זיי נישט באַהאַלטן מיט מיין אידישקייט, ניין! איך וועל זיי שיקן אין אידישע שולן, זיי זאָלן זיך אַלעס לערנען, אַלעס פאַרשטיין, וויסן פון אידישע טראַדיציעס, אידישע ימים־טובים, נישט אַזוי ווי איך. איך האָב געוואוסט פון אַ קריסמעס טרי, איך האָב אָבער קיינמאָל נישט געוואוסט פון אַ אידישער „מאַלע־מאַלקע!״

די אַרומיגע גיבן אַ לאַך און מאַניושאַ פאַרריכט איר אין דער שטיל: „גויע, נישט מאַלע־מאַלקע, נאָר מלוה־מלכה!״

פון ערגיץ קומט אַרויס די לבנה אין איר פולער פראַכט און גיט אַ שפּאַציר אַריין איבער די קעפּ פון דער מענשן־מאַסע, ווי זי

וואָלט אויך געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף אַ רבין׳ס „מלוה־מלכה״. דורכ־
שפּאַצירנדיק שטעלט זיך אָפּ איר בלויער שיין אויף דעם צאַרטן פּנים
פון דער ברונעטער ריטאַ. דער פּאַטער דערזעט אין דער בלויקייט פון
דער לבנה זיין טאָכטער׳ס משפּט־בליקן און ער לאָזט אַראָפּ פאַרשעמט
זיינע אויגן צווישן די געדיכטע צווייגן, וועלכע שמייסן אים אין פּנים.

אין אַן אַנדערן ווינקל פון סאַראַטאָגע געפינט זיך אַ איד, וואָס
וואַרפט גאָר בלאָטע אויף אידן, נישט גלאַט עפּיס אַ ביסל בלאָטע,
נאָר גאַנצע בערג — און נישט בלויז ער אַליין און זיין פאַמיליע וואַרפן
די בלאָטע, נאָר ער צאָלט אַרבייטער שכירות, זיי זאָלן שטיין גאַנצע
טעג גראָבן בלאָטע אויף צו באַוואַרפן די אידן.

און די אידן, וואָס זיינען שוין געוואוינט פון דעם יאָרן־לאַנגן גלות,
באַוואַרפן צו ווערן מיט אַלערליי בלאָטעס, נעמען אויף די דאָזיגע
בלאָטע באהבה און מען בעט זיך גאָר נאָך אַ שעפּעלע און נאָך אַ
שעפּעלע בלאָטע...

דאָרט ביי די „מאָד און סאַלפער בעדער״ איז גאָר אַ אידישע
מלוכה. עס נעמען די בלאָטע־בעדער נישט־אידן אויך, אָבער די
אידן זיינען זיך גאָר מחיה מיט דעם, ווייל ווי אַ געגן־גיפט ראַטעוועט
אַמאָל אַרויס פון פאַרגיפטונג, אַזוי זיינען די בלאָטע־בעדער פאַר
אידן, ביי וועמען עס ווערן פון דעם לאַנגן גלות׳דיק בלאָטיקן בראָדזשען
פאַרהאַרטעוועט די אַדערן, די מוסקולען, די ביינער און די ווייטאָגן
ווערן פאַרוואַנדלט אין אַזעלכע שיין־קלינגענדיקע נעמען ווי: רהומאַ־
טיזם, אַרטראַיטיס, לאַמבעגאָ, און אַזוי ווייטער.

קומען אָט די סאַראַטאָגער מינעראַלע בלאָטעס, וועלכע ווערן
דורך עלעקטרישע מאַשינען אַרויסגעזיפּט פון אַלע שטיינדלעך, פון
דאַמפּף־מאַשינען געברענט, מיט שוועבל־וואַסער געמישט און געזאָטן
אַזוי אַז עס ווערט ווי אַ מין דיקער אויל און ווי אַ ווייכער סאַמעט
גלעט עס דאָס נאַקעטע לייב און ציט פון דאָרט אַרויס אַלע ווייטאָגן.
און וועלכער איד האָט דאָס נישט ערגיץ אַ שטיקל ווייטאָג?

איבערהויפּט זעט מען דאָרט די אידישע מלוכה, ווען עס קומט
פרייטאָג. קליינע אינגעלעך מיט געדרייטע פּאות׳לעך פירן זייערע טאַטעס
אין באָד אַריין. די טאַטעס גייען אַריין אינעווייניק און די אינגעלעך
בלייבן וואַרטן אויף׳ן גרינעם גראָז. מיידעלעך, וואָס וואַרטן שוין
פון פריער אויף זייערע מאַמעס, כאַפּן אַ פאַר׳גנב׳טן בליק צו די אינג־
לעך מיט די פאַרדרייטע לאָקן ביי די אויערן.

רביצינס און גלאַט פרומע ווייבער, אַלטע און יונגע, אַרויס־
קומענדיק פונ׳ם באָד אָפּגעפרישטע, זעצן זיך אויס אויף די לאַנגע
בענק, וואָס שטייען דאָרט. מיט איין האַנט ציען זיי אַרונטער די פאַרוקן

און מיט דער אַנדערער האַנט ציען זיי אַרויף די קליידער, צו באַקן די קני אויף דער זון.

און אַט דערזען די רביצינס און גלאַט פרומע ווייבער, אַז די זון הויבט זיך שוין אָן טוקען, ווערט באַלד אַ לויפעניש אַהיים ליכט־בענטשן. יעדע לויפט וואָס שנעלער צו די באַסעס און דער באַלעבאָס פון די בעדער הויבט אָן לויפן מעהר פון אַלעמען. אַט לויפט ער אַריינזעצן עטליכע ווייבער אין די פּראַיוועט אויטאָמאָבילן פון זיינע באַקאַנטע און אַט לויפט ער זיך איינבעטן ביי די נישט־פרומע געסט זיינע, זיי זאָלן וואַרטן אויף זיין צווייטן באַס און לאָזן פריער אַהיים־פאָרן די וואָס ווילן ליכט־בענטשן. דערפאַר וועט ער זיי דאָס נעקסטע מאָל באַוואָרפן מיט נאָך אַ שעפעלע בלאָטע...

אין דער קוואַדראַטנער בעסעדקע, ביי אַ זייט וואַנט פון די בלאָטע־בעדער, אויף די גרין געפאַרבטע לאַנגע בענק, וואָס וואַרימען זיך אין די גאָלדענע זונען־שטראַלן, זיצן אויסגעזעצט די מיט בלאָטע אָפּגע־באָדענע גרופּע מענער און פרויען, זופנדיג פון פאַפּירענע בעכערלעך דאָס באַד־ריח׳דיגע שוועבעל־וואַסער.

טענה׳ט דאָרט גרופּע צו גרופּע האָפנונגספול און פאַר׳חלומ׳ט, אַז מען דאַרף נישט פאַרלירן דעם מוט און דעם בטחון, ווייל מיט די אַלע שטערונגען וועט מען נאָך גאַנץ זיכער דערלעבן, צו קריגן דעם אַלט־נייעם וואונש און שטרעבונג — ארץ־ישראל!

עס קומט צו אַ יונג בחור׳ל און טיילט אויס ליפלעטס, אַן איינ־לאַדונג צו אַ ציוניסטישער פאַרזאַמלונג פון אַ יוגנד־גרופּע. דער לויף־פליענדער באַלעבאָס, וועלכער פליט אַרום ווי אויף פליגלען אַרום יעדן ווינקעלע פון זיינע בלאָטע און שוועבל־בעדער, דערזעהט באַלד דעם יונגן ציוניסט און בלינק צולויפענדיק צום בחור׳ל, כאַפּט ער ביי אים אַ בינטל ליפלעטס און העלפט דאָס אים אויסטיילן, זאָגנ־דיג דאַביי: „איר טוט אויף גוטע אַרבייט! פיין, פיין, יונגער מאַן! איר קענט דערפאַר אַריינגיין נעמען אַ בלאָטע־באַד אויף מיין חשבון!"

די גרופּע עלטערע מענער און פרויען בעמען אַן די איינלאַדונג מיט גרויס פרייד. איין איד רופט אויס מיט באַגייסטערונג: „איר וועט זעהן, אידן, אונזער יוגענד וועט זיכער אויספירן! אויף זיי קען מען זיך פאַרלאָזן! זיי זיינען די פרישע כחות צום אַלטן קאַמפף. זיי, זיי וועלן זיכער דערלעבן צו זעהן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין ארץ־ישראל!"

פון אַלע הערצער און ליפּן הילכט דאַן אָפּ איין גרויסער „אמן"...

אין דעם שיינעם רוזוועלט־פּאַרק, אַרום דעם קריסטאַלענעם טייך, פון וועמעס פאָנטאַנען עס שפּריצן רעגנבויגן־פאַרביגע וואַסער־שטראַלן,

שפּאַצירן גרופּעס עלעגאַנט־געקליידעטע יונגע מענער און פרויען, פירנדיק אַ היציגן געשפּרעך.

אײן יונג מיידל צו׳טענה׳ט זיך אין אַ שיינעם אידיש: „איך זאָג, אַז אפילו חוץ דעם, וואָס מען שלאָגט און מען הרג׳ט אומעטום אידן, אַז חוץ דעם אַלעמען וויל איך פילן, אַז איך האָב ערגיץ אַן אייגען לאַנד, אַן אייגענע היים. איך וויל פילן, אַז איך בין פּונקט אַזאַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער!״...

— הערט וואָס איך וועל אייך דערציילן — פאַנגט אָן אַ יונגער מאַן — איך האָב אַ ירושה פון מיינער אַ באָבע אַ קליינע הילצערנע הייזקע, טאָקי דאָ אין סאַראַטאָגע. עס טראָגט מיר נישט אַריין קיין סך, אָבער עס איז מיך חיים! מיין משפּחה, איך האָב אַ גרויסע משפּחה און אַ סך פריינד און באַקאַנטע אין פערשידענע שטעדט פון אַמעריקע, אַלע פון זיי האָבן מיך זעהר גערן. איך בין, זאָגן זיי, אַ גוטער, אַ געראַטענער, אַ פריילכער. מיט איין וואָרט: מען האָט מיך פּשוט ליב, און יעדער פון זיי לאַדעט מיך שטענדיג איין צו זיך. יעדער בעט זיך, איך זאָל נאָר קומען צו איהם, זיין דאָרט, וואוינען דאָרט, חדשים, יאָרן, אפילו אויף שטענדיג. פּאַסירט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין היים, גאַנץ איינפּאַך, איך האָב נישט מעהר קיין היים! מיין ערנוואָרט, ווי אין יענעם יאָר האָב איך נישט באַקומען קיין ברעקל איינלאַדונג פון קיינעם, נישט נאָר צו קומען און זיין מיט זיי אויף שטענדיג, נאָר אפילו נישט אויף אַ חודש, נישט אפילו אויף אַ וואָך!...

— דאָס איז זעהר אַ גוטער ביישפּיל! — האָבן אַלע פון דער גרופּע אויסגערופן און דער יונגער מאַן האָט ווייטער גערעדט: — פאַרשטייט איר מיך, אַ מענש אָדער אַ גאַנץ פאָלק איז נאָר דאַן וויכטיג, סיי ביי זיך און סיי ביי יענעם, ווען מען איז ערגיץ אַליין אַ באַלעבאָס, ווען מען האָט ערגיץ אַן אייגענע היים.

— יאָ, יאָ, נאָר אַן אייגענע היים! — האָט אויסגערופן די גאַנצע גרופּע מיט צוזאַמענגעדריקטע פויסטן — מיר דאַרפן און מוזן פירן אַ קאַמפּף פאַר אַן אייגענע היים!...

דער עכאָ פון אַלטע פאַלמען־בוימער האָט הויך און ווייט אָפּ־געהילכט: „אַן אייגענע היים!״... די יונגע צווייגעלעך האָבן זיך סודות׳דיג געוויגט אַהין און אַהער אין אַ שעפּטשענדען ווידער־קול פון זייערע טאַטעס, די בוימער: „אַן אייגענע היים, אַן אייגענע היים!״

מילדע ווינטן האָבן צובלאָזן די אַראָפּגעפאַלענע גרין־רויטע בלעטלעך אין דער ווייטער ווייטקייט מיט אַ שאַרסקעריי: „אַן אייגענע היים! שוין צייט, שוין צייט, אַן אייגענע היים!״...

# זעכציג יאָר געבענקט נאָך אַ „גירלאַנדע"



## דערציילונג

— חתונה האָבן ווילט איר? האָט פאַרוואונדערט אויסגערופן דער באַאַמטער, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אויף וועמעס פנים עס האָבן זיך געפונען איינגראַווירטע קנייטשן פון איבזאַפּען אין זיך יענעם׳ס ליידן. זיינע גרויסע פריינטליכע אויגן זיינען שטענדיג געווען אָפן, צו דערזען די צרות פון ווינקעלדיגע פאַרגעסענע מענטשן און זיין האַרץ האָט אים כסדר געשטופּט און געצויגן, אַוועק צו געבן פיל צייט און מיה פאַר זיינע וואָלטעטיגע אַרבייטן.

אָנשטעלנדיג אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן אויף דער, וואָס איז איצט געשטאַנען פאַר אים, האָט ער נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט:

— איר חתונה האָבן? צו וואָס? ע, איך מיין, עס פעלט אַייך דאָ עפּיס ביי אונז?

— ער, ער איז פון דאַנען, דאָ האָב איך אים געפונען! — האָט זי אַרויסגעשטאַמעלט.

— אַ חתונה מיט איינעם פון דאַנען? צו־וואָס דאַרפט איר דאָס טאַקע? — האָט ווידער איבערגעפרעגט דער באַאַמטער.

— איך האָב אים ליב! — האָט זי שטיל און שנעל אַרויס־געפליסטערט און אַ כלה־פאַרשעמטקייט האָט זיך אַ רויטל געטון אויף אירע אַיינגעפאַלענע באַקן.

— פראָסט און פשוט ליב? — האָט דער באַאַמטער נאָכגערעדט און טראַכטנדיג דאַביי מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל, וואו דער יצר־הרע שפּאַרט אַלץ אָן, האָט ער נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט: — הייסט עס, איר האָט זיך גאָר ביי אונז פאַרליבט?

דער נייער כלה׳ס איינגעשרומפּן קערפּערל האָט זיך נאָך מער

איינגעשרומפּן. אירע דריבנע טריט האָבן זיך גענומען שאַרן אויף צוריק פון דעם אָפּיס, וואו זי איז געשטאַנען. זי האָט זיך עפּיס דערשראָקן פאַר דעם וואָרט, וואָס זי האָט דאָ איצט אַרויסגערעדט. „ליבע", אָט דאָס וואָרט, נאָך וועלכן זי האָט אין דער שטילקייט פון איר אָוועק־געהענדיגן לעבן אַזוי פיל און אַזוי שטאַרק געבענקט.

— שעמט זיך נישט, קומט אַריין נעהנטער אין אָפּיס! זעצט זיך, דערציילט, ווער און וואָס, וועלן מיר זען, וואָס מיר קענען טאָן פאַר אייך! — האָט דער באַאַמטער צוגערוקט אַ שטול.

זי איז אָבער אַלץ געבליבן שטיין אויף דער שוועל אין איר איינגעעקשנ׳טער פאַרשעמטקייט. עס איז איר באַלד צו־הילף געקומען אַ קול, וואָס האָט זיך צו איר דערנענטערט.

— מיר ווילן חתונה האָבן, ווייל מיר האָבן געפונען אונזערע באַשערטע... יאָ־יאָ, מר. טשערמאַן, אַ גאַנץ לעבען האָבן מיר געזוכט אונזערע באַשערטע און דאָ ביי אייך האָבן מיר זיך סוף־כל־סוף געפונען.

דאָס זאָגנדיג, האָט זיך געהערט טרערן אין דעם קול פונ׳ם חתן, וועלכער האָט זיך געשטעלט ביי דער זייט פון דער כלה.

— אָ, דאָס זייט איר דער חתן? — האָט אויסגערופן דער באַאַמטער.

— יאָ־יאָ, מר. טשערמאַן! — האָט דער חתן אויסגעשטרעקט אַ בעטענדע האַנט און כמעט אַרויסגעוויינט: — מיר האָבן זיך געפונען און מיר ווילן חתונה האָבן!

— נאָר נישט וויינען! איר ווייסט דאָך דאָ אַלע, אַז איך קען נישט זען קיין טרערן! — האָט פריינדליך אַ זאָג געטאָן דער באַאַמטער — און וואָס איז דאָ איבערהויפּט צו וויינען? איר ווילט ביידע חתונה האָבן? איז מזל־טוב! וועלן מיר פּראַווען אַ חתונה, בעסער פּראַווען אַ חתונה, איידער חלילה אַ לוויה...

ער האָט פאַרכאַפּט און זיך געווענדעט צו ביידן:

— איז ווען ווילט איר, זאָל זיין די חתונה?

די כלה האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און דער חתן האָט אַרויסגעזיפצט:

— איי־איי, וואָס שנעלער, אַלץ בעסער! איר ווייסט דאָך אַליין, מר. טשערמאַן, אַז פאַר אַזעלכע חתן־כלה ווי מיר זיינען, איז בעסער, וואָס ווייניגער צו וואַרטן!...

ער האָט דאַביי ווידער גענומען פינטלען מיט טרערן.

— נו, זייט דאָך נישט קיין וויינענדיגער חתן! — האָט פריילעך אויסגערופן דער באַאַמטער — נישט וויינען דאַרפט איר דאָך איצט, נאָר

זיך פרייען! איר ווילט חתונה האָבן? נו גוט, וועלן מיר אייך פּראַווען אַ חתונה מיט לעקאַך, מיט בראָנפן, אפילו מיט קלעזמאָרים.

— קלעזמאָרים, קלעזמאָרים! — האָט געגומען שעפּטשן די כלה און אָנשטרענגנדיג איר בליק צו ערגיץ אין דער ווייטער ווייטקייט, האָט זי צו זיך אַליין ווידער געשעפּטשעט: — אײַ־אײַ, ווי עס וואָלט זיך מיר שוין אויך געוואָלט האָבן אַ „גירלאַנדע"... אַ „גירלאַנדע" — האָט זי פאַר'חלומ'ט צוצויגן די זילבן, ווי זי וואָלט אויסגעצויגן די ווייסע טיולן פון דער גירלאַנדע...

— האַ? אַ „גירלאַנ..."?! — האָט דער באַאַמטער גענומען נאָכרידן.

דער טעלעפאָן האָט זיך צוקלונגען און דער באַאַמטער איז צו צום טעלעפאָן. די נייע כלה האָט זיך פונ'ם טעלעפאָן־קלונג אויפגעכאַפּט פון איהר פאַר'חלומטקייט. זי האָט זיך דערפרייט, וואָס די קלינגעריי האָט פאַרקלונגען, אַז קיינער זאָל נישט דערהערן דעם קול פון אירע געדאַנקען, וואָס זי האָט דאָ שיר אַרויסגערעדט הויך אין ווערטער. ווערטער, וואָס האָבן מיט געוואָלט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון די באַהאַלטענסטע קעמערלעך פון איר האַרצן, אַרויסצוזיפצן איר זייט יאָרן פאַרוואָקסענעם חלום, איר מיידעלשע האָפענונג, געוויקלט אין נאָגענדער בענקשאַפט.

פאַרשעמט און פאַרטראַכט, געוויגט זיך ווי אויף די דינע טיולן פון איר אויסגע'חלומ'טע „גירלאַנדע", האָט זיך די נייע כלה אומ־באַמערקט אַרויסגעשלייכט פונ'ם אָפיס.

די טיר פון דעם עלעוויטער האָט זי דערזען אָפן, האָט זי זיך אויף גיך אהין אַדיינגעחאַפּט און ארויפגעפאָרן אויפ'ן זעקסטן שטאָק, וואו עס האָט זיך געפונען דער „רוף־גאַרדען", וועלכער איז ספּעציעל געבויט געוואָרן פאַר דער באַקוועמליכקייט פון אַזעלכע ווי זי.

קיינער איז פונקט איצט דאָרט נישט געווען. זי האָט זיך ארומ־געקוקט און זיך איינגענורעט אין אַ באַקוועמען שטול. די לופט איז דאָרט איצט געווען ריין, געשמעקט מיט פרישקייט. פון אויבן האָט אַראָפּגעקוקט אַ קלאָרער זוניגער הימל, וואָס האָט פון זיך אַרונטער־שעמערירט לאַנגע פאַסן זונען־שטראַלן, וועלכע האָבן געוואַרעמט, געלאַשטשעט און געבלענקט אין אירע אויגן. און פון אונטן האָט זיך פון איין זייט געשפרייט מיליאָנען קוימענס פון דער גרויסער נויאָרקער מעטראָפּאָליע און פון דער צווייטער זייט האָט אַרויפגעקוקט דער איסט ריווער מיט זיינע בריקן, שיפן און שיפלעך, וואָס האָבן אהין און צוריק געפירט און געשיפט דעם מענשליכן הו־הא פון היינט און פון מאָרגן.

די נייע כלה, קרוינע, אָדער ווי מען רופט זי דאָ קיידי, זעט איצט קיין זאַך וואָס אַרום איר, נישט דעם הימל אויבן, נישט די ערד אונטן. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן קוקט זי אין די פּאַסן זונען־געוועב, וואָס וועבט און שפּינט פאַר איר איצט אויס נאָר איין זאַך: ווייסע טיולענע גירלאַנדעס.

זי ווייסט, אז דאָ אין אַמעריקע רופט מען דאָס „כלה־שלייערס״, אָבער ביי איר אין זכרון איז געבליבן איינגעקריצט דער נאָמען, ווי איר מאַמע האָט דאָס גערופן: „גירלאַנדע״. שפּרייט זיך איר בליק אין דער ווייטער ווייטקייט, בלעזלען און ווינטלען זיך פאַר איר די „גירלאַנדעס״, ווי פליגלען פון מלאכים, בערגלען און וויגן זיך אין זייער טיולענער ווייכקייט און שווימען אַוועק ווי כוואַליעס אויף׳ן ים, מיטציענדיג איר מיט זייער שווימענדן שטראָם, ווייט־ווייט אויף צוריק, צוריק צו פאַרגאַנגענע וועלטן, צוריק צו טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן, צוריק צו צען, צוואַנציג, דרייסיג יאָר, צוריק צו פערציג, פופציג, זעכציג און נאָך אַ יאָר און נאָך און נאָך. פינף יאָר איז זי דאַן אַלט געווען, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל געזען אַ „גירלאַנדע״. דאָס איז געווען אין איר געבורטס־שטעדטעלע, אין מייטשעט, זי מיט אַ סך אַנדערע קינדער אין איר עלטער זיינען דענסטמאָל געשטאַנען אויף אַ זאַמדיגער פּריזבע, זיך געהויבן אויף די שפּיצן פון זייערע פיס, איינע איבער איבער׳ן אַנדערן׳ס קאָפּ כדי אַריינצוקוקן אינ׳ם פענסטער, פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן קלעזמאָרים־טענער.

זי געדענקט דאָס, פּונקט ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען. די מאַמעס פון די אַלע קינדערלעך זיינען געשטאַנען ביי דער פּריזבע, יעדע אונטערהאַלטענדיג איר קינד, כדי עס זאָל קענען בעסער אַריינקוקן אינעווייניג. דאַביי אויך אַליין צוגעשטופּט דעם קאָפּ, צו כאַפּן אַ בליק דורך׳ן פענסטער. יעדעס מאָל זיך צו־ווינשענדיג אויך צו דערלעבן אַזאַ גליקליכע חתונה ביי איר קינד, ווי די דאָ ביי דעם רייכן שניט־קרעמער פונ׳ם שטעדטל.

די מחותנת׳טע, דער כלה׳ס מאַמע האָט זיך געצייגט אויף דער שוועל, געטיילט צו די קינדער אויף דער פּריזבע טאָרט און צוקערקעס, אויסגעהערט עטליכע מזל־טוב׳ן פון די מאַמעס און צוריק אַוועק טאַנצען צום שפּיל פון די קלעזמאָרים.

קיין זאַך איז אָבער דאַמאָלס איר, קריינדלען, נישט אַזוי שטאַרק געפעלן, ווי דאָס וואָס די כלה האָט געטראָגן אויף׳ן קאָפּ. זי האָט געקענט די כלה. פייגל האָט זי געהייסן און זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט דאַמאָלס אויסגערופן צו איר מאַמע:

— זע, זע מאַמע, וואָס טראָגט דאָס פייגל אויף איר קאָפּ?

און איר מאַמע האָט איר דאַמאָלס מיט אַ שמייכל געענטפערט:
— דאָס איז אַ „גירלאַנדע", מיין קינד, ווען דו וועסט אם־ירצה־השם אויסוואַקסן און ווערן אַ כלה, וועסטו דאָס אויך טראָגן!...

יאָ, זי איז אויסגעוואַקסן, אָבער איר מאַמע'ס פריעסטער וואונש און איר אייגענער שפעטערדיגער חלום, צו ווערן אַ כלה, אויף דעם וואַרט זי נאָך אַלץ!...

אַ טיפער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון איר האַרצן, איר בליק קוקט אַרום זיך, צי קיינער ווייסט נישט איר סוד, מיט וועלכן זי שעמט זיך פאַר זיך אַליין, איר סוד, אַז זי איז נאָך קיינמאָל נישט געווען פאַרהייראַט.

אַ טרער פאַלט אַראָפּ פון איר אויג און פינקלט אַריין אין דעם זונען־געוועב.

פאַר־וואָס, פאַר־וואָס איז עס אַזוי געשען? — טראַכט זי — פאַר־וואָס איז דאָס לעבן פאַר איר פאַרביי־געגאַנגען, נישט מיט־נעמענדיג זי אין'ם לעבנס־וועג? פאַר־וואָס האָט דאָס לעבן איבער־געלאָזט זי אַ פאַראייזאַמטע, אַ פאַרשעמטע? פאַר־וואָס? איז זי געווען באַרישער, מיאוסער ווי אַלע אַנדערע מיידלעך?

אָט אַזוי פרעגט זי זיך אַליין און ענפערט זיך באַלד: „פאַרקערט, מען האָט דאָך זי געהאַלטן פאַר אַ שיינע, אַ קלוגע, אַ געראָטענע, נאָך פון איר פריעסטער קינדהייט אָן".

די זון גיט אַ בלענד אַריין אין אירע אויגן, ווי עס וואָלט זי אָן עפּיס דערמאָנט, זי גיט זיך אַ צוק פון דער נייער דערמאָנונג און דורך זון פאַרזשמורעטע אויגן ציט זיך ווידער איר בליק אין דער ווייטקייט אַריין, אָט דערזעט זי זיך שוין מיט איר משפחה אין דער גאָלדענער אַמעריקע, דאָס לאַנד פון אַפּאָרטיוניטיעס, דאָס לאַנד פון אַלערליי געלעגענהייטן — און זי, זי קריגט אין דעם לאַנד נאָר איין סאָרט געלעגנהייט, טאַנצן אויף יענעמ'ס חתונות.

אָט דערזעט זי זיך אויף איין חתונה, ביי וועלכער זי פאַנגט זיך שוין אָן צו שעמען. עס דוכט זיך איר, אַז מען טייטלט שוין דאָרט אויף איר מיט די פינגער: זעט זעט! די אינגערע שוועסטער האָט שוין חתונה און די עלטערע האָט נאָך אפילו נישט קיין חתן!...

זי הויבט נאָך אָבער דאַמאָלט שטאָלץ אויף דעם קאָפּ. אין גאַנצן איז די שוועסטער מיט צוויי יאָר אינגער. איז וואָס איז זיך דאָ צו שעמען? פּוצט זי דאַמאָלס די גירלאַנדע אויף דער שוועסטער'ס קאָפּ און לאָזט זיך אָוועק טאַנצן מיט פריילעכקייט און האָפנונג, אַז באַלד־באַלד, נאָך אַ ווײַלע און נאָך אַ ווײַלע, וועט זי טראָגן אַ פיל שענערע, אַ פיל קאָסטבאַרערע גירלאַנדע, ווי עס טראָגן די אַלע

כלות, אויף וועמעס חתונה זי טאַנצט — און איר חתן וועט זיין אַזעלכער, וואָס אַלע וועלן זי מקנא זיין...

דער נייער כלה׳ס אויגן ווערן פאַרצויגן מיט אַ רחמנות׳דיגן אָטעם. יאָ, מען וועט זי מקנא זיין, טראַכט זי ווייטער, נאָר דערוויי האָט זי כסדר געטאַנצט אויף יענעם׳ס חתונות. אַלע אַרום איר, דערמאָנט זי זיך, אַלע האָבן חתונה געהאַט. אַלע. פריינד, באַקאַנטע, שוועסטער, ברידער, עלטערע, אינגערע, מען וואַרט נישט אויף איר. מען האָט חתונה שנעל, יונג, אַלע גייען אַריין אין קאַראַהאָד פון לעבן, נאָר זי איינע, זי בלייבט שטיין.

די ערשטע, דערמאָנט זי זיך ווידער, די ערשטע, וואָס האָט דערפילט דעם ווייטאָג און דעם צער, איז געווען איר מאַמע. שטיל, פלעגט די מאַמע אונטערזיפצן: „ווי, ווי איז איר, זי האָט מורא, אַז איר קריינדעלע, נישט פאַר קיין שום היים געדאַכט, בלייבט פאַרזעסן״.

מיט טרערן פלעגט זי זי שיקן:

— גיי, גיי, קריינדעלע טאָכטער, זיץ נישט אין שטוב! גיי פאַרברענג, אפשר, אפשר פאַרט!...

און זי האָט געפאָלגט דער מאַמע, געגאַנגען, פאַרבראַכט, געזוכט דעם „אפשר״... אָבער שטענדיג האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר־נישט. באַלד־באַלד האָט זי אויך פאַרלוירן דעם איינציגן אמת׳ן מיטזיפץ, איר מאַמע — און זי איז געבליבן אליין, אליין מיט אירע האָפענונגסלאָזע האָפענונגען.

זי ווישט אָפּ אַ טרער און דערמאָנט זיך ווידער, דערמאָנט זיך, אַז זי האָט אפילו אַ פּאָר מאָל געפּרופט שדכנים און אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. אויך די שדכנים האָבן צו קיין „גירלאַנדע״ נישט געקענט ברענגען.

אַ ביטערער שמייכל צושפּרייט זיך אויף אירע צופאַלדעוועטע ליפּן. זי האָט זיך ענדליך דערוואָרט, דערמאָנט זי זיך, נישט בלויז אויף איין „גירלאַנדע״, נאָר אויף אַ סך, אויף הונדערטער, אויף טויזענטער גירלאַנדעס האָט זי זיך דערוואַרט.

איינמאָל, זוכענדיג אַ דזשאָב, האָט זי אָנגעטראָפן אַ שאָפּ, וואו מען האָט גענייט „גירלאַנדעס״. מיט אַ מאָדנעם ליבן ווייטאָג האָט זי אָנגענומען יענעם דזשאָב, געזעצט זיך נייען גירלאַנדעס פאַר פרעמדע כלות, געהאָלפן טראָגן ציגל צו בויען יענעם׳ס צוקונפט און פון איר אייגענער צוקונפט האָט זי אפילו נישט געהאַט קיין רעכט צו חלומ׳ען.

זי גיט זיך מיט ביטערקייט אַ דריי אין איר שטול. דער שטול

אונטער איר גיט אַ סקריפּ און זי דערהערט אין דעם סקריפּ דאָס גרילצענדע קול פון איר פּאַרליידי, וועלכע שרייט כסדר:

— שנעלער דאָרט, קיידי, ניי, שטעפּ, גיכער, שנעלער! די כלות קענען נאָך דערוויילע פּאַרזעסן ווערן, בלייבן אַלטע מוידן, ביז דו חלומסט זיך אויס ביי זייערע גירלאַנדעס, שנעלער, גיכער!...

וואָס האָט זי אָבער געקענט העלפן? — דערמאָנט זי זיך, אַז דאָס איינציגע, וואָס איר איז געבליבן, איז געווען חלומות. די זיידענע פעדעם פון יעדער גירלאַנדע, וואָס זי האָט גענייט פאַר יענע, האָט געוועבט און געשפּונען צוקונפטן פאַר איר.

אָט האָט זי געזען דורך דער פרעמדער כלה׳ס גירלאַנדע, ווי אַזוי עס קוקט אויס איר אייגענער באַשערטער. זי נייט, שטעפּט דאָס שטיק סחורה אויף דאָרט אויף יענער זייט סחורה דורך׳ן דורכ־זיכט פונ׳ם דינעם ווייסן טיול דערזעט זי איר באַשערטן, ער איז אַ העלדישער, אַ הויכער, האָט אַ שוואַרצן קאָפּ קרויזן מיט בלויע פאַר׳חלומ׳טע אויגן, געשלאָסן אָרעם אין אָרעם שפּאַצירן זיי ביידע איבער ברייטע גרינע פעלדער, באַגלייט פון שמעקעדיגע ראָזעווע בלומען. אירע בלאָנדע האָר פון ווינטלעך געטריבן, פלאַטערן אין זיין פּנים. זיינע ליפּן סוד׳ן איר אין אויער אַריין: „איך האָב דיך ליב! איך האָב דיך ליב!”...

אָבער עס קומט צו די פּאַרליידי, נעמט פון איר אַוועק דעם אויפגעגנייטן באַנדל גירלאַנדעס, צוזאַמען מיט יענע חלומות. טראָגט איר אָבער באַלד צו אַן אַנדער באַנדל גירלאַנדעס, וועלכע ברענגען איר נייע חלומות.

אָט גיט זי אַ הויב דאָס נייע שטיק סחורה, שפּרייט עס אויס אויף דער מאַשין און דורך די ווייסע ווי פּאַוויעטינע דינע טיולן דערזעט זי דיקע ברוינע מעבל, זי דערקענט דעם „דאַיינינג־רום־סעט” פון דער שויפענסטער, וואָס זי האָט געזען נעכטן גייענדיג פון דער אַרבייט צו איר איינזאַם קליינעם צימערל. זי שטעפּט אויף דער מאַשין די ווייסע טיולן. נאָך אַ שטעפּ, נאָך אַ שטעפּ און יעדער פאָדעם ברענגט נאָך אַ שטול, נאָך אַ שטול — און אָט איז אַ טיש, אַ קאָוטש, אויף די שטולן און דעם קאָוטש זיצן געסט, פריינד פון איר און פון דעם מאַן, און אָט גייט זי אַריין אין אַ שיינע קיך. עס איז פּונקט אַזאַ קיך ווי זי האָט אויך געזען אינ׳ם שוי־פענסטער. דאָרט אין קיך שטייט זי ביים אויוון און קאָכט עסן פאַר איר מאַן מיט אירע קינדערלעך.

ווידער פינקלען אַרויס אַ פּאָר זילבער־טרערן פון אירע אויגן און מישן זיך צוזאַמען אויף אירע באַקן מיט די גאָלדענע קייקעלעך פון דער זון.

דאַכט זיך, אַזוי ווייניג געוואָלט פונ׳ם לעבן. דאָס מענשליכסטע, דאָס איינפאַכסטע, וואָס קומט אָן אַזוי גרינג כמעט יעדן איינעם און פאַר איר, פאַר איר איז דאָס געווען אַזאַ אוממעגליכקייט. אַזוי פיל, אַזוי פיל גירלאַנדעס גענייט פאַר פרעמדע כלות און קיין איינע נישט פאַר זיך!...

פון ערגיץ קומט אָן אַ ווינטל און טוט אַ ווינטלדיגן לאַשטשע אויף איר צוקנייטשטן פנים און עס דוכט זיך איר, אַז דאָס טרייבט דער ווינטל פון איר אַמאָליגער שנעל־לויפענדער ניי־מאַשין די דינע טיולן איר אין פנים אַריין, כדי זיך צו רייצן מיט איר.

— זע, זע — ווירבלען די דינע טיולן — זע, איך „גירלאַנדע״ גליטש זיך אין דיינע הענד, גיב אָפּט מיט מיין פלינקייט אַ פלי אַזש צו דיינע באַקן, אָבער אויף דיין קאָפּ גיי איך נישט אַרויף. ניין, ניין!

זי דערמאָנט זיך ווידער, ווי אַמאָל האָט זי גענומען איינע פון די גירלאַנדעס, וואָס זי האָט גענייט און אַריין מיט איר אין דעם צימער, וואו די אַרבייטער־מיידלעך טוען זיך איבער און דאָרט געגן שפּיגל דאָס אָנגעמאָסטן — און אַך, ווי שיין עס האָט איר געפּאַסט צו זיין אַ כלה.

יענע גירלאַנדע האָט זי טאַקי אָפּגעקויפט פאַר זיך און אַ לאַנגע לאַנגע צייט האָט זי זי געהאַלטן — און נישט נאָר יענע. דערמאָנט זי זיך מיט אַ ביטערן שמייכל, נאָר פילע פילע מאָל האָט זי פון די גירלאַנדעס, וואָס זי האָט גענייט, אָפּגעקויפט איינע פאַר זיך און שפּעטער דאָס אָוועקגעגעבן צו אַ חבר׳טע אָדער אַ קרובה.

די יונגינקע כלות פלעגן דאָן באַלד בעטן ביי איר:

— ברענג מיר פון דיין שאַפּ אַ גירלאַנדע! דו האָסט געוויס באַהאַלטן איינע פאַר זיך, איז צו־וואָס ווּעסטו דאָס אויסהאַלטן? עס וועט דאָך צופוילט ווערן ליגנדיג. וועסט קויפן אַן אַנדערע, אויב דו וועסט אַמאָל דאַרפן!...

אַזוי פלעגט מען זיך איבערוויינקן מיט באַהאַלטענע שמייכלען — און זי פלעגט פאַרשעמט אַראָפּלאָזן איר קאָפּ און אָוועקגעבן גירלאַנדע נאָך גירלאַנדע, וועלכעס האָט מיטגענומען חלום נאָך חלום.

קיינמאָל, קיינמאָל — טראַכט זי מיט ווייטאָג — האָט זי נישט געהערט די אַלע נעמען, וואָס זיינען באַשטימט פאַר אַ פרוי, דעם נאָמען: כלה, ווייב, מאַמע. אָט די אַלע נעמען האָבן קיינמאָל אין אירע אויערן נישט געקלונגען.

דאָס ביסל אייגענע, וואָס זי האָט יאָ פאַרמאָגט, די שוועסטער און ברידער, זיי האָבן זיך איינגעקייטלט אין אַן אייגענער קייט, געשאַפן אַן אייגענע משפחה פון זיהן, טעכטער, איידעמס, שניר,

אייניקלעך — און זי, זי האָט דאָרט נישט באַלאַנגט, זיך נישט געהאַט צו וועמען צוצוקייטלען. וואָס מער עס איז אַוועק אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש, אַלץ מער איז זי געבליבן אַליין, אַליין. שפּעטער ווען שוועסטער און ברידער זיינען אויך צושטאָרבן, איז זי אין גאַנצן געבליבן אַ צווייג אָן אַ שטאַם.

יאָ, אַליין איז זי געבליבן, אָבער נאָך אַלץ מיט אירע חלומות און האָפנונגען. אמת, זי האָט שוין איצט אויף יענער זייט גירלאַנדע נישט געזען מער קיין הויכן, קיין העלדישן מיט קיין שוואַרצן קאָפּ קרויזן. זי האָט שוין איצט אין אירע חלומות געזען אַ ביסל אַ נידריגן, אַ גרוילעכן, אָבער אָבי אַ „פריינד", וואָס וועט איר זאָגן „גוט מאָרגן!" און פרעגן „ווי פילסטו?"

און אָט באַלד־באַלד וועט ער שוין קומען, נאָר נאָך אַ ביסעלע וואַרטן, נאָך אַ ביסעלע, באַלד־באַלד, אָט־אָט. זי האָט נאָך אפילו אַלץ געהאַט ביי זיך אין שאַפּ אין איר אַרבייטס־באָקס פאַרשטעקט אין אַ ווינקעלע אַן איינגעוויקלטע גירלאַנדע. ניין, זי האָט נאָך אַלץ אירע האָפנונגען נישט אויפגעגעבן ביז דאַן, ביז יענעם דאָקטאָר...

אונטן איבערן איסט ריווער קומט אָן פון ערגיץ אַ שיף מיט אַ קוויטשענדיג לענגערן פייף. דער פאַרשפּעטיגטער כלה׳ס גאַנצער גוף טוט אַ ציטער אויף, דער קוויטשענדיגער פייף מישט זיך צוזאַמען מיט איר נייער ביטערער עראינערונג.

יענער בייזער דאָקטאָר, דערמאָנט זי זיך, זיינע ווערטער האָבן ווי מיט אַ חלף געגעבן אַ שנייד איבער איר לעבן. אמת, אַזאַ זאַך ערוואַרטעט מען, מען ווייסט, אַז עס דאַרף און וועט קומען, פּונקט ווי מען ווייסט, אַז דער טויט דאַרף קומען. שפּעטער, שפּעטער, אַמאָל, אַמאָל. ס׳איז נאָך דערצו ווייט, ווייט, אין דער ווייטער אייביג־קייט אַריין. אָבער נישט איצט, ניין, כאָטש אַזוי גיך ווי דער נול האָט זיך ביי איר געשטעלט אונטער׳ן פיר, האָט זיך באַלד גענומען בייטן איר אויסזען. אָט דער קאָליר פון אירע האָר און אָט האָט זי געדאַרפט פאַרשטעלן אירע שיינע אויגן מיט גלעזער, ווייל פּלוצלינג האָט זי נישט געזען ווי צו אַרבייטן. אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך גענומען בייטן אירע שיינע ציינער. אַרויס פון מויל אָן אייגענער צאָן, אַריין דעם דענטיסט׳ס אַ צאָן, איינער אויבן, צוויי אונטן, דריי ביי די זייטן, אַזוי כסדר, כסדר, ביז זי האָט זיך אין גאַנצן געביטן מיט׳ן דענטיסט.

און נאָך שפּעטער האָבן אנגעהויבן אָנקומען ווייטאָגן אַלע ווײלע אין אַן אַנדער גליד. אָט האָט געדרייט אַ האַנט, אָט אַ פוס און אָט

ווערט איר גאָר אין די גרעסטע קעלטן פלוצים אַזוי הייס, אַז אַ שוויס באַגיסט זי. עס גייט אַריבער און קומט ווידער אָן.

זי לויפט צו דאָקטוירים, זיי שמייכלען, זיי גיבן איר מעדיצין נאָך מעדיצין, ביז עס קומט יענער „מערדערישער" דאָקטאָר און שרייט איר אַריין אין פנים זיינע גזלנ׳שע ווערטער:

— איר פאַרשטייט נישט, וואָס עס איז מיט אייך? איר וועט שוין פון איצט אָן שטענדיג קענען גיין אָן מורא צו אַ באַל אין העלע קליידער!... — איר ווערט אויס, אויס!... פאַרשטאַנען? איר גייט שוין אַרויס פון דער יוגענד!...

זי געדענקט, ווי זי האָט זיך דאַן אַרויסגעשאַרט פון יענעם דאָקטאָר׳ס אָפיס מיט אונטערגעהאַקטע קניען. אירע טריט האָבן זיך געשלעפט ציעללאָז איבער די פרעמדע גאַסן און אין קאָפּ האָבן האַמערס געזעצט: „אַרויס, אַרויס פון יוגענד! אַרויס פונ׳ם לעבן!"...

שוין אַרויס פונ׳ם לעבן און זי איז נאָך גאָר נישט אַריין אין לעבן. זי וואָרט דאָך נאָך אַלץ אויף׳ן לעבן! ניין, ניין, דער דאָקטאָר האָט אַ טעות, עס קען נישט זיין, עס טאָר נישט זיין! — האָט זי זיך דאַמאָלס געראַנגלט. באַלד־באַלד און עס וועלן ווידער אָנקומען אירע באַקאַנטע קאָפּ־ווייטאָגן. עס וועט קומען, עס מוז קומען!... און זי וואָרט, בענקט און האָפט נאָך יענע ווייטאגן, וואָס זי האָט אין פריערע יאָרן פיינט געהאַט און איצט קוקט זי אַרויס אויף דעם אַלס די איינציגע רעטונג פון איר יוגענד, די איינציגע רעטונג פון איר לעבן.

אַ פריידיגער שמייכל צושפרייט זיך אויף איר איצט צוקנייטש־טען פנים. יאָ, דערמאָנט זי זיך, דער דאָקטאָר האָט טאַקע דאַמאָלס נישט געוואוסט. זי האָט ווידער אַמאָל באַקומען יענע אַלט־באַקאַנטע שמערצן — און אַך, ווי זי האָט דאַמאָלס אויפגעלויכטן פון פרייד, זי איז נאָך יונג, נאָך אַ ווײַלינקע יוגענד, נאָך אַ ווײַלינקע אין דער וועלט פון לעבן!...

אַך, ווען עס קומט איצט שנעלער־שנעלער דער באַשערטער, קען זי נאָך אַלץ אַרויס רייסן אַ שטיקל לעבן! קען נאָך אפשר באַווייזן צו זיין אַ מאַמע? — און זי וואָרט, זי זוכט, זי האָפט! אָבער דער באַשערטער איז אַלץ נישט געקומען!...

ווידער גייט אַוועק אַ צייט, ווידער שפרייט זיך אויס אַ פחד אויף איר פנים. יענער דאָקטאָר האָט פאָרט געהאַט רעכט!... און עס ווערט פאַר איר אויס לעבן, אויס וועלט! זי גיט דאַן אַוועק אַ מיידל פון איר שאַפּ איר לעצטע באַהאַלטענע גירלאַנדע...

פון דאַן אָן ציט זיך ארויף אויף איר פנים אַ פוסטקייט, אַ

גלייכגילטיגקייט צו אַלעמען. זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט דאַמאָלס זיך אַליין געפרעגט צי עס פילן אויך אַנדערע פרויען אין אַזאַ צייט אַזוי מורא׳דיג פּוסט, אַזאַ מורא׳דיגע ענדע צו אַלעס און אַלעמען, ווי זי האָט דאַן געפילט — און זי האָט אויף איר פראַגע דאַמאָלס באַלד באַקומען אַן ענפער.

זי האָט זיך אין יענער צייט אין אַ געוויסן טאָג געפונען אין אַ היים פון אירער אַ באַקאַנטער און האָט דאָרט געטראָפן דער באַקאַנטער׳ס 13־יאָריגע מיידעלע ליגן אין בעט אַ צופּיעשטשעטע און אַ שטראַלענדע.

אויף איר פראַגע, צי איז דאָס טעכטערל קראַנק, האָט איר די מאַמע געענפערט מיט אַ גליקליך־ווינקעדיקן שמייכל: „שאַ, שטיל, זי שעמט זיך, די גרויסע טאָכטער מיינע, ווייל פאַרשטייסט? זי, זי איז היינט אַריין אין לעבן!״

— און דו? וואָס הערט זיך מיט דיר? — האָט זי געפרעגט איר פריינדין — וואו האַלטסט דו?...

— איך? — האָט יענע געענפערט — איך בין שוין אין גאַנצן אַרויס פון די דאגות!...

איר פּנים האָט זיך דאַביי פאַרצויגן מיט אַ דינעם אומעט. זי איז אָבער באַלד צוריק פריילעך געוואָרן און אויסגערופן:

— אָבער וואָס רייד איך פון זיך? זי, מיין טאָכטערל איז מיר איצט וויכטיג! — און די מאַמע איז אַ גליקליכע צוגעלאָפן צו איר טעכטערל׳ס בעט.

ניין, איר פריינדין איז נישט אַרויס פון לעבן, זי איז נאָר ווידער אַמאָל אריין אין לעבן, ווידער אַמאָל איבערגעלעבט דאָס־זעלבע יונג־ווערן דורך איר טעכטערל.

זי האָט דאַן דערזען, אז נאָר אויף אַזעלכע עלענדע ווי זי ווירקט דאָס אַזוי שרעקליך. זי האָט דאַן אויך דערזען, אז זי האָט נישט מיט וועמען אפילו אויסצורירדן אַ וואָרט. זי האָט נישט קיין געמיינשאַפט־ליכעס מיט קיינעם. אַלע, אַלע אירע פריינד און באַקאַנטע ריידן אייגנע צו דער צווייטער פון זייערע מענער, קינדער, קינדערשע סקולס, גוטע מאַרקס, שלעכטע מאַרקס. שפּעטער האָט מען גערעדט פון איידעמס, שניר, אייניקלעך — און זי פלעגט הערן, קוקן און נישט האָבן וואָס צו זאָגן. איז זי כסדר אַוועק, זיך אָפּגעזונדערט פון אַלע פריינד און באַקאַנטע און געבליבן אַלץ מער אַליין, אַליין.

אַ גרויל גייט איר דורך, ווען זי דערמאָנט זיך, אַז מען האָט זי שוין אין אַ שאַפּ אויך נישט געוואָלט האַלטן, ווייל פאַר די שעפּער זיינען פאַראַנען געזונטערע, יינגערע — און זי, זי האָט געלעבט

פֿון אָרימע רעליף־סענטן, אַליין אַליין צווישן איר ענגע פֿאַרויכערטע קאַלטע ווענטלעך.

אוי ווײ, טראַכט זי, זי וואָלט דאָך דאָרט אַזוי שטילינקערהייט אויסגעגאַנגען, קיינער וואָלט אפילו נישט געוואוסט, אַז זי איז געשטאָרבן, ווען גאָט שיקט נישט פּלוצלינג צו אָט דעם גוטן מענשן, דעם מר. מאָרגענשטערן פֿון דער האום.

טאַקע יענע וואָך, דערמאָנט זי זיך, איז זי שוין פֿון עטליכע טעג געלעגן קראַנק אָן אַ קאָפּ וואַסער, געלעגן און געפֿרוירן, ווייל זי איז געווען צו קראַנק, צו גיין קויפֿן און אַרויפֿשלעפּן אויף׳ן פֿינפֿטן פֿלאָר אַ פּעיל קוילן, אײַנצוהייצן איר אויוועלע. זי ווייסט אַליין נישט, וויפֿיל טעג און נעכט זי איז אַזוי געלעגן אין הונגער און אין קעלט, ווען פּלוצלינג האָט זיך די טיר געעפֿענט און עס האָט זיך באַוויזן דער גוטער מענש, וואָס האָט זי אַוועקגענומען פֿון איר נויט און געבראַכט אהער אין דער האום.

ווי גוט עס איז איר מיט אַמאָל געוואָרן — טראַכט זי מיט אַ גליקליכן שמייכל — זי איז נישט מער אַליין, האָט שטענדיג אַרום זיך מענטשן און אַלץ אַלץ איז דאָך דאָ פֿאַראַן, אַ גאַנצע שטאָדט איז דאָך דאָ — גיט זי אַ בליק מיט ליבשאַפֿט צו דער טיר, אויף יעדן פֿלאָר עפּיס אַנדערש און אַלעס פֿאַר אונז, פֿאַר אַזעלכע עלענדע ווי איך, אָנגעגרייט פֿון אַלעם גוטן!

וויל מען זון, פֿרישע לופֿט, איז דאָ אַ „רוף־גאַרדען". זי גיט דאַביי אַן אָטעם איין די לופֿט אין זיך און טראַכט ווייטער. וויל מען עסן, איז אָנגעגרייט אַ „דאַינינג־רום" פֿון שענסטן און בעסטן, ביי דעם געדאַנק נעמט זי אַרויס פֿון קעשענע עטליכע ראָזינקעס און לייגט זיי אַריין אין מויל. טשאַמקענדיג די ראָזינקעס, טראַכט זי ווייטער: וויל מען שלאָפֿן, איז אָנגעגרייט צימערן מיט ווייכע ריינע בעטן. זי לעהנט דאַביי איר פֿלייצע באַקוועם אין איר שטול און טראַכט ווידער: וויל מען דאַווענען, איז דאָ אַ שוהל. וויל מען זינגען, זינגט מען! וויל מען טאַנצן, טאַנצט מען! מען שטריקט, מען נייט אויס — און ווערט מען חלילה קראַנק, איז באַלד דאָ אַ דאָקטאָר, אַ נוירס. יאָ, טראַכט זי ווידער, זי האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז זי וועט ווערן אַזוי מיט אַלעמען פֿאַרזאָרגט.

וואָס פֿאַר אַ וויכטיגע אינסטיטוציע ס׳איז אַ האום, ווען זי וואָלט געווען רייך, וואָלט זי אַוועקגעגעבן איר גאַנץ געלד פֿאַר אַזעלכע פּלעצער.

ווען עס קומט אַ יום־טוב, אַ „מאָדהער׳ס" אָדער אַ „פֿאַדהער׳ס דעי", דערמאָנט זי זיך ווידער, ווען עס זיינען דאָ אַזעלכע ווי זי, וואָס

האָבן נישט קיין קינדער אָדער אייניקלעך, צו קומען זי וויזיטן און ברענגען מתנות, טוען דאָס די באַאַמטע אַליין. די מאַמעס האָט מען צו „מאָדהער׳ס דעי״ געבראַכט בלומען און די טאַטעס סיגאַרעטס.

דאָס דערמאָנען זיך אין „פאָדערס דעי״ האָט זי דערמאָנט אָן איר חתן. אַ רויטקייט האָט אַ פלאַם געטאָן איבער אירע באַקן. די שעמעוודיגע כלה האָט אַ טראַכט געטאָן מיט דאַנקבאַרקייט צו דער האָום. אים, איר באַשערטן, האָט זי דאָך אויך דאָ געפונען, טאַקע דענסטמאָל „פאָדערס דעי״ איז דאָס געשען.

ער האָט בעביך אַ טבע באַלד עפּיס צו וויינען און דערפאַר וויל ער האָט נישט געהאָט קיין וויזיטערס, האָבן זיך געגאָסן טרערן פון זיינע אויגן. זי איז צוגעגאַנגען און האָט אים געטרייסט און ער האָט איר דאַמאָלס דערציילט זיין לעבן.

זי האָט געוואוסט וועגן אים, אַז מען רופט אים „ברוך דער וועלט-פעדלער״ און אַז דערפאַר, וואָס ער איז געשלאָפן אין פאַרק אויף אַ באַנק, האָט מען אים אַוועקגענומען אין פאָליס-סטיישאָן. האָט זיך דערפון דערוואוסט דערזעלבער גוטער מענש, וואָס ער האָט זי אַהער אַריינגענומען, איז ער באַלד געלאָפן אין פאָליס-סטיישאָן און האָט געבראַכט דעם אָרימן אידן אַהער אין דער האָום, מען האָט אים דאָ באַלד געגעבן עסן, געוואַשן, געבאָדן און ער איז באַלד געוואָרן אַ נייער מענש.

דאָס, דערמאָנט זי זיך, איז געווען מיט אַ יאָר צוריק, אָבער דעם „פאָדהער׳ס דעי״ האָט ער איר אַליין דערציילט וועגן זיין לעבן ביז צו דער האָום.

ער איז געווען פאַרליבט אין אַ מיידל נאָך פון זיינע חדר-יאָרן און באַלד אַ יאָר נאָך זייער חתונה איז זי אין קינפּעט גע-שטאָרבן צוזאַמען מיט׳ן קינד און ער האָט זי זיין גאַנץ לעבן נישט געקענט פאַרגעסן, ער האָט נישט געקענט איינזיצן אויף קיין פּלאַץ און אין קיין שטאָדט, איז ער געוואָרן אַ פעדלער און איז אַרומ-געפאָרן פעדלען איבער פילע שטעדט און לענדער ביז מיט אַ יאָר צוריק, ווען ער איז שוין אַלט געווען 69 יאָר, איז ער אָנגעקומען אין נויאָרק און אַוועקגעפאַלן קראַנק אין אַ פאַרק.

זי ווישט אויס אַ טרער פון רחמנות צו איר חתן און דערמאָנט זיך ווידער, אַז פון יענעם טאָג אָן, וואָס ער האָט איר אַלעס דערציילט, פלעגן זיי שוין אַלע מאָל זיצן און ריידן איינע מיט׳ן אַנדערן. און איינמאָל האָט ער איר געזאָגט, אַז ער זעט אין איר סימנים פון זיין ווייב. זי איז אַזאַ גוטינקע ווי יענע, זי רעדט צו אים אַזוי האַרציג, ווי יענע פלעגט ריידן — און פּלוצלינג האָט איר אויער דערהערט

דאָס וואָרט, אויף וועלכען זי האָט אַזוי פיל יאָרן געוואַרט... „קומט חתונה האָבן!״

זי האָט אים ליב באַקומען אויס דאַנקבאַרקייט אַליין, וואָס ענדליך האָט זי אויך דערהערט דאָס וואָרט. יאָ, טראַכט זי, ענדליך איז זי אַ ביסעלע גליקליך און ווען זי שעמט זיך נישט, וואָלט זי געוואָלט איר אַלטן חלום: אַ „גירלאַנדע״... עס האָט דאָך איר אַמאָל אַזוי שיין געפּאַסט דאָן אין איר שאַפּ געגן שפּיגל. עס איז דאָך געלעגן אַזוי שיין אויף איר אַקסל, האָט זי זיך ביי דעם דערמאָנען גענומען גלעטן אויף איר אַקסל די זיידענע פעדים פון דער גירלאַנדע, פּלוצים האָט זי דערהערט אַ קול פון דער „גירלאַנדע״:

— קריינדעלע, מיין קרוין, וואָס ביזטו אַנטלאָפן? דער מיסטער טשערמאַן האָט מיך געשיקט זען, וואָס עס איז געשען מיט דיר!

קרוינע האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ און דערזען, אַז דאָס האָט זי אַזוי געגלעט די זיידענע האָר פון איר חתן׳ס באָרד, וועלכע האָט צערטליך געלאַשטשעט איר אַקסל.

אין טיר האָט זיך באַוויזן דער באָאַמטער.

— וואָס איז געשען? וואָס זענט איר אַנטלאָפן? — האָט ער פאַרוואונדערט געפרעגט.

— איך, איך! — האָט די שעמעוודיגע כלה גענומען שטאַמלען און ווידער האָט אַ קלינגעריי זי ארויסגעראַטעוועט. דאַסמאָל איז דאָס געווען דער גלאָק, וואָס האָט גערופן עסן.

— נו, גייט איצט עסן, גייט! מיר וועלן שוין רעדן שפּעטער נאָך אייער עסן! — האָט אַ זאָג געטאָן דער באַאַמטער און פאַטערליך אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף ביידן׳ס פּלייצע.

עס האָט זיך געעפנט די טיר פונ׳ם עלעווייטער און אַלע דריי זיינען אַריין. דורכפאַרענדיג די פלאָרס, האָט אויסגערופן דער באַאַמטער:

— איר זעט, ר׳ ברוך, אָט דאָ אויף׳ן פערטן שטאָק וועט באַלד זיין אייער נייע היים!

חתן־כלה האָבן אים צוטומלט אָנגעקוקט.

— וואָס קוקט איר מיך ביידע אַזוי אָן? — האָט דער באַאַמטער געשמייכלט — דאָ איז דאָס באַקוועמע צימער פון די ברעגמאַנ׳ס און די מיסעס ברעגמאַן איז דאָך שוין זייט עטליכע וואָכן, אונז צו לאַנגע יאָר... אמת, מר. ברעגמאַן איז ביי אונז אַ באַצאָלטער פּאַציענט, אָבער פאַר זיך אַליין מוז ער נישט האָבן אַזאַ גרויס באַקוועם צימער, וועלן מיר אים נעמען ערגיץ אַנדערש און איךביידן וועלן מיר אָוועקגעבן דאָס צימער, וועט איר האָבן וואו צו פּראַווען אייער „האָני מון״.

די כלה האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און דער חתן האָט געכאַפּט קושן דעם באַאַמטן די האַנט, שטאַמלענדיג דורך טרערן:
„אוי, אוי, מר. טשערמאַן, אַ דאַנק!"...

— הערט אויף, הערט דאָך אויף, נישט קושן און נישט וויינען!
— האָט דער באַאַמטער צוגעכאַפּט די האַנט און זיך געווענדעט צו דער כלה אין אַ סודות׳דיגן טאָן:

— הערט! איך האָב געהערט, איר האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „גירלאַנדע", איר, איר — האָט ער זעהר שטיל אַ וויספּער געטאָן — איר זענט נאָך קיינמאָל נישט געווען פאַרהיי...?

די כלה האָט ווייטער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַלץ נידריגער און נידריגער.

— נו־נו, איך וועל שוין גאָר נישט פרעגן און נישט ריידן! — האָט דער באַאַמטער מיט די ווערטער זיי צוגעפירט צום „דאַינינג־רום" — גייט עסן, גייט! איך וועל שוין אַלעס באַזאָרגן!...

חתן־כלה זיינען אַריין עסן. דער באַאַמטער איז צוריק אַריין צו זיך אין אָפיס און זיך גענומען צום טעלעפאָן. דאָס ערשטע האָט ער אָנגעקלונגען צום פּרעזידענט פון דער האָום. אימיצער איז דאָרט געגאַנגען צורופן דעם פּרעזידענט צום טעלעפאָן. וואַרטענדיג ביי זיין דעסק מיט׳ן רייהרל צו זיין אויער, האָט דער באַאַמטער דערווייל אָנגעשריבן די נעמען און די יאָרן פון חתן־כלה: ברוך לינדבערג 70 יאָר, קיידי גרינבלום 65 יאָר. נעבן דעם ציפער 65 האָט דער פענסיל אין זיין האַנט פון זיך אַליין אָנגעשריבן דאָס וואָרט „גירלאַנדע".

אָנקוקענדיג דאָס וואָרט האָט זיך אין אַ ווינקל פונ׳ם באַאַמטען׳ס אויג באַוויזן אַ טרער. ער האָט זיך דערמאָנט די מאָדנע פּאַסירונג, וואָס ער אַלס טשערמאַן פון דער „אַדמישן קאָמיטע" האָט דורכגעמאַכט מיט צוויי יאָר צוריק ביים אַריינעמען אָט די קיידי גרינבלום. עס גייט אויף אין זיין זכרון יענע גאַנצע געשעעניש, ווי די שכנים פון יענער געגנט האָבן געלאָזט וויסן אין דער האָום וועגן דער עלענדער קראַנקער אַלטיטשקער, וואָס זיי האָבן מורא, אַז זי וועט אויסגיין אַליין אין איר צימערל.

נישט צו פאַרלירן קיין צייט, איז ער אַליין אויף גיך אַוועק צו „אינוועסטיגייטן די קעיס" — און כאָטש ווען ער האָט זי געטראָפן געוויקלט אין עלענד און קראַנקהייט, האָט זי אויסגעזען ווי אַ זקנה פון ניינציג, האָט זי דורכאויס גע׳טענה׳ט, אַז זי איז נישט מער ווי 63 יאָר אַלט.

וואָס די שכנים האָבן זיך ביי איר נישט געבעטן, דערמאָנט ער זיך מיט אַ שמייכל, זי זאָל נישט זאָגן 63, ווייל די האָום האָט אַ

געזעץ, נישט אַריין צו נעמען אונטער 65. ער אַליין האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל זיך דערמאָנען, אפשר האָט זי פֿאַרט אַ טעות אין צוויי יאָר. אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפֿן. זי האָט זיך געגן די צוויי יאָר געראַנגלט, געקעמפֿט מיט אַלע כחות, זי האָט שוין בעסער ווייטער געוואָלט בלייבן אין איר עלנד און נויט, אַבי זיך פֿילן מיט צוויי יאָר אינגער.

ער האָט אָבער געזען, ווי נויטיג זי האָט געדאַרפֿט די האוס און נאָך פֿילע מיטינגען פֿון דער עקזעקוטיווע האָט מען דאָן צוליב איר אין דער האוס געשאַפֿן אַ ביי געזעץ, אַז אַזעלכע הילפֿלאָזע עלענדע ווי זי זאָל מען אַריינצונעמען צו זעכציג יאָר.

דעם באַאַמטן׳ס בליק איז ווידער געפֿאַלן אויף׳ן וואָרט „גירלאַנדע״. איצט, טראַכט ער מיט אַ מיטפֿילנדען שמייכל, איז אים שוין אַ ביסל מער קלאָר, פֿאַרוואָס אַט די עלענדע פֿרוי האָט זיך אַזוי שטאַרק געדונגען וועגן די צוויי יאָר.

אין טרייבל ביי זיין אויער האָט זיך דערהערט אַ האַלאָ, האָט זיך דער באַאַמטער אַ כאַפּ געטאָן:

— אַ, העלאָו, דאָס בין איך, מאָרגענשטערן! הערט, מיר האָבן נייעס אין אונזער האוס. אַ פּאָר פֿון אונזערע קינדער ווילן חתונה האָבן! . . . מזל־טוב אייך אויך, מיט מזל זאָלן מיר ביידע לעבן! וואָס? ווער דער חתן איז? דער חתן איז ברוך לינדבערג! יאָ־יאָ, דער וויינעדיגער וועלט־פֿעדלער! די כלה איז קידי גרינבלום!. . . יאָ־יאָ, דיזעלבע, וואָס מיר האָבן צוליב איר מיט צוויי יאָר צוריק איבערגעמאַכט אונזער געזעץ. און הערט, די כלה וויל האָבן אַ „גירלאַנדע״, אַ גירלאַנדע!... חי־חי! — האָט ער זיך צושמייכלט — און וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער פּרעזידענט פֿון אונזער האוס איז אַן אַמעריקאַנער איד און ווייסט נישט וואָס דאָס איז?... צי איך וויים?... אַודאי וויים איך, אַ „גירלאַנדע״ איז אַ כלה־שלייער! יאָ־יאָ, אַ כלה־שלייער!... וואָס? אַז זי וויל, דאַרף מען קויפֿן? אַודאי דאַרף מען! הא? ווען עס זאָל זיין די חופּה? דער חתן וויל וואָס שנעלער! . . . נו, איך בלעים אים אויך נישט!... הא, וואָס זאָגט איר? איר וועט זיך גלייך נעמען צום איינלאַדן די געסט? גוט! . . . איך נעם זיך גלייך צו פֿאַרזאָרגן די חתונה־מאָלצייט! . . . הא? איר וועט דאָ באַלד זיין? אָלרייט!... איך גיי נישט אַוועק, איך וועל וואַרטן פֿאַר אייך! גוד באַי! . . .

דער באַאַמטער האָט אַ הענג געטאָן דעם רעסיווער און גענומען זוכן די נאָמבערס פֿונ׳ם בוטשער, פֿון דער גראָסערי, וויין־סטאָר און פֿרוכט־סטאָר.

פֿאַרביי דער אָפּיס־טיר איז דערווייל דורכגעגאַנגען איינע פֿון די מייטראָנס:

— זייט אַזוי גוט, קומט אַריין אַהער! — האָט דער באַאַמטער אַ רוף געטאָן די מייטראָן און זי איז אַריין אין אָפּיס.

— הערט — האָט זיך דער באַאַמטער אַ ווענד געטאָן צו איר — איר ווייסט פֿילייכט, וואו מען קויפֿט אַ „גירלאַנדע״?

פֿאַר וועמען דאַרפֿט איר דאָ אַ „גירלאַנדע״? — האָט די מייטראָן אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— פֿאַר מיר, איך וועל עס אָנטאָן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן שפּאַסיג — דער עיקר איז, קויפֿט עס און זעט, עס זאָל זיין די שענסטע און בעסטע, וואָס איז נאָר דאָ. און דעם ביל דערפֿאַר זאָל מען אַריינשיקן צו מיר פּריוואַט, דאָס וועט זיין מיין מתנה!

צען טאָג שפּעטער האָט אין אַלע צימערן פֿון דער האוֹם אָפּגעהילכט די טענער פֿון חתונה־מוזיק. טישן זיינען געווען געדעקט מיט אַלעס גוטן. אַ פּאָר הונדערט רייך־פֿאַרפּוצטע מחותנים, מעמבערס פֿון דער האום, האָבן פֿריילין געטאַנצט, אַ קליין אינגל מיט אַ זיס קול׳כל האָט געזונגען „א פּראָמיס מי!״...

אונטער אַ שיינער סאַמעטענער חופּה איז געשטאַנען ר׳ ברוך, דער גליקליכער חתן און האָט אָנגעטאָן אַ קידושין־רינגל דער כלה קריינע גרינבלום, וועמעס פּנים עס האָט שכינה׳דיג ארויסגעשטראַלט פֿון אונטער די ווייסע טיולן פֿון דער „גירלאַנדע״.

# שמחה בעל שמחה



## אַ פּאָרטרעט

פריינט און באַקאַנטע זיינען געווען זיכער, אַז שמחה קאַזלאָוו איז זעהר אַ גליקליכער מענש. שטענדיג האָט ער אויסגעזען אַ צופרידענער, אַ פריילינכער, האָט אַלעמאָל געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער גייט צו אַ שמחה אָדער קומט פון אַ שמחה, אַזוי אַז זיינע פריינט און באַקאַנטע פלעגן אים טאַקע אָפט רופן „דער בעל שמחה".

שמחה איז אין זיין פריער יוגענד געווען אַ סעילאָר, אַן אַרבייטער, אַ ביזנעס־מאַן, געהאַט גוטע צייטן, שלעכטע צייטן און איז שטענדיג געווען גרייט אַרויסצוהעלפן אַ פריינט מיט אַ טובה און מיט אַ דאָלאַר. ער האָט אויך ליב געהאַט אַ לעב צו טאָן. ער האָט אָפט געקענט נעמען זיין גאַנצע וואָך פאַרדינסט און דאָס אַוועק־פּטר'ן מיט פריינט אין אַ קאַבאַרעי אָדער אין אַ רומענישן רעסטאָראַן ביי אַ גוטן ביסן מיט ווייז און געזאַנג.

און ווען אַלע זיינע פריינט האָבן אויף זיין רעכנונג געגעסן, געטרונקן און פריילינך פאַרבראַכט, איז ער זיך געזעסן אין אַ ווינקל, געריכערט אַ סיגאַרעטל און מיט אַ מאָדנע אומבאַוואוסטער נאָגעניש אין זיין האַרצן זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. איבערהויפּט איז ער געזעסן פאַרגאַפט ביי אַ געזאַנג.

שמחה איז געווען געזונד געבויעט, הויך געוואַקסן, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע ברוינע האָר און גרויסע בלויע אויגן, וועלכע פלעגן אונטער געזאַנגס־טענער ווערן פאַרצויגן ווי מיט אַ בלויען טומאַן — און ווען זיינע שטאַרקע הענט האָבן דעם זינגער אָדער דער זינגערין הויך געפּאַטשט „בראַוואָ" און די ליפּן האָבן דורך פּאַפּיראָסן־רויך

באַגייסטערט געשמייכלט, האָבן זיינע פאַרשטאַרטע בליקן געבלאַנדזשעט נאָך אַן ענטפער צו דער מאָדנער נאָגעניש פון זיין האַרץ. עפּעס האָט אין אים שטענדיג געבענקט און נישט געוואוסט נאָך וואָס, ערגיץ האָט עס איהם שטענדיג געצויגן און ער האָט נישט געוואוסט וואו־אַהין...

האָט זיך שמחה׳ן געדאַכט, אַז זיין בענקשאַפט איז צו זען די וועלט. איז ער געוואָרן אַ סעילאָר און האָט זיך געלאָזט וואַנדערן איבער ימים. האָבן די כוואַליעס פון די ימים נאָך גרעסערע בענק־שאַפט אין זיין האַרצן אויפגעברויזט. האָט שמחה דערזען טעאַטער שפּילן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וויל ווערן אַן אַקטיאָר. ער איז אויך געווען זיכער, אַז ער וואָלט געקענט שפּילן יעדע ראָלע פּונקט אַזוי גוט ווי דער אַקטיאָר, וואָס ער זעט אויף דער בינע און אפשר נאָך בעסער. אָבער טאָן עפּיס וועגן דעם, האָט ער נישט געוואגט, ווייל באַלד האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

— וואו־אַהין קריך איך? ווי קום איך, שמחה קאַזלאָוו, צו ווערן אַן אַקטיאָר? פון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען טאַלאַנט? וואָס מיין איך זיך, ס׳איז עפּיס אַ פינאַקל־שפּיל? — און ער האָט פאַרשעמט פאַר זיך אַליין אַראָפּגעצויגן דעם דאַשעק פון זיין היטל און זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער שפּאַנען אין לעבן מיט זיינע שטאַרקע גרויסע טריט. און האָבן שמחה׳ס גרויסע טריט אין אַ ביבליאָטעק אַריינגע־שפּאַנט און זיינע בליקן אין אַ בוך אַריינגעקוקט, איז ער באַלד געווען זיכער, אַז שרייבן איז זיין אמת׳ר באַרוף, ווייל אָט פּונקט וואָס ער מיינט, שרייבט דאָרט טאַקע דער שרייבער, נור ער, שמחה, וואָלט דאָס בעסער אַרויסגעזאָגט ווי דער שרייבער, ער וואָלט נאָך מער, נאָך שטאַרקער אַרויסגעבראַכט דעם שיינעם געדאַנק. ער פלעגט טאַקי באַלד דאַבײ כאַפּן בלייפעדער און פּאַפּיר און באַשרייבן אַלעס, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום אים. אָבער ווען עס איז צו אים געקומען דער געדאַנק, צו ווייזן זיין שרייבן פאַר דער וועלט, איז ער גלייך געוואָרן אַפּהענטיג און ווידער גענומען טראַכטן צו זיך אַליין:

— וואו קריך איך? וואו קום איך, שמחה קאַזלאָוו, צו זיין אַ שרייבער? וואָס מיין איך זיך, די מוזע מיט די גרויסע מוחות וואַקסן עפּעס אויף בוימער? און ער פלעגט באַלד כאַפּן זיינע אָנגעשריבענע שטיקער פּאַפּיר, פאַררוקן דאָס טיף אין זיינע קעשענעס און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, זוכענדע בליקן און אומזיכערע טריט ווייטער שפּאַנען...

מער פון אַלעס האָט שמחה געפילט אַ באַגער צום זינגען. האָט ער ערגיץ דערהערט געזאַנג, האָט ער שוין פון דאָרט זיין אויער נישט געקענט אַוועקרייסן — און כאָטש זיין שטימע האָט געקלונגען קלאָר

און הויך, אַזוי אַז ווען ער האָט זיך אַמאָל געפונען אַליין אין אַ פּאַרק אָדער אין אַ וואַלד און ער האָט זיך דאָרט מיט זיין שטימע צולאָזט, פלעגן זיך בערג און בוימער אַ טרייסל טאָן און פויגעלעך צוטומלטע צו די הימלען פליען, פלעגט שמחה פאַרדרייסן זיינע בליקן צו די פליענדע פויגעלעך און מיט אַ פריידיגן שמייכל טראַכטן: „אַהאַ, איך קען אויך זינגען, נאָך אפשר בעסער פון אייך, איר האַני־סאַקאַלס!״...

„האַני סאַקאַלס״ איז ביי אים געווען אַזאַ ווערטל פון צו־פרידענהייט.

ביי די געדאַנקען פלעגט ער זיך טאַקע באַלד צופלייסן פאַר די פויגלען און ברייט און ווייט אַוועקלאָזן זיינע טענער, וועלכע פלעגן זיך וויקלען איינס אין אַנדערן, פון חזנות צו טעאַטער־לידלעך און פון קאַבאַרעי־לידער צום טאַטן׳ס „זמירות״.

אַזוי ווי בערג, בוימער און פויגלען האָבן אים אויסגעהערט, איז שמחה געווען זיכער, אַז זינגען, אַט דאָס קען ער, דאָס וויל ער, נאָך דעם בענקט ער און דאָס איז זיין אמת׳ר באַרוף אין לעבן!... אָבער פּרובירן זינגען אין דער עפנטליכקייט, פאַר מענשן, דאָס האָט ער נישט געוואגט, ווייל באַלד האָט זיך צו אים עפּיס ווי אונטער־גע׳גנב׳ט זיין אַלט באַקאַנטער אָפּשלאָגענדער געדאַנק, וועלכער פלעגט אים שוין ווי אין אויער אַריינמורמלען:

— שמחה, וואו־אַהין קריכסטו? וואָס מיינסטו, די וועלט האָט נאָך נישט געהערט אַזעלכע זינגער ווי דו?

פלעגט ער דאַן כמעט ווי אויסשרייען צו זיך אַליין: „שמחה, קאַרוזאָ מיינער! פאַרמאַך בעסער דיין גאַרגל, וועט מען פון דיר ניט לאַכן!״

און ער האָט זיין געזאַנג צוזאַמען מיט אַלע זיינע אַנדערע נישט אויסגעפּרואוווטע קונסט־פעהיגקייטן פאַררוקט טיף אין זיין נאָגענדער האַרץ און האָט ווייטער געשפּאַנט, ווייטער געזוכט.

און אָט האָט זיך שמחה׳ן געדאַכט, אַז די אמת׳ע נאָגעניש פונ׳ם האַרצן איז מיט קינסטלער זיך צו באַקענען. אַזוי ווי אַ ספּאָרט אויף אַ דאָלאַר איז שמחה שטענדיג געווען און צווישן קינסטלער געפינען זיך אָפט אַזעלכע, וועמען די קונסט טרוקנט אויס די קעשענעס... איז דערפאַר שמחה׳ן נישט שווער אָנגעקומען, צו ווערן אַ פאַרערער פון דעם אָדער יענעם קינסטלער און ער איז מיט דעם ביסל באַקאַנט־שאַפט געווען זעהר שטאָלץ. ער פלעגט אָפט אַרונטערברענגען צו זיינע לאַנדסמאַנשאַפטליכע אונטערנעמונגען אַ באַקאַנטן „טאַלאַנט״, אויף וועלכן ער האָט זיך שוין פריער דערפאַר געלאָזט קאָסטן עטליכע

דאָלאַר. אָבער אַהין האָט ער דעם גאַסט געבראַכט אומזיסט אַלס זיינעם אַ פריינט.

די סאָסייעטי־מעמבערס האָבן אויף זייער לאַנדסמאַן שמחה דערפאַר געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ און זיי פלעגן אָפט שטיל צו אים אַ מורמל טאָן:

— שמחה, זיי אַ גוטער ברודער און באַקען אַ פריינט מיט אימיצן פון דיינע גרויסע מענשן!...

האָט זיך שמחה אין אַזעלכע מינוטן געפילט שטאַלץ און וויכטיג און מיט אַ גליקליכן שמייכל, דורך וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען צוויי רייען שיינע געזונטע ציינער, פלעגט ער דאַן אַ זאָג טאָן:

— בי אָל־ראַיט, האָני־סאָקאָל, בי אָל־ראַיט! מען וועט שוין באַקענען!

ער האָט זיך דאַן דערפילט אַזוי גליקליך, אַז אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס פעלט אים שוין גאָרנישט קיין זאַך. באַלד האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, אַז דאָס היילט אויף אַ האָר נישט זיין האַרץ, פאַרקערט, אין מיטן פון זיין פאַטשן בראַוואָ פאַר זיינע באַקאַנטע גרויסע מענשן, פלעגט זיך די נאָגעניש אין זיין האַרצן צוטליען נאָך שטאַרקער, נאָך בולט'ער און ער פלעגט מיט כסדר'דיגן שמייכלען זיך מאַטערן צו באַהאַלטן זיינע וויטאָגן, כדי מען זאָל נישט מיינען, אַז דאָס איז קנאה...

מער פון אַלעמען האָט שמחה'ן וויי געטאָן, וואָס אימיצער האָט אים פונקט דאַמאָלס אַ רוף געטאָן ביי זיין ערשטן נאָמען „שמחה". אַלעמען רופט מען „מיסטער סאָ־און־סאָ!" און אים רופט מען איינפאַך „שמחה". מען פאַרגעסט גאָר, אַז ער האָט אַ צווייטן נאָמען — פלעגט ער בייז טראַכטן — און קלאַפּנדיג אַלץ ווילדער און שטאַרקער די בראַוואָ'ס פאַר זיינע באַקאַנטע גרויסע מענשן, פלעגט ער מיט כעס צו זיך אַליין טראַכטן: „אָט זייערע צווייטע נעמען וועט מען שוין נישט פאַרגעסן, ווי מען פאַרגעסט מיין נאָמען. אָט די מענשן ברענגען כבוד צו זייערע טאַטע'ס נעמען!"

שמחה האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין טאַטען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז מען באַליידיגט פשוט זיין טאַטען מיט דעם, וואָס מען פאַרגעסט אים צו רופן ביי זיין צווייטן נאָמען און אַזוי ווי אויף להכעיס האָבן פריינט און באַקאַנטע זיך גיך צוגעוואוינט צו שמחה'ן, אים ליב באַקומען און אים באַלד געגומען רופן ביי זיין ערשטן נאָמען „שמחה" — און וואָס מער ער האָט געוואָלט, אַז זיין טאַטנס שיינער נאָמען „קאָזלאָוו" זאָל זיין באַקאַנט, אַלץ מער האָט מען אים גערופן „שמחה" אָדער „שמחה בעל שמחה". האָט דערפאַר זיין האַרץ ווייטער נאָך עפּיס געבענקט, ווייטער נאָך עפּיס געגאַגט.

דערווייל זיינען זיך זומערן און ווינטערן געגאַנגען און געקומען, ביז אין זומער האָט אויף שמחה׳ס וועג אַ מיידל געבראַכט, דערזעהן דאָס שיינע געזונטע מיידל אין איר זומערדיג דורכזיכטיג קליידל, האָט זיך שמחה פאַרטראַכט און באַלד אויסגעטראַכט, אַז אפשר איז די אמת׳ע אורזאַך פון זיין האַרץ־נאַגעניש טאַקע דאָס, וואָס נאָך אַלע זיינע פריילעכקייטן, נאָך אַלע זיינע הוליאַנקעס, קומט ער אַהיים צו שטומע ווענט, וועלכע פרעגן אים נישט, וואו ער איז געווען, פאַר־וואָס ער איז געקומען אַזוי שפעט, די ווענט וואַרפן אים אויך נישט קיין שוך אין קאָפּ אַריין ביים עפענען די טיר, אַ זאַך וואָס ער האָט אָפט געזען ביי זיינע פריינט און באַקאַנטע — און דאָרט איז טאַקע פריילעך, אַ מחיה!

— אפשר פעלט מיר טאַקי יענע פריילעכקייט — האָט שמחה אַליין זיך פרעגענדיג געטראַכט — אָבער לאַנג וועגן עפּיס טראַכטן, האָט שמחה פיינט געהאַט, האָט ער געגעבן אַ קוש, געקויפט אַ רינגל און געזאָגט: „ווייב, גיב אַרגומענטס!"...

און אַזוי איינס־צוויי־דריי זיינען שוין געווען דריי קינדערלעך און מען האָט געדאַרפט דריי פּאָר שיכלעך, דריי היטעלעך, דריי מענטעלעך. האָט זיך שמחה׳ן פאַר אַ ווילע געדאַכט, אַז איצט ווייסט ער שוין אויף זיכער, אין וואָס עס באַשטייט זיין אמת׳ע האַרץ־נאַגעניש — און דאָס איז, צו זען, אַז זיינע קינדערלעך זאָל גאָר נישט פעלן. האָט ער זיך אַ נעם געטאָן מיט אַלע זיינע כחות, רייך צו ווערן, געזוכט פאַרשידענע פרנסות, ביז דאָס זוכן האָט אים פאַרוואָרפן, צו ווערן אַ גראָסערי־מאַן אין אַ גוי׳ש קאַנטרי־שטעטל.

צוליב זיין גוטמוטיגן שמייכל איז שמחה אין אַ קורצער צייט אַזוי שטאַרק באַליבט געוואָרן ביי די גוי׳שע קאַסטימער, אַז זיי האָבן אים באַלד אויפגעהערט רופן „מיסטער קאָזלאָוו", נאָר זיי האָבן זיך געמאַטערט מיט זייער גוי׳שן אַקצענט, אים צו רופן ווי זיין ווייב רופט אים, שמחה, וועלכעס איז אַרויסגעקומען פון זייערע ליפּן „סימקע".

אַזוי ווי ער איז געווען איין איד אין גאַנצן שטעטל, האָבן די ווייבערשע קאַסטימער קוקנדיג אויף זיינע בלויע אויגן, אים באַלד גענומען באַהאַנדלען ווי אַ „בן־יחיד".

גוט איז אַוועק שמחה׳ן אָדער סימקע׳ן, ווי זיינע גוי׳שע קאַס־טימער האָבן אים גערופן. עס האָט זיין ווייב און קינדער גאָר נישט געפעלט. אָבער אים אַליין, אים, שמחה קאָזלאָוו, האָט אַלץ עפּיס געפעלט. זיין האַרץ האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט נאָגן און אַליין נישט־וויסנדיג קלאָר, וואָס אים פעלט, וואָס אים נאָגט, האָט ער געפּרוּווט אויספילן דאָס נאָגעניש פונ׳ם האַרצן מיט דעם, וואָס ער

פלעגט זיך אַלע עטליכע וואָכן אויסטראַיען אין שיינע שטאָטישע קליידער, באַפּוצט די בוזעם־קעשענע מיט אַ פעטן טשעק־ביכל און אַרונטער־קומען אויף אַ פּאָר טאָג אין זיין אַמאָליגן נויאָרק.

דאָרט איז ער באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון פריינט און באַקאַנטע, וואָס פלעגן מיט שמחה אָנזאָגן איינער דעם צווייטן, אַז שמחה בעל שמחה איז דאָ אין שטאָט. שמחה האָט דאָן באַלד אָנגעהויבן שפּאַנען מיט פיס און הענט. אַז האָט אַ שרייבער אַרויסגעגעבן אַ בוך, איז שמחה געלאָפן אויפזוכן דעם שרייבער און אים דערלאַנגען אַ טשעק פאַר דעם כבוד, וואָס דער שרייבער האָט אים אָנגעטאָן מיט דעם, וואָס ער האָט אָן אים, דעם פאַרמער, נישט פאַרגעסן, אים צוגעשיקט אַ בוך און מיט דעם באַוויזן, אַז ער, שמחה, איז נישט גלאַט אַבי אַ פאַרמערי־שער גראָסערי־מאַן, נאָר ער באַלאַנגט גאָר צו דער גרויסער שטאָט און איז אַ פריינט פון גרויסע מענשן.

און אַט דערוויסט זיך שמחה באַלד ביי זיין אָנקומען אין נויאָרק, אַז זיין פריינט דער אַקטיאָר, מיסטער סאָ־און־סאָ, האָט פונקט היינט אַ קאָנצערט, נאָר ער קען נישט אויפטרעטן, ווייל דער „האָל־קיפּער" לאָזט נישט עפענען די טירן, איידער מען באַצאָלט אים דאָס געלד פאַראויס. טראַכטענדיג, אַז עס זיינען נאָך אַלץ דאָ שלעכטע מענשן אין נויאָרק, וואָס ווייסן נישט ווי אָפּצושאַצן קונסט, עפנט שמחה זיין טשעק־בוך און דער „האָל־קיפּער" די טירן.

פערטיג מיט שרייבער, אַקטיאָרן און אַנדערע גרויסע מענשן, לאָזט זיך שמחה ערשט אַוועק אין געסט צו די נישט־גרויסע מענשן, צו גלאַט פריינט, באַקאַנטע און לאַנדסלייט, וואו ער געפינט אַזעלכע וועמען די גרויסע שטאָט האָט דורך דער צייט פאַראָרימט — און ווען דער גאַסט עפנט די טירן פון די אָרימע היימען, פאַנגן אָן די קינדערלעך קוקן אויף זייערע צוריסענע שיכלעך און מיט שמחה אויסרופן: „פּאַפּאַ, מאַמאַ! דער בעל־שמחה איז דאָ, דער בעל־שמחה!"

ווען שמחה ווערט פערטיג מיט זיין גיין צו־גאַסט, ענדיגט ער כמעט שטענדיג זיינע נויאָרקער וויזיטן אין אַ רומעניש ן רעסטאָראַן, וואו זיינע פריינד און באַקאַנטע קומען אויף זיין איינלאַדונג און זיין רעכענונג אים באַגלייטן. אַרום שמחה׳ס טיש ווערט באַלד שמחה׳דיג פריילעך. דער וועיטער, האָבנדיג אין זינען דעם פעטן פאַרמערישן טיפּ, מונטערט באַלד אויף זיינע מידע פיס און כמעט אונטערטאַנצנדיג פאַנגט ער אָן ברענגען טעלער נאָך טעלער און גלעזל נאָך גלעזל. דעם פידל־שפּילער׳ס סמיטשיק גליטשט זיך האַסטיג אַרויף און אַראָפּ. די טענער פון די סטרונעס מישן זיך אויס מיט דעם שאַרסקן פון

דער זינגערין'ס זיידענע קלייד אוןביידע שיקן זייערע נגונים צו שמחה'ס פרייליכן טיש.

אונטער די קנאַבלדיגע סטעיקלעך, ווייַן, געזאַנג און מוזיק, ווערט חברה שטאַרק צעוואַרעמט, פאַנגען אָן אַרויסהעלפן, בעסער געזאָגט, אויסצוכאַפּן די נגונים פון די פידל־סטרונעס און דער זינגערין'ס האַלז. און ווען ביי שמחה'ס טיש ווערט אַלץ לעבעדיגער און פרייליכער, באַפאַלט שמחה'ן אַלץ שטאַרקער דער אומעט. ער דערמאַנט זיך, אַז באַלד־באַלד נאָך אַ שעה, נאָך אַ האַלבע — און צו ענדע איז זיין יום־טוב. אַלע, אַלע זיינע פריינד בלייבן דאָ אין דער גרויסער פרייליכער שטאָט. זיי בלייבן זינגערס, אַקטיאָרן, שרייבער. יעדער־יעדער בלייבט אָן עפּיס, א וויכטיגער, נאָר ער, ער איינער דאַרף צוריק־פאָרן אין אַ פאַרוואָרפן גוי'ש שטעטל, אויסטאָן די שטאָטישע יום־טוב קליידער, אַריינקריכן אין דער גראָסערי'ס לאַנגן פאַרטוך און אויסהערן דער פאַרהאַרעוועטע ווייב'ס טענות און אַרגומענטן: „שמחה, טו נישט אַזוי! שמחה, טו יאָ אַזוי! שמחה טו אַנדערש!" אָדער אויסהערן די טובות־טוענדיגע שטימען פון די קאַסטימער: „צוויי פונט פּאָטייטעס, סימקע! אַ האַלב פונט קאַווע, סימקע! אַ באקסל מעטשעס, סימקע!"

וויל שמחה, אַז די נאַכט אינ'ם נויאָרקער רומענישן רעסטאָראַן זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיגן און הייסט חברה עסן נאָך אַ סטעיקל, טרינקען נאָך אַ גלעזל, ביז די וועיטערישע פּיס ווערן אַלץ מידער און מידער און פאַר שמחה'ס פריינד'ס אויגן־דעקלעך הויבן זיך אָן וועבן זייערע בעטן אין די שענסטע ווייסעסטע פאַרבן.

דרייען זיך דאָן רעדער איבער רעלסן, קוקט שמחה אַרויס דורך'ן פענסטער און דערזעט, אַז פאַרשוואונדן איז שוין נויאָרק ווייט־ווייט הינטער דעם רויך פון דעם שנעל לויפנדען טריין'ס קוימען און נאָהנט איז שוין די סטאַנציע פון זיין שטעטל.

מורמלט דאָן שמחה אומעטיג צו זיך אַליין: „אַט־אַט איז שוין מיין היים, מיין גראָסערי, מיין פאַרטוך!"

קוקט ער ווייטער דורך'ן פענסטער און דערזעט די הויכע שוואַרצע קוילן־בערג, וועלכע געפינען זיך אַרום דער געגענד פון זיין שטעטל. דערמאָנען אים די גרויסע שוואַרצע קוילן אָן דער מאגנאטישער רייכקייט פון זייערע באַלעבאַטים, טוט אַ גלאַנץ אַ דורשטיג פייערל אין שמחה'ס בלויע אויגן און עס מורמלט אין זיין האַרץ אַ האָפנונג, אַז געלד, נאָר געלד קען אים העלפן אין זיין אומעט. מיט אַ סך געלד ווערט ער אַן אַקטיאָר, אַ שרייבער, אַ זינגער. אַלעס, אַלעס קען מען ווערן מיט געלד! אַן אייגענע רעדאַקציע וועט ער קויפן, אַ טעאַטער וועט ער בויען — און קיינער, קיינער וועט אים דאַמאָלס נישט וואגן

זאָגן, אַז עפּיס קען ער נישט. אַלעס, אַלעס, וועט מען זאָגעו, קען ער. אונטערטעניג ווי די וועיטערס אינ׳ם רומענישן רעסטאָראַן וועלן דאַן אַלע זיין צו אים און מען וועט אים שוין דאַן נישט רופן „שמחה״, נאָר טאַקי „מיסטער קאַזלאָוו״. אַלע, די גאַנצע וועלט וועט שוין דאַן וויסן דעם נאָמן „קאַזלאָוו״. יעס, געלד, נאָר אַ סך געלד דאַרף ער קריגן — באַשליסט ער לויפנדיג מיט אַ נייעם אימפּעט צו זיין גראָסערי.

וועגט שמחה אַ גאַנצן טאָג מעהל, הערינג, קאַרטאָפלעס — ציילט ער גרינגע דאָלארס דורך בלויע האָפנונגען אויף נייע מאָרגענס. נאָך אַ טאָג, נאָך אַ דאָלאַר און קומען וועט פאַר אים זיין מאָרגן. ער וועט נאָך אַלעס אויפטאָן, אַלעס, אַלעס וואָס ער וויל נאָר, ער דאַרף נאָר וואַרטן אַ ווײַלע, נאָך אַ טאָג, נאָך אַ מאָרגן...

זיינען מאָרגענס אָנגעקומען און אַוועק צו נעכטענס, נישט באַ־מערקטע, נישט געציילטע, איז געוואָרן פון זיי יאָרן, זיינען יאָרן אויסגעוואַקסן און סטאַטעטשנע זיך אַוועק און אין זייער גאַנג אויך מיט־גענומען שמחה׳ס געדיכטע קרויזן פון זיין מיטן קאָפּ, געמאַכט דאָרט פּלאַץ פאַר דער זון זיך אָפּצושפּיגלען. עס זיינען אויך עטליכע ציינער צום ציין־דאָקטאָר אַוועק און געלאָזט אים אַלס מתנה טיפע קנייטשן אַרום מויל און אויגן.

פאָרט זיך שמחה טאָג־טעגליך מיט זיין טראָקל אויף די בערגלעך צו די קונדן, אָרדערס צו פאַרטיילן — און ווען די רעדער פון זיין טראָקל פלעגן נעבן שיינעם הארווע טייך זיך געמיטליך דרייען, פלעגט שמחה׳ס גאָרגל שוין געוואוינט זיין פאַר באַרג און בוים זיין שטימע צו לאָזן הערן, ווייזן די סודות׳דיגע בערג און וועלדער, וואָס ער קאָן און וועט נאָך אַמאָל אויפטאָן, אַמאָל־אַמאָל אין אַ שיינעם פרי־מאָרגן!

און איינמאָל אין אַ טאָג טאַקע אַ שיינעם, ווען שמחה איז אויף זיין געוואוינליכן וועג געפאָרן און ווי זיין שטייגער מיט זיינע טענער געלאָזט זיך צו די הימלען מיט זיין טאַטנ׳ס נגונים, זיינען פון זיין זינגען פויגלען זיך צולאָפן און דער עכאָ פון די וועלדער האָט מורא׳דיג אין שמחה׳ס אויער אָפּגעגרילצט... האָט שמחה באַלד די רעדער פון זיין טראָקל גענומען שמירן. האָבן אָבער בערג און טהאָל זיין טאַטנס זמירות צוריק־געגרילצט. האָט שמחה דאַמאָלס אומעטיג געזאָגט צו זיך: „שמחה, קאַרוזאָ מיינער, שעם זיך פאַר די רעדער פון דיין טראָקל און פאַרמאַך דיין גאָרגל!״...

און ווען שמחה האָט דערפילט, אַז זיינע יאָרן האָבן שוין געפונען דעם וועג אויך צו זיין שטימע, האָבן זיינע גרויסע אויגן זיך פאַרשעמט פאַר די יאָרן׳ס שטאַרקייט און טיף אין קאָפּ זיך באַהאַלטן

און פון זיין ברעם האָט אַ פאַרגליווערטע טרער זיך צום האַרץ אַראָפּ־געקייקלט און טרויעריג אַריין־גע׳סוד׳עט: „געגוג שוין האַרץ צו נאָגן, מאַנען, ציען און זיך נאַריש מאַכן! פאַרגאַנגען איז שוין דיין צייט דערפאַר, דו בלייבסט שוין שמחה אָדער סימקע און ווייטער גאָר נישט!"

איז שמחה׳ס האַרץ צוזאַמען מיט שמחה׳ן געוואָרן צו אַלעמען פאַרגליווערט און גלייכגילטיג, געלעבט אָן מוט, אָן ווילן און אָן שום אינטערעס. אָבער קונדן ווילן עסן, טוט שמחה מיט מידיגקייט זיין אַרבייט, פאָרט זיך מיט זיין טראָקל צו די פאַרמערס אויף די בערגלעך, זיצט זיך ביי זיין זייט אַ זוהן זיינער, גלאָט אַזוי זיך אונטערפאָרן פאַר פריילעכקייט צום טאַטן. קירעוועט שמחה דאָס רעדל פון זיין טראָקל און ברומט דאַביי שווער און הייזעריג זיינע אַמאָליגע נגונים. וויל דער זוהנעלע דעם טאַטן העלפן און כאַפּט אויף די נגונים. דערהערט עס באַלד באַרג און בוים און ענפערן אין עכאָ אַ שיר צו שמחה׳ס זוהן׳ס זיסע טרעלן. וועקט זיך שמחה אויף ווי פון אַ טיפן שלאָף און חלומ׳ט, אַז ער לעבט נאָך. דורך זיין זוהנדל לעבט ער און וועט ווייטער לעבן.

כאַפּט דער טאַטע זיין געראַטענעם זוהן און לויפט מיט אים צו שולען און צו לערערס, וואָס גיבן האָפנונג, אַז דער זוהן וועט באַרימט מאַכן דעם נאָמען „קאָזלאָוו". קריגט שמחה בעל שמחה נייעם מוט און אַ ניי שטרעבן. און שיקט זיין זוהן אין דער גרויסער שטאָדט, זיין שטימע קולטיווירען.

פאַרשטייט נישט די מאַמע דעם טאַטן׳ס משוגעתן, צו וואָס דאָס קינד פון דער היים פאַריאָגן, וואוינען ווייט און אין דער פרעמד? צו־וואָס דאָס זינגען מיט׳ן טומעל און דעם גאַנצן טאַראַראַם? אָבער עס שפּאַרט זיך אַיין דער טאַטע, אַז זיין זוהן מוז אַ זינגער ווערן און דורך זיין זינגען זיין טאַטנס און זיין זיידן׳ס שיינעם נאָמען „קאָזלאָוו" פאַרגרויסן און פאַראייביגן...

שיקט די מאַמע צו דעם זוהנדל פאַר זיין זינגענדיגן העלזל אייערלעך פרישינקע און כמעט איר גאַנצע גראָסערי אין פעקלעך — און דער טאַטע פול מיט האָפנונג וועגט קאַרטאָפּעל און שיקט טשעק־לעך און מיט יעדן אַרויסגעשיקטן טשעקל וואַקסט אין שמחה׳ס האַרץ די האָפנונג, אַז באַלד־באַלד וועט ער האָבן אַ באַרימטן זוהן, וואָס וועט באַרימט מאַכן דעם נאָמען „קאָזלאָוו", באַלד־באַלד וועלן גרויסע בוכ־שטאַבן פון אַלע צייטונגען אַריינבליאַסקען אין דער גאַנצער וועלט׳ס אויגן און ראַדיאָ׳ס וועלן אַריינקלינגען אין דער גאַנצער וועלט׳ס אויערן דעם שיינעם נאָמען „העברי קאָזלאָוו" און יעדער וועט זאָגן: „אָט דאָס איז דער זוהן פון מר. שמחה קאָזלאָוו!"

„קאָזלאָוו, קאָזלאָוו" וועט אויף אַלעמען׳ס ליפּן דער נאָמען קלינגען,

קליגגען אַזוי שטאַרק, אַז דער זיידע וועט דאָס אין קבר דערהערן און זיך פרייען, וואָס זיין נאָמען גייט אַריין אין אייביגקייט!...

און עס טראָגט שמחה אַלץ גרעסערע טשעקלעך צו נאָך און נאָך גרעסערע לערערס און גרעסערע מבינים — און עס זאָגן לערערס און מבינים, אַז אָט־אָט, באַלד־באַלד, ווערט מקוים דעם טאַטנס גרויסער חלום, דעם טאַטנס גרויסע האָפנונג — און שמחה חלומ׳ט, האָפט און וואַרט.

און געקומען איז דער טאָג פון שמחה׳ס האָפנונג, פון שמחה׳ס ערוואַרטונג. אָנגעזאָגט האָט דער זוהן צו טאַטע־מאַמע דורך אַ בריוול, אַז דעם און דעם טאָג, די און די שעה און די און די מינוט זאָלן זיי אָנשטעלן זייער ראַדיאָ, ווייל דאַמאָלס וועט פאַרקומען זיין דעביוט, זיין געזאַנג. ער וועט זינגען אין אַ גרויסן זאַל פאַר גרויסע מענשן, פאַר גרויסע מבינים, וועלכע האָבן שוין פאַר אים אָנגעגרייט אַ גרויסן „קאָנטראַקט" — און צום טאַטן שרייבט דער זוהן אַ באַזונדערע פאַר ווערטער: „גיי נישט אַוועק פון דער ראַדיאָ, טאַטע, פאַרליר נישט קיין סעקונדע, ווייל דו וועסט האָבן אַ גרויסן סורפּרייז!"

קויפט שמחה אַ נייע ראַדיאָ, לאַדעט איין שכנים און באַקאַנטע צו דערהערן אויף דער נייער ראַדיאָ די שטימע פון זיין זוהן, וואָס וועט באַרימט מאַכן זיין און זיין טאַטנס שייגעם נאָמן „קאָזלאָוו".

קומען פריינד, קומען שכנים, שטייט די ראַדיאָ מיט׳ן מויל אָפן. טיק־טאַק, טיק־טאַק, קלאַפט דער זייגער. טיק־טאַק, טיק־טאַק! קלאַפּט שמחה׳ס האַרץ פון גרויס ערוואַרטונג, צו דערהערן פון אַן אַנאָנסער זיין זוהן׳ס שיינעם נאָמן „העברי קאָזלאָוו".

דרייט דער ווייזער די מינוטן און עס דערהערט זיך אַ קלאָרע שטימע פון דעם אַנאָנסער, וואָס זאָגט אָן, אַז איצט קומט אָן אַ גרויסער נייער זינגער און זיין נאָמן איז — „ענדרוס קאַרדאָני".

— וואָס טוט זיך דאָ? — פרעגן אַלעמען׳ס שטומע בליקן — וואָס איז דאָרט פאַר אַ טעות? — שרייט אויס שמחה, אַ טרייסל טוענדיג די ראַדיאָ.

— דאָס איז דאָך דער סטיישאָן, די מינוט, וואָס עס דאַרף זינגען מיין זוהן העברי קאָזלאָוו, איז וואָס האָט מען עפּיס פּלוצים אַרויפ־געלאָזט אַן אַנדער זינגער?

אָבער אָט דערהערט זיך אַ נגון פון דער ראַדיאָ — און שמחה דערקענט טרעלן וואָס ציען זיך נאָך פון זיין טאַטנס זמירות...

— העברי, העברי׳ס שטימע! — שרייען אַלע מיט גרויס וואונ־דער. שמחה׳ס ווייב וויל אָנפאַנגען זידלען דעם אַנאָנסער פאַר זיין ווילדן

טעות, צו פאַרבייטן איהר קינד׳ס נאָמן. צוקלינגט זיך פּלוצים דער טעלעפאָן לאַנג דיסטאַנס:

„העלאָ, פּאָפּ! — האָט העגרי אין טעלעפאָן זינגענדיג גערופן — נו, ווי געפעלט דיר עפּעס מיין סורפּראַיז, מיין נייער נאָמן? דאָס האָבן מיינע מענעדזשערס און מיינע לערערס מיר געראָטן. זיי זאָגן, אַז דער נאָמן „קאָזלאָוו" איז צו פּראָסט און צו אידישלעך פאַר אַ גרויסן זינגער. האָב איך געמאַכט „אויס קאָזלאָוו"!

„אויס קאָזלאָוו! אויס קאָזלאָוו!" — בייסן שמחה׳ס ציינער זיינע ליפּן.

מאַכטלאָז פאַלן אַראָפּ שמחה׳ס אויסגעאַרבעטע הענט אויף׳ן מויל פונ׳ם טעלעפאָן. שטאַר קוקן זיינע אויגן אין דער פּוסטקייט און זיינע ליפּן מורמלען: „אויס קאָזלאָוו!... שמחה בעל־שמחה!"...

# ווען די באַהן טוט זיך אַ ריר



## ראָמאַנס

סעמיועל שערמאַן איז אַ וועלט־מענש, ער קען די וועלט און די וועלט קען אים. זיינע פריינט זאָגן וועגן אים, אַז ער איז אַ מענש מיט אַלע מעלות. זיינע שונאים זאָגן אָבער, אַז עס איז נישט אַזוי — און אין אמת׳ן איז ער אַ מענש אַ געבילדעטער, באַוואוסט־זיניג אין פאַרשידענע כלל־זאַכן און וועלט־אַנשויאונגן און ער פאַר־נעמט אויך אַ וויכטיגן פלאַץ אין געזעלשאַפטליכן לעבן.

פאַרליבטע פרויען זאָגן וועגן אים, אַז ער איז געווען און איז נאָך אַ שיינער, אַ קלוגער און אַ צאַרטער ראָמאַנטישער מאַנס־פּארשוין. זיינע אַנטוישטע געליבטע זאָגן אָבער אַלעס פאַרקערט, אַז ער איז נישט שיין, נישט אינטערעסאַנט און נישט ראָמאַנטיש.

אין אַלגעמיין איז ער ביי באַקאַנטע פריינט און משפחה פאַר־רעכנט פאַר אַ סוקסעספולן און גליקליכן מענש, אָבער אויף איין האַנדלונג זיינער וואונדערן זיך אַלע, סיי פרעמדע און סיי אייגענע, וואָס ער האָט אַ מאָדנע ליבע צו „טריינס"...

ווען עס קומט אויס, ערגיץ צו פאָרן, באַנוצט ער זיך שטענדיג נאָר מיט אַ טריין. קאָנסעקווענט מיידעט ער אויס אַ שיף, אַ באָס, אַן עראָפּלאַן אָדער אַן אויטאָמאָביל, כאָטש דאָס קען אפילו זיין מעהר באַקוועם און אויך אָפטמאָל נישט קאָסטן קיין הוצאות, ווען פריינט לאַדן אים איין מיטצונעמן. שטענדיג אַנטזאָגט ער זיך זעהר העפליך

פון דעם אַלעמען — און מעגן פאַרן גאַנצע קאָמפּאַניעס, אַנטלויפט ער פון זיי, כדי צו קענען פאַרן אייגער אַליין מיט אַ טריין.

זיין ווייב, אויס איינפאַכער נייגיריגקייט האָט שוין עטליכע מאָל אַנגעשטעלט פריינד, באַקאַנטע און אפילו באַצאָלטע דעטעקטיווס, אויסצוגעפינען זיין געהיימניס אויף די טריינס, אָבער אַלע זיינען שטענדיג געקומען מיט גאָרנישט, ווייל מעהר ווי מיט פאַרשידן־שפּראַכיגע צייטונגען האָט מען אים אויף די טריינס נישט געכאַפּט... מען האָט בלויז געזעהן, אַז ער שטעלט זיך געוויינליך אַוועק ביים אַריינגאַנג פון דער טריין מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און ער וואַרט אויף עטוואָס, כאָטש פאָרטערס שרייען צו אים: „סטעפּ אין סאַיד!" און רייזענדע מיט וואַליסעס שטויסן זיך אָן אין זיינע זייטן...

סעמיועל׳ס ליבשאַפט צו טריינס איז כסדר ביי אַלעמען אַ וואונ־דער. עפּיס אַ מין „משוגעת", קוועטשט איטליכער מיט די פּלייצעס — און אַמאָל פלעגט זיך אויך אַ נאָנטער ערלויבן, צו גיבן אים אַ קיבעץ:

— נו, מיסטער שערמאַן, וואָס מאַכן עפּיס די טריינס?

„מע!" — פלעגט ער דאַן אַ מאַך טאָן מיט די ליפּן און פאַרציען זיין סיגאַר, ווי איינער זאָגט: „ביזט טאַקע אַ פריינט, אָבער קריך נישט אין דער נשמה אַריין, ווייל די טריינס זיינען מיין סוד, דער סוד פון מיין האַרצן, וועלכעס איז מיר פאַרבליבן פון דער צייט, ווען די ווינקלען פון מיינע האָר זיינען נאָך געווען פעך־שוואַרץ"...

און אַרויסלאָזנדיג אַ מויל רויך אין דער ווייטקייט אַריין, פלעגט ער ווידער טראַכטן: „און איצט זיינען שוין די ווינקלען פון מיינע האָר גרוי, ווי דער רויך פון מיין סיגאַר — און זי, זי איז שוין אַוודאי אויך גרוי!"...

אָט די „זי" איז ג ע נ י ע, זיין ערשטע געליבטע...

ווען ער איז געווען פופצן און זי פערצן, האָבן זיי זיך ביידע געטראָפן אין שול. גערופן האָט מען זיי, אים „סאַמע" און זי „געניא", אָבער צווישן זיך האָבן זיי זיך איינע די אַנדערע גערופן, ווי זייערע מאַמעס פלעגן זיי רופן: זי אים „שמואליק׳ל" און ער זי „גיטעלע".

צוזאַמען זיינען זיי אין גימנאַזיע געגאַנגען, צוזאַמען האָבן זיי זייערע „אוראָקן" געמאַכט און צוזאַמען זיינען זיי געוואַקסן. זי האָט די ערשטע דערזעהן, אַז ער דאַרף זיך שוין ראַזירן.

— אוי, שמואליק׳ל, עס וואַקסט שוין ביי דיר אַ וואָנצעלע! — האָט זי רויט־ווערנדיג אַז זאָג געטאָן און זי איז זיך דאַביי פאַרגאַנגען אין אַ האַלב־קינדער׳שן און האַלב־מיידעל׳שן געלעכטער...

און ער האָט איינמאָל רויט־ווערנדיג פלוצלינג דערזעהן, אַז אַ ביסל נידריגער פון איר אַלאַבאַסטער־ווייסן האַלז, אונטער איר דין

בלוזקעלע, איז ביי איר אויסגעוואַקסן ווי צוויי קייַלעכדיגע „בולקעלעך״, כמעט אַזעלכע ווי זיין מאַמע פלעגט באַקן אויף שבת... און צוליב איר געלעכטער׳ל האָבן זיי זיך אונטער איר בלוזקעלע געהויבן אַרויף און אַראָפּ...

ווען לבנה און שטערן האָבן זיי ביידן אַרומגעפירט אין פּאַר־באַרגענע ווינקעלעך, וואו יונגע צווייגן פון אַלטע ביימער פלעגן זיי אויסבאַהאַלטן, אַז זייערע ביידנס הערצער זאָלן קענען האַסטיג קלאַפּן, זייערע אויגן זיך שעמעוודיג פאַרמאַכן און ליפּן זאָלן ליפּן געפינען, זיינען אירע צוויי בלאָנדע צעפּ ווי צוויי שומרים איר נאָכגעהאַנגען און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן זיין עלענבויגן, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מען טאָר נישט, מען טאָר נישט!״...

— — — — — — — —

אידישער גלות און מענשליכע שטרעבונגען, עפּיס צו ווערן, עפּיס צו דערגרייכן אין לעבן, האָט סעמיועל׳ן פון זיין היים פאַרטריבן און צו דער פיל־פאַרשפּרעכענדער אַמעריקע געצויגן. ביידע האָבן איינגעזעהן, אַז עס איז נישט פאַראַנען קיין אַנדערער אויסוועג, קיין אַנדער מיטל פאַר זייער צוקונפט, ווי נאָר זיין רייזע קיין אַמעריקע. ער וועט דאָרט פאַר זיי ביידן אַ מענשליכן לעבן אויפבויען און ער וועט זי באַלד צו זיך אַריבערברענגען.

ער איז שוין דאַמאָלס געווען ניינצן און זי אַכטצן, ווען זי האָט דורך באַהאַלטענע טרערן אים געהאָלפן זיך פּאַקן צו זיין רייזע.

דער לעצטער טאָג און די לעצטע שעה פון זיין רייזע איז געקומען. נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין מיט אַלעמען צוזעגנט, זיינען זיי ביידע צו דער באַן געגאַנגען. אויף׳ן גאַנצן וועג האָבן ביידע נישט גערעדט וועגן זייערע פאַרגאַנגענע טעג און נעכט און אויך נישט וועגן די קומענדע ווייטע יאָרן, נאָר זיי האָבן כסדר געפּלאַפּלט וועגן זייטיגע און קאָמישע פּאַסירונגען...

אַט האָט זי זיך דערמאָנט, ווי איינער פון אירע אַמאָליגע לערער האָט געהאַט אַן אויסגעקרומטע נאָז — און זיי האָבן זיך ביידע צולאַכט. אַט האָט ער זיך דערמאָנט, ווי אַ אינגל פון זיין חדר האָט אַמאָל צוזאַמענ־געמישט די טאַבעקע פון זיין רבין׳ס פּושקע מיט שוואַרצן פעפער — און זיי האָבן זיך ווידער ביידע צולאַכט. און אַט האָט זי זיך גענומען זינגען אַ קאָמיש לידל און ער האָט איר געהאָלפן לאַכן איר געלעכטער און זינגען איר געזאַנג...

אָנקומענדיג אויף׳ן וואָקזאַל, האָט ער אויף דער פּלאַטפאָרמע געקויפט אַ ברעטל שאָקאָלאַד און ביידע האָבן הויך געריסן דאָס

זילבער־פּאַפּיר פון דעם שאָקאָלאַד, אַז דאָס שאָרסקן פונ׳ם פּאַפּיר זאָל זייערע צוּשיידונגס־געפילן פאַרהילכען...

פלוצלינג האָט זיך איר גאַנצער קערפּער אַ טרייסל געטאָן און איר אָרעם האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ שליס אַריין אין זיינעם, ווי זי וואָלט אים געוואָלט אין גאַנצן אַריינזאַפּן אין זיך און אים באַהאַלטן פון דאָס מורא׳דיגע און דאָס שרעקליכע, וואָס האָט מיט אַמאָל געגעבן אַ קום אָן...

מיט געפּילדער, שוואַרצן רויך און מיט גרויע דרויסנדיגע רעדער, וואָס האָבן זיך מיט זייער דרייען אָנגעזאָגט, אַז „אָט דריי איך איבער דאָס ראָד פון אייער לעבן, אָט־אָט צושייד איך אייך„ — איז די באַן אָנגעקומען.

נאָך אַ קוש און נאָך אַ קוש — און אָט שטייט ער שוין אויף׳ן ערשטן טרעפּל ביים אַריינגאַנג פון דער באַן און זי שטייט לעבן דער טיר. מיט אַמאָל זיינען ביידע ווי שטום געוואָרן. ער וויל עפּיס זאָגן, אָבער זיינע ליפּן קענען זיך נישט באַוועגן! עס גיט אַ קלונג „דער ערשטער דזוואָנאָק״ און ער גייט אַרויף אַ טרעפּל העכער. אירע ליפּן ווילן עפּיס אַ שעפּטשע טאָן און זיי קענען נישט. עס גיט נאָך אַ קלונג „דער צווייטער דזוואָנאָק״, ער גייט אַרויף נאָך אַ טרעפּל העכער. די שפּיצן פינגער פון זייערע הענט קענען זיך שוין נישט דערלאַנגען... אירע ליפּן פּרובירן זיך ווידער באַוועגן, אָבער זיי קענען אַלץ נישט — און עס גיט ווידער אַ קלונג דער דריטער דזוואָנאָק!...

„טרעטי דזוואָנאָק!״ — שרייט אויס דער פּלאַטפאָרם־קאָנדוקטאָר. סעמיועל גייט אַרויף אויף׳ן לעצטן טרעפּל און גיטעלע׳ס גאַנצער קערפּער גיט זיך אַ טרייסל, אָבער אירע ליפּן זיינען אַלץ פאַרגליווערט. ער דערשרעקט זיך, צו זי איז נישט פּלוצים שטום געוואָרן. דער לאָקאָמאָטיוו פאַנגט אָן פּייפן — און די באַן טוט זיך אַ ריר...

— שמואליק׳ל, שמואליק׳ל!... — רייסט זיך אַ קול דורך אירע ליפּן מיט אַ שטיק האַרץ פון איר ברוסטקאַסטן, און דער קול, וועלכער פאַרגייט זיך אין אַ לאַנגן ענדלאָזן קוויטש, ווערט אויסגעמישט מיט׳ן פּייפן פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו...

— — — — — — — — —

אין יעדן פייף פון אַן אַמעריקאַנער פעקטאָרי־קוימען, וואָס רופט צו דער אַרבייט און פון דער אַרבייט, האָט סעמיועל לאַנגע צייטן שפּעטער כסדר געהערט אויספייפן דעם נאָמען „שמואליק׳ל״...

וואָכן און חדשים האָבן זיך דאָן געביטן מיט יאָרן — און סעמיועל איז שוין לאַנג־לאַנג געווען אַן אַמעריקאַנער בירגער, איינגע־

פונדעוועט מיט אַ ווייב און מיט האַלב־דערוואקסענע קינדער, ווען עס איז אים צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד, ער זאָל זיין איינער פון די שלוחים צו אַ „קאָנפערענץ״ אויף יענער זייט ים.

ענדליך איז געקומען די גליקליכסטע שטונדע פון זיין לעבן — טראַכט ער — ער וועט אַנלייגן אַ ביסל וועג און ער וועט איצט אויף זיין רייזע זוכן און געפינען די שטאָדט, די גאַס, די היים און דאָס האַרץ, וואו זיין ערשטע ליבע האָט געוואוינט... די ליפּן, וואו זיין ערשטער קוש האָט געציטערט... ער וועט געפינען זיין געניע׳ן, זיין גיטעלע!...

„ווי וועט זי אים אויפנעמען?״ — טראַכט ער, זיצנדיג אויף׳ן דעק פון שיף, וועלכע ווערט געטראָגן פון כוואַליעס אויף׳ן אַטלאַנטיק — „וועט זי אים גלייך דערקענען? האָט ער זיך פיל געענדערט?״...

ער גייט דאָן צו צו דער פּאַרענטשע פונ׳ם שיף און ער קוקט אַרונטער אינ׳ם שפּיגל פון אַ בלויער כוואַליע.

ניין! — טראַכט ער — ער האָט זיך דורך די יאָרן כמעט בישט געענדערט. ער האָט נאָך דיזעלבע דאַרע הויכע פיגור, דאָס זעלבע לענגליכע פנים. יאָ, ער איז נאָך דערזעלבער שמואליק׳ל.

ער קוקט דאָן ווייטער אין אַ שיף־שניידענדער כוואַליע — און דערזעהט דאָרטן זי, זיין גיטעלע׳ן, אין איר גאַנצער פּראַכט. ער דערקענט זי גלייך. אָט דאָס איז זי מיט איר שיינער שלאַנקער פיגור. אירע בלאָנדע צעפּ הענגען נאָך אַלץ אַרונטער הינטער איר פּלייצע. אירע רויטע ליפּעלעך ציהען זיך צו אים און אין אירע הימל־בלויע אויגן פינקלען פריידן־טרערן. אירע ווייסע צאַרטע הענט זיינען אויסגעשטרעקט צו אים!...

אָט־אָט! — וויל ער אויסשרייען — אָט באַלד קומט צו די שיף נאָנט צו דיין כוואַליע, און אָט וועלן מיר זיין איינער אינ׳ם אַנדערן׳ס אָרעמס!...

די שיף שניידט זיך אַריבער דער כוואַליע — און דאָס בילד פון גיטעלע׳ן ווערט פאַרטראָגן מיט אַ ווייס־גרויען שוים, ווי מולענעס פון זייף...

סעמיועל׳ס אויגן קוקן ווייט אַריבער די ווייטסטע כוואַליעס. „אָט דאָרט, דאָרטן איז זי! אָט באַלד און איך וועל זי זעהן! — טראַכט ער — איך וועל איר אַלעס דערציילן, אַלעס... און זי וועט מיך פאַרשטיין, זי וועט מיר גלויבן, ווייל נאָר זי קען פילן, גלויבן און פאַרשטיין!...

יאָ! — טראַכט ער — פאַר איר וועט ער אַרויסזאָגן אַלע זיינע סודות, אפילו דעם סוד פון זיין ליבע צו טריינס, וואָס אַלע זיינע

פריינט הא̇לטן פא̇ר א̇ „משוגעת״, א̇בער זי, זי וועט דא̇ס פא̇רשטיין, ווייל זי א̇ליין איז דא̇ך טא̇קע דער סוד!...

ער וועט איר אויסדערציילן ווי אין פא̇רשידענע פוסטע און אומע־טיגע מא̇מענטן פון זיין לעבן איז זי שטענדיג זיין חלום, צי אין א̇זעלכע מא̇מענטן, ווען דא̇ס ווייב דערגייט די יא̇רן, צי ווען חברים גיבן נישט א̇פּ געבוג כבוד, א̇דער ווען קינדער הא̇נדלען נישט ווי אים געפעלט, א̇דער ווען וועלט־שמערץ פייניגט די נשמה, צי ווען ברודער־קא̇מפף פא̇רהילעכט די אויערן מיט זידלערייען, א̇דער גא̇ר ביי א̇ן א̇נטוישונג אין א̇ נייעם רא̇מא̇נס, וווא̇ס נישט יענע און נישט ער גלויבן, א̇ז עס איז ליבע און נא̇ך וועלכע די קני זיינען שוין א̇ ביסל מיד נא̇כ־צולויפן... אין א̇ט א̇זעלכע מא̇מענטן לויפט ער גלייך פא̇רן מיט א̇ טריין און אין דער רגע, וווא̇ס די טריין טוט זיך א̇ ריר, לעבט ער ווידער איבער דעם „טריל״ פון א̇מא̇ל, ער דערזעהט זיך ווידער א̇ יונגער אינגל, וועמען די בא̇ן פירט ערשט צום יריד פונ׳ם לעבן, וואו ער וועט אין א̇ שיינער גערעכטער און אויסגעגלייכטער וועלט מיט איר, מיט זיין גיטעלע׳ן, א̇ גא̇לד־רייכע צוקונפט אויסבויען!...

יא̇! — טרא̇כט ער ווייטער — זי, נא̇ר זי וועט אים פא̇רשטיין, זי וועט אויך גלויבן, א̇ז קיינער איז נישט שולדיג אין זייער צושיידונג, ווי נא̇ר די אומשטענדן, ווייל די רייכע א̇מעריקע, צו וועלכער ער איז געפא̇רן, הא̇ט טא̇קי פא̇רמא̇גט א̇לע פרייהייטן, מען הא̇ט דא̇ געקענט פריי לערנען, שטודירן, עפּיס צו ווערן, עפּיס צו דערגרייכן, עס איז טא̇קע געווען פריי א̇לעס, נא̇ך וווא̇ס ער איז געקומען. מען הא̇ט דא̇ א̇בער אויך געקענט פריי שטא̇רבן פון הונגער... יא̇, פא̇ר איר וועט ער אויסריידן זיין גא̇נץ הא̇רץ, פא̇ר איר וועט ער אויסדערציילן וועגן א̇לע זיינע צייטן אין א̇מעריקע. ער וועט איר דערציילן, ווי די צוריסענע פא̇דעשוועס פון זיינע שיך הא̇בן נישט איינמא̇ל געפילט דעם טעם פון א̇ פא̇ליסמא̇ן׳ס קלא̇ב פא̇ר דעם פא̇רברעכן, וווא̇ס ער הא̇ט מא̇נכע נעכט געשלא̇פן אין א̇ שטא̇דטישן פא̇רק אויף א̇ הא̇רטער א̇יזערנער בא̇נק און גע׳חלומ׳ט פון איר, פון זיין גיטעלע׳ס שויס, וואו זיין קא̇פּ פלעגט א̇מא̇ל רוהען...

זי געדענקט דא̇ך, א̇ז ער איז געווען שווא̇ך פא̇ר פיזישע א̇רבייט, וועט ער איר דערציילן, א̇ז ווען ער פלעגט יא̇ א̇מא̇ל קריגן ערגיץ א̇ שטיקיל דזשא̇ב, פלעגן די פעקטא̇רי־מיילער דורכ׳ן טא̇ג א̇זוי איינ־שלינגען זיין ביסל כוחות, א̇ז ביי נא̇כט אין קא̇לעדזש הא̇ט שוין זיין קא̇פּ נישט געא̇רבייט. פון איר, פון גיטעלע׳ן הא̇ט ער אויך א̇ לא̇נגע צייט גא̇ר נישט געהערט, די מענשליכע משוגעת, די מלחמה, הא̇ט איבערגעריסן א̇לע זייערע פא̇רבינדונגען...

דאַן איז געקומען לינא, זיין איצטיגע פרוי, וועלכע איז געווען פּראַקטישער פון אים און זי האָט אים קלאָר איבערצייגט, אַז מיט זיינע שוואַכע כוחות קען ער נישט אַרבייטן ביי טאָג און לערנען ביי נאַכט... אַזעלכע מענשן ווי ער — האָט זי אים איינגערעדט — דאַרפן און מוזן האָבן הילף. זי האָט אים אָנגעבאָטן איר הילף און זי האָט אים טאַקע געהאָלפן. ביז ער איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז איצט. זי האָט אָבער פאַר זיין דאַנקבאַרקייט האַרץ געפאָדערט!...

חברים האָבן גע'עצה'ט און דערציילט, אַז יעדער מענש האָט אין זיין לעבן געהאַט אַן ערשטע ליבע און די דאָזיגע „ערשטע ליבע" בלייבט ביי יעדן בלויז אַ שיינער חלום... האָט ער די עצה געפאָלגט און ער האָט חתונה געהאַט.

אָבער ער האָט אין זיין ווייב זיין גיטעלע'ן נישט געפונען! ער האָט זי שפּעטער אין זיינע קינדער געזוכט און ער האָט זי אויך דאָרט נישט געפונען!... נאָך שפּעטער האָט אים זיין סוקסעספולער לעבן מיט פאַרשידענע פרויען צוזאַמענגעבראַכט — און די דאָזיגע באַגעגע־נישן האָבן זיך אָפט אין „ליבעס" פאַרוואַנדלט. האָט ער דאַן פון ליבע צו ליבע געוואַנדערט און אין קיין איינער פון זיי האָט ער דעם יום־טוב פון ליבע ווי ביי זיין גיטעלע'ן נישט געקענט געפינען!...

ער האָט זיך אויך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט, אַז אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס זיינע ליפּן זיינען שוין ביי אים געוואָרן „מעכאַניש"... אפשר דערפאַר, וואָס ביי אים איז שוין נישט מעהר קיין זאַך דאָס ערשטע!... דאָס איז אים אפילו קיינמאָל נישט איינגעפאַלן — און ער האָט ווייטער געזוכט...

— — — — — — — —

אָט־אָט וועט ער איר באַלד אַלסדינג דערציילן! — טראַכט ער מיט אַ שמייכל, שוין אַרומבלאָנדזענדיג מיט זיינע אַמעריקאַנער שיך איבער די בלאָטעס פון זיין היימישער שטעדטל, פרעגנדיג יעדן פאַרביי־גייער, צי יענער ווייסט נישט אפשר, וואו עס וואוינט געניא, אשר גאנדלמאַן'ס טאָכטער!...

— געניא, גאַנדלמאַן'ס טאָכטער, זוכט איר? — קראַצט זיך אַן עלטערער איד זיין לינקע זייט באָרד מיט דער רעכטער האַנט — גאנדלמאַן'ס אַ טאָכטער? אה, איר מיינט אַודאי שפרה דער לאַנגער'ס מאַן, די וואָס האָט געהאַלטן אַ שניט־קראָם אויף'ן מיטן מאַרק?

— יאָ, יאָ! שפרה איז גיטעלע'ס מאַמע! וואו וואוינען זיי, וואו?

— שפּרינגט סעמיועל אונטער פון אומגעדולד, וואַנדערנדיג מיט זיינע אויגן צו די פענסטער פון דער גאַנצער שטעדטל.

— טאַטע־מאַמע, עליהם השלום, זיינען שוין פון לאַנג צושטאָרבן!
— ענטפערט דער איד מיט אַ זיפץ.

— אָבער זי, גיטעלע, זייער טאָכטער גיטעלע? — שרייט סעמיועל ווי נישט מיט זיין קול.

— גי־גיטעלע? דאָס איז, דאַכט זיך, די טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַן אלמן! — ענטפערט דער איד.

— מיט אַן אלמן? — ווערט סעמיועל׳ן עפּיס מאָדנע אומעטיג אויף׳ן האַרצן.

— יאָ, מיט אַן אלמן! — ענטפערט דער איד — אַן אַרבייטער פון דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק איז ער! זיי וואוינען, דאַכט זיך, ביי דער נייער בריק! טאָ גייט׳זשע טאַקע גלייך אַראָפּ מיט׳ן בערגל, ווייל עס איז די ערשטע שטוב הינטער׳ן באַרג!...

דער איד בלייבט שטיין, פלעכטנדיג אַן אַמעריקאַנער דאָלאַר צווישן זיינע פינגער — און סעמיועל׳ס פינגער קלאַפּן ציטערנדיג אין אַ טיר פון אַן אַלטער איינגעבויגענער הייזקע.

— ווער קלאַפּט דאָרט? — דערהערט סעמיועל אַ הייזעריגע פרויען־שטימע.

זיינע ציטערנדיגע פינגער גראַבלען וויטער ביי דער טיר.

— נו, ווער איז דאָרט? קומט שוין אַריין! — דערהערט ער ווידער דיזעלבע שטימע מיט אַ בייזער.

ווען ער האָט געעפנט די טיר, איז ער געבליבן שטיין אויף אַן אויסגעריבענער שוועל פון אַ שמאָלן ווייס־געקאַלעכטן צימער, באַלויכטן פון אַ קעראָסין־לעמפּל, וועלכעס איז געשטאַנען אויף אַ ריין־געסקראָבעטן טיש, וואָס האָט געהאַט דאָסזעלבע אויסזעהן ווי די פּאָדלאָגע.

מען האָט באַלד געקענט דערקענען, אַז מענשליכע הענט וואַשן און סקראָבן דאָ, כדי די אָרימקייט מיט ריינקייט און ציכטיגקייט צו פאַרדעקן...ביים שיין פון דער לאָמפּ איז געזעסן איבער אַ ביכל אַ אינגל פון אַ יאָר צוועלף. ביי דער צווייטער זייט טיש איז געזעסן אַ מיידעלע פון אַ יאָר ניין איבער אַ שיסעלע עסן — און ערגיץ פון אַ זייטיגן ווינקל, וועלכעס האָט מסתמא געדינט פאַר אַ צווייטן צימער, האָט מען געהערט צוויי קינדער כליפּען און זיך קריגן איינס מיט׳ן אַנדערן, צו וועמען קיינער האָט נישט געשענקט קיין אויפמערק־זאַמקייט.

ביים אויוון, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעזעצט אַ רויטער פלאַם פון קנאַקענדע שפּענער, איז געשטאַנען אַ קיילעכדיג־פעט צוגאַסענע פרוי. די ברייטע און לאַנגע אַלטע קליידער נישט אין אָרדנונג אָנגעטאָן,

דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַ צוקנייטשטער פּאַטשיילקע, וועלכע האָט שטאַרק געשטימט מיט די קנייטשן פון איר שטערן — און פון אונטער דער פּאַטשיילקע זיינען אַרויסגעהאָנגען פּאַסקעלעך האָר, אויף וועלכע מען האָט נישט געקענט דערקענען, צי זיי זיינען בלאָנד אָדער זיי זיינען גרוי...

אונטער דער פרוי׳ס אויגן זיינען געווען טיפע גריבער, אַן אויס־דרוק פון אַ מידן לעבן. די אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן רויט, מסתמא פון שטיין ביים פייער, און אפשר גאָר פון אָפטן וויינען. די ליפּן אַזוי ווי צושפּאָלטן פון פילע קליינע קנייטשעלעך. אירע הענט האָבן ביים פייער געגלאַנצט פון רויטקייט און זיינען געווען גראָב, צורונצלט. מען האָט באַלד געקענט דערקענען, אַז אָט די הענט זיינען שטאַרקע מחותנים מיט׳ן וואַשן און סקראָבן טיש און פּאָדלאָגעס...

— נו, וואָס ווילט איר דאָרט? — האָט די פרוי אַרויסגעבורטשעט, מישנדיג אין די טעפּלעך.

— איר ווייסט אפשר, וואו איך קען געפינען גע־געניא גאָנדלסמאַן?

— האָט סעמיועל געשטאָמלט אַ צוטומלטער, רייבנדיג זיינע אויגן אין דעם לעצטן בורטשע פון אָט דער פעטער אָפּגעלאָזענער פרוי און אין דעם קלאַנג פון איר שטימע אין געווען עפּיס באַקאַנטס. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיין גיטעלע שפּילט זיך מיט אים אין באַהעל־טעניש, אַז זי באַהאַלט זיך דאָרט הינטער דער פּלייצע פון אָט דער אידענע...

די פרוי האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעדרייט צו סעמיועל׳ן מיט׳ן פּנים, נאָר אויפהערנדיג מישן אין די טעפּלעך, האָט זי אַרויסגעמורמלט:

— וואָס דאַרפט איר געניע גאָנדלסמאַן?

— דאָס וועל איך שוין איר אַליין זאָגן! — האָט סעמיועל פאַר־לוירן זיין העפליכן טאָן פאַר כעס, וואָס אָט די פרעמדע אידענע וויל זיך מישן צווישן אים און זיין גיטעלע...

— טאָ זאָגט! — האָט זיך די פרוי געגעבן אַ האַלבן דריי אויס, ווייל דער שטאַמלענדיגער קול האָט ווי אַ חלום־שרעק נישט געלאָזט זיך איר אויסדרייען אין גאַנצן צו דער טיר.

— וואָ־וואָס זאָגן? — האָט סעמיועל ווייטער געשטאַמלט.

— זאָגט וואָס איר דאַרפט! — האָט זיך די פרוי געבייזערט, מן־הסתם דערפאַר, וואָס זי איז אַזוי פאַרענדערט, אַז מען דערקענט זי נישט.

— נו, זאָגט שוין וואָס איר דאַרפט! איך בין געניא גאָנדלסמאַן!

— און נישט דערהערנדיג אַזוי שנעל קיין ענטפער, האָט זי זיך שוין אויסגעדרייט מיט׳ן גאַנצן פּנים צו דער טיר...

סעמיועל, פאַרלירנדיג אויף׳ן מאָמענט דאָס לשון, האָט שנעל

אַרונטער־געכאַפּט זיינע גלעזער, מיינענדיק, אַז אפשר זיינען דאָ די גלעזער שולדיק, וואָס עס האָט אים פּלוצים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן.

דער פרוי׳ס אַקסלען האָבן דאַן אַ שטאַרקן צוק געטאָן און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אויוון, נישט אומצופאַלן...

— איך... איך בין שמואל, שמואליק! — האָט ער געשטאַמלט.

ס׳איז געווען קענטיק, אַז גיטעלע האָט אים גלייך דערקענט און זי האָט זיך באַנוגנט בלויז מיט׳ן שטאַרקן צוק פון אירע אַקסלען.

— גיי... גיי... דאָס איז... דו ביזט גיטעלע, געניא?! — האָט סעמיועל געשטאַמלט.

— יאָ, דאָס איז געניא! — האָט זי געענטפערט און אַזוי ווי זי וואָלט גאָר נישט איבעררּאַשט געווען, האָט זי זיך ביי די דאָזיגע ווערטער אויסגעדרייט צו די קינדער און אַ זאָג געטאָן: — דאָס איז אַ גאַסט פון אַמעריקע, גאַספּאַדין שערמאַן!...

— פון אַמעריקע! — האָבן זיך די קינדער אַ כאַפּ געטאָן.

— יאָ, פון אַמעריקע! — האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט צו די קינדער, דערנאָך האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט צו סעמיועל׳ן און פאַר־געשטעלט:

— דאָס זיינען מיינע קינדער, גאַספּאַדין שערמאַן! נאָך צוויי זיינען דאָרטן — האָט זי געוויזן מיט דער האַנט אויף׳ן צווייטן צימער — נו, וואָס שטייט איר? קומט נענטער, גאַספּאַדין שערמאַן!...

אָט דער כסדר׳דיגער „גאַספּאַדין" האָט ווי מיט האַמערס אין סעמיועל׳ס קאָפּ געקלאַפּט און ווי ער וואָלט טויזנטער אידענעס געזען, האָט עס אים געשווינדלט פאַר די אויגן. איין סעקונדע האָט ער געפילט, אַז דער נידריגער באַלקן מיט די שמאָלע ווענטלעך קוועטשן אים אַריין אין זיך, און אַ צווייטע סעקונדע האָט ער געפילט, אַז אַ צווייטער מבול איז אויף דער וועלט געקומען, אַז עס איז נישטאָ מער קיין מענשן, קיין געפילן, קיין עראיבערונגען, קיין פאַרגאַנגענהייט און קיין געגנוואַרט, אַז אַלעס איז פאַרגאַנגען, צושוואומען ווי אין וואַסער...

דערפילנדיק, אַז זיינע קני בויגן זיך אונטער, פאַלט ער שנעל אויף אַ נאָענטן בענקל, און זוכנדיק צוריק דעם וועג צום לעבן, האָט ער אָנגעפאַנגען צינדן אַ סיגאַר.

— יאָ! — טראַכט ער, רייבנדיק איין שוועבעלע נאָך׳ן אַנדערן מיט אַ טרייסלענדיגער האַנט און אַלץ נישט קענענדיק עס אָנצינדן... ער ווייסט, אַז כמעט אַלע מאָל ווערט מען שרעקליך אַנטוישט ביי אַ באַגעגעניש מיט אַן ערשטער ליבע. אַמאָל טרעפט מען זי טויזנד בערג

העכער פון זיך און אַמאָל פאַרקערט... אָבער אַזוי שרעקליך האָט ער זיך דאָס באַגעגעניש מיט זיין ערשטער ליבע נישט געקענט פאָרשטעלן! מיילע, דאָס פיזישע אויסזעהן איז מן־הסתם פון שווערע איבערלעבונגען, אָבער די נשמה, דאָס האַרץ וואו איז אַהינגעקומען? אַזוי אַלדינג צו פאַר־געסן, אַזאַ פרעמדע צו ווערן, ווי קען זיך גאָר אַזאַ זאַך טרעפן?

ער האָט דאַן דורך דער אַנגעצונדענער שוועבעלע אַ קוק געטאָן צו דער אידענע, וואָס איז געשטאַנען אַקעגן אים. זי האָט מיט איר פאַרטוך געווישט דעם שוויס פון איר פנים. אָבער דער ברעג פאַרטוך האָט אַזוי פאַרשטעלט דאָס פנים, אַז מען האָט נישט געקענט זעהן אויף ריכטיג, צי האָט זי געווישט נאָר דעם שוויס אָדער דער שוויס איז געווען אויסגעמישט מיט אַ טרער...

— מיין מאַן וועט באַלד קומען פון דער אַרבייט! — טוט זי אַ זאָג, נאָך אַלץ ווישנדיג דאָס פנים מיט׳ן פאַרטוך.

איר מאַן איז טאַקע אויף דעם אַנגעקומען. ער איז געווען אַ גאַנץ באַרעדעוודיגער מענש און ער האָט ביים עסן געהאַלטן אין איין פרעגען און דערציילן פון פאַרשידענע וועלטליכע פּראָבלעמן — אין דער צייט, וואָס גיטעלע איז כסדר געווען באַשעפטיגט מיט׳ן אויוון, טעפּ און טעלער.

אויף׳ן מאַנ׳ס פראַגע, ווען ער דענקט אַוועק צו פאָרן צוריק, האָט סעמיועל געענטפערט, קוקנדיג אויף די רויטע גראָבע הענט, וועלכע האָבן גראַד דענסטמאָל געווישט אַ טעלער, אַז ער פאָרט מאָרגן גאַנץ פרי. דאַביי האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער טעלער אין די רויטע גראָבע הענט האָט זיך עפּיס מאָדנע אַ טרייסל געטאָן...

דער מאַן איז געווען מיד און באַלד נאָך׳ן עסן האָט ער זיך גענומען איילן צום שלאָפן, פרעגנדיג דעם גאַסט, וואָס ער דענקט צו טאָן וועגן זיין שלאָפן, ווייל די נאָנטסטע „גאַסטיניצע,“ וואָס ער קען דאָרט האָבן אַ נאַכטלעגער, געפינט זיך ווייט הינטער׳ן שטעטל און מען דאַרף אַהינפאָרן מיט אַ „בעל־עגלה“ — און אין דרויסן גייט אַ שטאַרקער רעגן.

סעמיועל האָט דאַן אַ בליק געטאָן צום פענסטער און גיטעלע׳ס מאַן האָט גאַסטפריינדליך צוגעגעבן, אַז פיללייכט וועט דער גאַסט נעכטיגן ביי זיי, וועט מען אים אויסבעטן אויף שטולן...

„אויף שטולן“ האָט סעמיועל׳ן אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן.

— גיטעלע, געניא, געדענקסט, ווען איך האָב אמאָל ביי דיר אין הויז געשלאָפן?... האָסטו מיר דאַמאָלס אויך אויסגעבעט אויף שטולן! — פּרובירט ער איר צו דערמאָנען, קוקנדיג אין דער ווייטקייט אַריין און אַנשטרענגנדיג זיין אויער צו דער נאָנט־ווייטער פּרוי,

וואָרט ער. אפשר וועט ער פאַרט דערהערן און דערקענען עפּיס אַ באַקאַנט נאָנט וואָרט...

— אָבער בעריל, מיר האָבן נישט גענוג בעטגעוואַנט! — דער־הערט ער פּלוצים דער פרוי׳ס אַ שעפּטשע.

— מיר וועלן שוין אויסקומען! — שעפּטשעט צוריק דער מאַן — וועלן מיר ביידע שלאָפן אויף איין קישן!...

— נו, גיי שלאָפן, גיי! — האַקט גיטעלע איבער.

„ביידע אויף איין קישן" — טראַכט סעמיועל, גראַבלענדיק מיט זיינע בעגל די שויבן פונ׳ם פענסטער און אַרויסקוקנדיק אין דער פינסטערער געסל.

ער דערהערט הינטער זיינע פּלייצעס, ווי שטולן רוקן זיך צוזאַמען און קישנס קלאַפּן זיך אויף, פונקט ווי אַמאָל, פונקט ווי אַמאָל — טראַכט ער — און געפינט אין דעם אַן אָנגענעמען ווידער־קול פון זיין יוגנט.

אָבער אַמאָל האָט ער איר געהאָלפן צוזאַמען־רוקן די שטולן, וויל ער זיך יעצט אויסדרייען, איר ווידער צו העלפן. דערהערט ער פּלוצים בעריל׳ס שטימע:

— זאָל איך דיר העלפן, גיטעלע?

— שלאָף דאָרט, שלאָף! איך בין שוין פערטיג! — קומט אַ הייזעריגער ענטפער און באַלד נאָכדעם קומט:

— איר קענט זיך שוין לייגן, גאַספּאַדין שערמאַן! אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט! — מורמלט ער, נאָכקוקנדיק צום צווייטן צימער, נאָך דער אַוועקגייענדער קיילעכיג ברייטער פיגור, אין וועלכער עס געפינט זיך זיין גיטעלע.

און סעמיועל שערמאַן, ווען עמעס זייטן עס האָבן זיך יאָרן־לאַנג אַרומגעוואָרפן אויף אַ ווייכער בעט אויף דער ריווערסייד דרייוו, חלומ׳נדיג נאָך ווידער אַמאָל אין זיין לעבן צו זיין אונטער איין דאַך מיט זיין גיטעלע׳ן, ליגט איצט אויף די צוזאַמענגערוקטע שטולן, רויכערט איין סיגאַר נאָך׳ן אַנדערן און קוקט אין דער טונקלקייט צום צווייטן צימער... איין שפּאַן פון אים געפינט זיך זיין גיטעלע, אַזוי נאָנט און דאָך אַזוי ווייט!...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ „גאַספּאַדין שערמאַן"? — טראַכט ער — און וואָס באַטייט איר גאַנצער האַלטן־זיך? וואו איז איר אַמאָליגע אינטעליגענץ פון איר סטודענטן־צייט? איז טאַקע אַלעס אַריין אין קאַכן און ראַמען? און ווי קען עס זיין, זי זאָל אים אַזוי פאַרגעסן? ווי קען זי זיך האַלטן אַזוי פרעמד צו אים? איז זי דאָס אַזוי פאַרליבט אין איר מאַן אָדער איז זי גאָר אפשר אַזוי בייז אויף אים, אויף איר שמואליק׳ן? אפשר האָט זי יאָרן־לאַנג געוואַרט און געוויינט נאָך אים

און פון דעם אַנטוישטן לעבן געוואָרן אַזוי גלייכגילטיג צו אַלעמען ?...

עס דאַכט זיך אים, אַז ער הערט פונ׳ם צווייטן צימער אַ זיפץ, אַ פרויען־זיפץ.

— אה, זי שלאָפט אויך נישט! — טראַכט ער מיט אַ קלאַפּענדן האַרצן — יאָ, יאָ, זי ווייסט און געדענקט אים זעהר גוט! — וויל ער זיך מיט געוואַלד אַריינגראבלען מיט די נעגל אין דער פאַר־גאַנגענהייט, אום נישט אין גאַנצן אַוועקצולאָזן דעם אַמאָל, די שענסטע צייט פון אַלע צייטן, די יוגנט.

עס דערהערט זיך ווידער אַ זיפץ, וועלכער ווערט אָבער באַלד צוזאַמענגעמישט מיט די כראַפּערייען פון די פילע שלאָפּענדע. און עס קען זיך נישט וויסן צו וועמען דער זיפץ באַלאַנגט. מאַטערט זיך סעמיועל כסדר, פאַנאַנדערצו־טיילן דעם זיפץ פונ׳ם כראַפּען, ביז דער מאָרגן קומט...

דער מאַן און די קינדער איילן זיך אין דער פרי צו דער אַרבייט און אין שולע.

סעמיועל האָט חשק, אָנצובאַטן אַ ביסיל מאַטעריעלע הילף צו גיטעלע׳ן, אָבער ער וואַגט עס נישט. בלויז צו די קינדער האָט ער אַריינגעשטופּט קליינע מטבעות אין די הענט ביי זייער געזעגענען זיך מיט אים. דערנאָך געזעגנט זיך אויך דער מאַן מיט אים — און סעמיועל בלייבט אַליין מיט גיטעלע׳ן...

זי קאָכט פאַר אים פרישטיק און ער טראַכט, אַז צוליב דעם מאַן און די קינדער איז זי צו אים געווען אַזוי אָפיציעל. אָבער איצט, איז ער זיכער, אַז ערגיץ אינעווייניג איז נאָך אין אָט דער קיילעכדיג פעטער פרוי באַהאַלטן זיין גיטעלע, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי פיל יאָרן געבענקט...

אָט שטייט זי און קאָכט פאַר אים פרישטיק... זיין גיטעלע קאָכט פאַר אים... זי שטייט ביים אויוון און ער גייט צו צו איר און זיינע ליפּן גיבן אַ שעפּטשע:

— געניע, גיטעלע, מיין גיטעלע!!! — ער פּרובירט אַרויפ־צולייגן זיין האַנט אויף איר פּלייצע, אויף׳ן זעלבן פּלאַץ, וואו אירע צעפּ פלעגן זיך אָנקלאַפּן אָן זיינע עלנבויגנס...

— גאַספּאַדין שערמאַן! — האָט ער פּלוצים דערהערט פון איר הייזעריגן האַלז און אַ קוק פון אירע אויגן האָט אים ווי מיט הייסן אָפּגעבריט...

— וואָס פאַר אַ „שערמאַן" און וואָס פאַר אַ „גאַספּאַדין" בין איך

ביי דיר? שמואל הייס איך, שמואליק, ווי קען דאָס זיין, אַז דו האָסט שוין אַלעס פאַרגעסן?...

— אָט איז דאָס עסן! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און אַוועקגעשטעלט אַלעס אויף׳ן טיש.

— אַ דאַנק! — האָט ער געענטפערט — איך וויל נישט עסן, ס׳איז שוין שפּעט, איך דאַרף שוין לויפן צו דער באַן!...

— נו גוט! אויב איר ווילט, וועל איך אייך באַגלייטן צום וואַקזאַל! — כאַפּט זי אַרויף אויף זיך אַן אויבערמאַנטל.

— אָבער דו האָסט דאָך נאָך גאָר נישט געגעסן, גיטעלע! — זאָגט ער און זוכט דאַביי אירע אויגן.

— קומט, אויב איר איילט זיך, ווייל איך וויל נאָך אָנזאָגן צו אַ שכנה, זי זאָל דאָ אַריינקומען אַכטונג געבן אויף מיינע צוויי קלענערע קינדער. זיי שלאָפן נאָך! — האָט זי געזאָגט, שוין שטייענדיק אין דער טיר.

— גיטעלע, ביזט בייז אויף מיר?... אָט וויל איך דיר אַלס־דינג דערציילן, פאַר־וואָס און פאַר־ווען, וועסטו זעהן, אַז איך בין גאָר נישט שולדיק און אונזער צושיידונג! — וויל ער אָנפאַנגען דער־ציילן, ווען זיי האָבן ביידע געשפּאַנט איבער די בלאָטיגע געסלעך צום וואַקזאַל.

— וואָס האָט איר, זיהן צי טעכטער? — גיט זי פּלוצים אַ פרעג.

— צוויי זיהן! — טוט ער בייז אַ בורטשע — אָבער פאַר־וואָס שלאָגסטו מיר איבער? ווילסט זיך גאָר נישט דערמאָנען וועגן אונז ביידן, וועגן אונזער אַמאָל?...

און שוין שטייענדיק אויף דער פּלאַטפאָרמע פונ׳ם קליינעם וואַקזאַל רעדט ער ווייטער:

— ווי האָסטו געקענט אַזוי אַן אַלעמען פאַרגעסן?...

— ווי אַזוי רופט מען אייערע זיהן און ווי הייסט אייער ווייב? — פרעגט זי, אויסמיידנדיק זיינע בליקן.

ער ענטפערט גאָר נישט — און די באַן קומט אָן. ביידע בלייבן שטיל.

די באַן שטייט נישט לאַנג אויף יענער קליינער סטאַנציע. מען הערט באַלד דעם ערשטן און דעם צווייטן קלונג.

— מעגן מיר זיך כאָטש צוקושן ביים געזעגענען? — פרעגט ער, זוכנדיק אירע ליפּן, וועלכע פּרובירן זיך אויסצובאַהאַלטן, ווי זיי וואָלטן געוואוסט, אַז זיי פאַרמאָגן שוין נישט מעהר זייער אַמאָליגע שיינקייט און זייער אַמאָליגן טעם...

ער טוט איר אַ קוש אין שטערן און שפּרינגט גלייך אַרויף צום

העכסטן טרעפּל פון דער באַן־טיר, טראַכטנדיג, וואָס פּאַר אַ פּוסטן חלום ער האָט עס יאָרן־לאַנג גע׳חלומ׳ט!...

עס האָט געגעבן דעם דריטן קלונג.

— טרעטי דזוואָנאָק! — האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופן און די באַן האָט זיך גערירט.

— אוי, שמואליק׳ל, שמואליק׳ל! — האָט סעמיועל דערהערט אַ הייזעריגן און האַרץ־רייסנדען לאַנגן קוויטש, וועלכער האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט׳ן פּייף פון׳ם לויפענדן לאָקאָמאָטיוו...

דער קוויטש איז געווען פּונקט ווי אַמאָל, נאָר איצט איז נאָך צוגעקומען אַן „אוי!”...

# ביידנ׳ס „אינדיען־סאָמער״



## סקיצע

די איז געשטאַנען אין „דאַיבינג־רום״ און געפּאַקט זיין וואַליז. ס׳איז פאַר איר נישט געווען קיין בייעס, צו פּאַקן זיין וואַליז. דורך די יאָרן פון זייער צוזאַמען־לעבן האָט זי עס שוין פיל מאָל פריער געטאָן. ער פלעגט זעהר אָפט אַרומפאָרן צוליב געשעפט און זי פלעגט יעדעס מאָל פאַר אים פּאַקן זיין וואַליז, כדי צו זען, אַז ער זאָל קיין זאַך נישט פאַרפעלן מיטצונעמן אויף זיין וועג.

אויך איצט האָט זי אויסגעלייגט יעדע זאַך זעהר פאָרזיכטיג, נאָר אירע הענט האָבן ביי יעדער זאַך זיינער, וואָס זי האָט אָנגערירט, געגעבן אַ באַזונדערן ציטער. אירע אויגן זיינען געווען שטאַרק פאַר־גלעזערט, עס האָט אויסגעזען ווי זי קוקט זעהר ווייט און זעט אין ערגיץ נישט. אין איר האַלז האָט עפּיס מאָדנע געשטיקט, עס איז געווען ווי עפּעס אַ געוויין מיט אַ געלעכטער אינאיינעם.

ער איז געשטאַנען ביים פענסטער, געקוקט אין דער פינסטערער נאַכט אַריין, געבאַמבלט מיט זיינע שפּיץ פינגער אָן די גלאַנציגע שויבן און געטראַכט פון זיינע קינדער, פון זיין נאָר וואָס פאַרהייראַטע טאָכטער, וואָס זיצט דאָרט אין קיך אַ ברוגז׳ע, האַלט דעם גאָפּל אַריינגעשטאָכן אין דעם עסן, וואָס די מאַמע האָט פאַר איר אָנגעגרייט און לייגט נישט אַריין קיין ביסן אין מויל.

— וואָס ווילן זיי פון מיר? — טראַכט ער פאַרביטערט — ווייניג האָב איך זיי אַלעמן פאַרזאָרגט, די צוויי זיהן מיינע און זי,

די אײנציקע טאָכטער? װאָס האָב איך דען פאַר זײ נישט געטאָן? אַ גאַנץ לעבן אַלעס נאָכגעגעבן! און איצט װען די בת־יחידקע מײנע האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל נישט מאַכן אַזאַ שריט ביז נאָך איר חתונה, איך זאָל װאַרטן, האָב איך עס איר אױך נאָכגעגעבן, געװאַרט ביז איבער איר חתונה און דעם מאַן אירן, דעם אײדעם מײנעם אַװעק־געגעבן אַ פּאַרטיגע ביזנעס. װאָס נאָך װיל זי פון מיר די צופּיעש־טשעטע טאָכטער? און די זיהן מײנע — האָט ער בײ דעם געדאַנק װעגן די זיהן אָנגעשפּיצט זײן אױער צום פראָנט־רום און זײן קול האָט דורכגעפּלאַצט זױ דורך זײן פּלײצע אַרױס נאָך אַלץ שטײענדיג מיט׳ן פּנים צום פענסטער.

— װאָס װילן זײ, די זיהן מײנע? װײניג האָב איך זײ פאַרזאָרגט? טאַקי פאַרדינט בײ זײ אַזאַ באַהאַנדלונג!... האָבן זיך פאַרשפּאַרט דאָרט אין פראָנט־רום און משפּט׳ן מיך. זײער געשעפט איז עס, װאָס איך װיל טאָן מיט מײנע לעצטע פאַר יאָר!...

— װאָס דאַרף מען זיך ערגערן? קינדער האָבן זיך זײער פאַרשטאַנד! — האָט זי אַרײנגערעדט אין װאַליז און װײטער געפּאַקט.

— װאָס צװישן אונז איז דורך די יאָרן נישט פאָרגעקומען, זײ האָט דאָך קײנמאָל קײן זאַך נישט געפעלט! — האָט ער מיט כעס אַ קלאַפּ געטאָן אין די שױבן און אַ ביסל אױסדרײענדיג צו איר דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט ער פאַרטגעזעצט; — און איצט האָבן זײ דאָך שױן אַלע זײערע אײגענע לעבנס, װאָס גײט זײ אָן, װאָס מיר װילן טאָן? מוז מען דען שטענדיג לעבן נאָר פאַר זײ? פון װיגל ביז גריבל מוז מען לעבן נאָר פאַר קינדער?... אַז מיר בײדע פאַרשטײען זיך אײן, מיר זאָלן זיך שײדן, דאַרפן זײ זיך מישן? בין איך דען פון די טאַטעס, װאָס האָט זײ אַמאָל אין עפּיס געשטערט? האָב איך זײ דען געזאָגט דעות אין זײערע ליבעס, אין זײערע חתונות? פאַר־װאָס האָב איך פאַרשטאַנען זײערע הערצער און זײ װילן נישט פאַרשטײן מײן האַרץ?...

אַזױ האָט סאָלאָמאָן װידער און װידער אָנגעקלאָגט זײנע קינדער פאַר זײער מאַמע און זײן באַלד־באַלד געװעזענע װײב, װעלכע האָט בײ זײנע איצטיגע װערטער טיפער און טיפער אַראָפּגעבױגן דעם קאָפּ צו דער װאַליז, װײל װען ער האָט גערעדט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז פון ערגיץ גנב׳ט זיך אַרױס בײ איר אַ טרער און שפּאַרט זיך אַרײן אין איר אױג. האָט זי טיפער אַראָפּגעבױגן איר קאָפּ, גענומען האַסטיגער פּאַקן, כדי דערמיט אַװעק צו שיקן די טרער אין איר באַהעלטעניש.

בײדע זיהן האָבן זיך פּלוצלינג באַװיזן אין דער טיר און אײנער האָט אױסגערופן:

— מיר האָבן דאָרט געהערט דיינע קלוגע טענות, פּאַפּאַ! און איך זאָג דיר פאַר אונז אַלעמען, איך זאָג עס דיר צום לעצטן מאָל, אַז דו זאָלסט דאָס נישט טאָן! אויב דו שעמסט זיך נישט פאַר אונז, זאָלסטו זיך כאָטש שעמען פאַר אונזערע קינדער, פאַר די אייניקלעך דיינע!...

— אַלעס פאַר איך, נאָר פאַר איך! — האָט סאַלאָמאָן געמורמלט מיט האַלב־פאַרקריצטע ציינער.

— איצט ביי דיינע עטליכע און זעכציג יאָר ווילט זיך דיר פירן ליובקעס! — האָט אויסגעשריגן דער צווייטער זוהן.

— ביי די יאָרן זיך גט'ן, אַוועקגיין מיט אַן אַנדערער, ברענגען אויף אונז אַזאַ שאַנדע! — האָט אַריבערגעשריגן דער ערשטער.

— נישט אַנדערש, נאָר דו ביזט פון זינען אַראָפּ! — האָבן אויסגעשריגן ביידע זיהן מיט אַמאָל.

— קינדער, קינדער! ווי רעדט איר דאָס צום טאַטן? — האָט די מאַמע אַ געשריי געטאָן.

— זע נאָר, ווי זי פּאַקט דאָס נאָך זיינע זאַכן! — האָט איין זוהן אויסגערופן און אַ וואָרף געטאָן דעם וואַליז אַן דער ערד און מיט אַ געשריי: „זאָלסט פאַרגעסן, אַז דו ביזט מיין טאַטע!" איז ער אַרויסגעלאָפן פון הויז.

דער צווייטער זוהן האָט נאָכגערעדט:

— אַן מיר זאָלסטו אויך פאַרגעסן! איך בין נישט מער דיין זוהן! איך וועל דיר קיינמאָל נישט פאַרגעבן די שאַנדע, וואָס דו ברענגסט אויף דיינע קינדער! גוד־באַי, מאָם! — האָט ער ביי דעם וואָרט אַ האַק געגעבן די טיר.

— אַלעס איז נאָר: „וואָס דו טוסט צו אונז". זיי דערמאָנען גאָר אפילו נישט וועגן דער מאַמע, נאָר וואָס מען טוט צו זיי, נאָר זיי!...

— האָט סאַלאָמאָן געמורמלט מיט כעס, וועלנדיג געוווינען ביי דער, וואָס איז נאָך דערוויל געבליבן זיין איינציגע אייגענע, זי זיין ווייב, ווייל זי האָט דאָך נאָך נישט באַקומען די גט־פּאַפּירן אין האַנט. — זיך טאַקע געלוינט פאַר זיי אָפּצוהאָרעווען אַ לעבן! קינדער זיינען פרעמדע, שונאים זיינען זיי. צו וואָס זיינען זיי גאָר אין גאַנצן געבוירן?...

— נישט שילטן, נישט שילטן מיינע קינדער! — האָט אסתר אויסגעשריגן מיט אַ קול פון אַ פאַרוואונדעטער לייבין — צו מיר, צו מיר מעג מען טאָן, וואָס מען וויל, אָבער נישט שילטן מיינע קינדער!...

סאַלאָמאָן האָט זיך ווידער אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צום פענסטער, האָט אָנגעשפּאַרט זיין מיט שווייס באַגאָסענעם שטערן אַן דער

קאַלטער שויב, נאָכגעקוקט די אין דער נאַכט אַוועקגייענדע טריט פון זיינע זיהן. ער האָט זיך דערמאָנט זיין שמחה, ווען זיינע זיהן האָבן צום ערשטן מאָל געשטעלט זייערע טריט צום גיין. ער האָט געטראַכט פון זיין שווערער האַרעוואַניע, זיינע זיהן פאַר מענשן צו מאַכן, גע־אַרבעט שווער און ביטער פריער אַלס אַרבייטער און שפּעטער אַלס ביזנעס־מאַן.

צי ער האָט ליב געהאַט זיין ווייב דאָס גאַנצע לעבן צי ניין, ער איז אָבער געווען איר פריינט, אפילו כמעט געווען איר טריי אַלס מאַן אויך, שטענדיג פאַרזאָרגט, עס זאָל קיינעם קיין זאַך נישט פעלן. געאַרבייט ביי טאָג און ביי נאַכט, די קינדערלאַך זאָלן האָבן אַלדאָס גוטס, געשיקט זיי אין די קאָלעדזשעס, געמאַכט זיי פאַר אינטעליגענטע מענשן און איצט זי, די איינפאַכע פרוי פאַרשטייט אים יאָ און זיי, די אינטעליגענטע קינדער, ווילן נישט פאַרשטיין אַז אים קומט אויך אַ ביסל לעבן! ער האָט זיך דאַך מיט זיי אַוועקגעזעצט און ווי צו חברים זיי אַלעס דערציילט. דערציילט, אַז מיט דער מאַמע איז געווען אַ חתונה אָן ליבע. ביידע זיינען געווען יונגע עלענדע קינדער, האָבן געדאַרפט פריינדשאַפט, האָבן זיי געמיינט, אַז עס איז ליבע. אָבער באַלד נאָך זייער חתונה האָבן ביידע אויסגעפונען, אַז עס איז נישט דאָס וואָס מען רופט ליבע. איבערהויפּט דאָרט אין שלאָפצימער איז געווען קאַלט און אומעטיג. זי, אסתר, האָט אָפט צוגעקרענקט, האָט אים כסדר נישט געטאָרט און נישט געדאַרפט . . . און טאָקי באַלד עטליכע יאָר שפּעטער איז ביי זיי געוואָרן צוויי שלאָפצימער. מען האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען טאָקי נאָר צוליב זיי, צוליב די קינדער. אָבער איצט, ווען אַלע קינדער זיינען שוין פאַרזאָרגט, זיינען שוין מענשן פאַר זיך אַליין און אים האָט געטראָפן אַ גליק, צו געפינען דאָס, נאָך וואָס ער האָט דאָס גאַנצע לעבן געבענקט, אַ ביסעלע ליבע, פאַרגינען זיי אים נישט! זיי, די אייגענע קינדער זיינען זיינע שונאים!...

ביי אָט די געדאַנקען האָט ער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געדריקט דעם שטערן צו דער שויב.

אסתר האָט אויפגעהויבן דעם וואַליז, גענומען צוריק צוזאַמענפּאַקן די צעוואָרפענע קליידער און פון דער זייט געוואָרפן אַ בליק אויף איר באַלד־באַלד געוועזענעם מאַן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע פּלייצעס טרייסלען זיך ווי אין אַ געוויין. עס האָט זי אַרומגענומען אַ רחמנות צו אים. זי האָט גוט געוואוסט, ווי שטאַרק ער האָט אַלעמאָל ליב געהאַט זייערע קינדער, ווי קיין זאַך איז נישט צו שווער געווען פאַר זיי. און זי איז איצט בייז געווען אויף די זיהן, פאַר וואָס זיי האָבן אים באַליידיגט.

— וואָס ווילן זיי פון אים? — האָט זי געטראַכט — זי ווייסט

דאָך, אַז קיין ברענענדיגע ליבע איז ביי זיי ביידן קיינמאָל נישט געווען. זיי זיינען נאָר געווען גוטע פריינט. זי אַלס פרוי האָט כאָטש געפונען אינטערעס אין אירע קליינע קינדערלעך און איצט אין אירע קליינע אייניקלעך. אָבער פאַר אים, פאַר אַ מאַן, איז דאָס נישט קיין אינטערעס, איז טאַקי זיין לעבן פוסט. איז וואָס קען ער זיך נעביך העלפן, אַז ער האָט זיך סוף־כל־סוף פאַרליבט אין אַן אַנדערע? זי ווייסט, וואָס פאַר אַ זיסער פיין ליבע איז. זי האָט דאָס שוין אויך אַמאָל אויף אַ ווײַלע געפּרואווט פילן.

ביז יענעם טאָג און יענעם קוש האָט זי קיינמאָל נישט געוואוסט, אַז מען קען אַזוי פילן. זי פלעגט הערן און לייענען, אַז ליבע נאָגט, ציט, ברענט דאָס האַרץ, טרערט דאָס אויג, לאָזט נישט עסן, לאָזט נישט שלאָפן. אָבער זי מיט סאַלאָמאָן, דאַכט זיך, האָבן קיינמאָל נישט געפילט אַזוינס איינס צום אַנדערן. זי האָט אים דערזען, ער איז איר געפעלן, זי איז אים געפעלן און זיי האָבן חתונה געהאַט. ווייטער גאָר נישט!... זי האָט נישט געוואוסט פון קיין ציען צו אים, בענקען נאָך אים. זי האָט נאָר געליטן און שטאַרק רחמנות געהאַט, טאָמער האָט אים אַמאָל עפּעס ווי געטאָן, אָדער ער האָט געהאַט פון עפּעס צרות, אָבער בענקען נאָך אים, פילן אַ האַרץ־ציעניש, אַ באַגעניש. פון אַזאַ טעם האָט זי נישט געוואוסט, ביז זי האָט זיך אַמאָל ביי איר שוועסטער׳ס חתונה באַגעגענט מיט נייטען, איר שוואָגערס פריינט.

אָ, וואָס פאַר אַ פייער נייטען׳ס בליקן האָבן דאַמאָלס אָנגעצונדן אין איר האַרץ! און, ווי יענער האָט זי דאָס פאַרפאָלגט, געזוכט צו טרעפן. זי האָט זיך נישט געלאָזט, אָבער ער האָט זי נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן — דערמאָנט זי זיך און אַ שטאָלצער שמייכל צושפּרייט זיך אויף איר לײַדענדען פּנים און זי דערמאָנט זיך ווייטער, אַז איינמאָל ווען זי האָט געהאַט אַן איבעררייד מיט סאַלאָמאָן, האָט זי פאַר כעס אויף אים יאָ זיך געטראָפן מיט נייטען און ער האָט איר דאַמאָלס אַ קוש געטאָן.

אַך, וואָס פאַר אַ שטורם יענער קוש האָט געמאַכט אין איר לעבן, נעכט האָט זי נישט געקענט שלאָפן. זי וואָלט אפשר דאַן מיט נייטענ׳ען אַנטלאָפן, ווען איר טעכטערל וואָלט דאַמאָלס פּלוצלינג נישט קראַנק געוואָרן. יאָ, די קראַנקהייט פון איר טעכטערל, האָט זי דאַמאָלס געמאַכט אין אַלעמען פאַרגעסן — און שפּעטער האָט נאָך אַמאָל אַזוינס פּאַסירט אין איר לעבן. עליקס דער סיילסמאַן, טאַקע איר מאַן׳ס פריינט, ער האָט איר געמאַכט אַזוי פיל קאָמפּלימענטן און זי האָט אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך קאָמפּלימענטן, אַז איינמאָל האָט זי שוין געזאָלט אויסגיין מיט אים אין טעאַטער, האָט זיך אָבער דעמאָלט פּלוצים איר זונדעלע

אויסגעלונקן אַ פּיסל, פֿאַרנדיג אויף זיינע סקייטס. און ווען נישט דאָס אויסגעלונקענע פּיסל, ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט דאַן געשען ?...

זי האָט ווידער אַ בליק געטאָן אויף איר מאַן׳ס פּלייצעס און געטראַכט :

ער מוז דאָך מן הסתם פילן אָט יענעם מאָדנע געשמאַקן ליידענדן געפיל, וואָס זי האָט אַמאָל געפילט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט רחמנות און האָט מיט אים מיטגעליטן, מיטגעבענקט און מיטגעליבט זיין ליבע. זי האָט אַ שטאַרקן זיפץ געטאָן און גענומען פֿאַרציִען די רימנס פון זיין וואַליז.

סאלאָמאָן האָט זיך אויסגעדרייט און דאָס דערזען.

— לאָז מיך ! — האָט ער געבעטן — עס איז צו שווער פֿאַר דיר !

ער האָט אַליין גענומען פֿאַרציִען די רימנס.

אין דעם מאָמענט האָט זיך די טאָכטער באַוויזן און אָנקוקנדיג דעם וואַליז, האָט זי אין אַ וויינעדיגן קול אויסגעשריען :

— פּאַפּאַ ! דו טוסט עס טאַקע ? דו גייסט טאַקע אַוועק ?

— איך מוז, עס קען נישט זיין אַנדערש ! פֿאַרשטיי מיך, בעטי, טאָכטער ! — האָט סאלאָמאָן אַ שטרעק געטאָן זיין האַנט צו איר.

— רוף מיך נישט טאָכטער ! — האָט געגוואַלדעוועט בעטי — מען זאָגט טאַקי, אַז מענשן אויף דער עלטער ווערן עובר־בטל. אויב איך וועל ווערן אַזוי משוגע ווי דו, וויל איך בעסער נישט ווערן אַלט.

— בעטי, בעטי ! — האָט זיך אַריינגעמישט די מאַמע — ווי אַזוי רעדסטו צום פּאַפּאַ ?

— אַז ביי אים איז יענע, דאָרט טייערער ווי זיינע קינדער, ווי זיינע אייניקלעך, ווי די גאַנצע וועלט, איז ער נישט קיין טאַטע ! גיי צו יענער גיי ! — האָט זי אים געשריגן אין פּנים אַריין — איך האָב נישט מער קיין טאַטע ! איך וויל נישט וויסן פון אַזאַ טאַטן ! זאָלסט קיינמאָל נישט וואגן צו קומען צו אונז ! אָ, מאַמאַ, מאַמאַ ! — איז זי מיט אַ געוויין אַרויסגעלאָפן פון הויז...

פון אונטער דער טיר האָט זיך געהערט דעם איידעם׳ס נאָכלויפן און רופן :

— בעטי, בעטעלע !

ס׳איז געוואָרן שטיל אונטער דער טיר. ביידע, סאלאָמאָן און אסתר, זיינען אויף אַ ווײַלע געבליבן ווי פּאַראַליזירט.

אָפּכאַפּנדיג זיין פֿאַרשטיקטן אָטעם, האָט סאלאָמאָן אַ כאַפּ געטאָן דעם וואַליז.

— איך וויל פון זיי אויך נישט וויסן! איך האָב נישט קיין קינדער! — האָט ער אויסגעשריגן און געלאָזט זיך צו דער טיר.

— וואַרט, וואַרט! — האָט אסתר אים אָפּגעשטעלט.

ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און האָט זי צעטומלט אָנגעקוקט.

— וואָס וויל זי איצט טאָן? — האָט ער אַן איבערגעשראָקענער אַ טראַכט געטאָן.

— איך האָב פאַרגעסן איינפּאַקן דיין וואַרעמן סוועטער און דו קריגסט דאָך אַזוי שנעל אַ קאַלד אין דיין טשעסט! — האָט זי געזאָגט.

זי האָט אים דערלאַנגט דעם סוועטער. ביידנס פינגער אונטער דעם סוועטער האָבן זיך נישט־ווילנדיג אָנגערירט. אַ מאָדנער ציטער איז דורכגעלאָפן איבער זייערע לייבער. עס האָט זיך ביידן געדאַכט, אַז זיי האָבן נאָך קיינמאָל אַזאַ ציטער נישט דורכגעפילט... ס'איז געווען אַ ציטער, וואָס האָט זיך געצויגן פון פערציג יאָר זיין אונטער איין דאַך...

ענדליך האָט אסתר אַרויסגעשעפּטשעט:

— נו, גיי געזונד!...

— — — — — — — — — —

אַ צאָל יאָרן זיינען פאַראיבער זינט סאלאָמאָן איז אַוועק אין דער שטילקייט פון יענער נאַכט, געלאָפן אַלץ ווייטער און ווייטער פון זיינע קינדער, וואָס האָבן אים געוואָלט איינפּאַנצערן אין אַ ראָם פון אַלט־קייט. ער האָט דאָן געשפּאַנט אַלץ גיכער און גיכער אַהין צו יענער, צו דער נייער, וואָס האָט מיט איר נייקייט נישט צוגעלאָזט צו אים קיין אַלטקייט. זי, וועמעס נייקייט האָט גערופן צום לעבן. זי, וועמעס נייקייט עס האָבן נאָך געמאַכט זיינע ליפּן הייס און יונג.

ווען סאלאָמאָן האָט די טיר הינטער זיך פאַרמאַכט, איז די שטילקייט אַרום אסתר'ן געוואָרן אַזוי שטיל, אַז עס האָט אַזש אין אירע אויערן געשריגן: „ס'איז שטיל, ס'איז פּוסט, ס'איז שטיל!"

ניט איינמאָל האָט שוין פריער געטראָפן, אַז אסתר איז געבליבן אַליין אין שטוב, אָבער קיינמאָל האָט זי נישט געפילט אַזאַ עלענד, אַזאַ פּוסטקייט. זי האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, ווי פרי אָדער שפּעט די קינדער וועלן אַהיימקומען. זי האָט אָבער אַלעמאָל געוואוסט, ווען סאלאָמאָן וועט קומען.

ווען די זיהן מיט דער טאָכטער זיינען דאַמאָלס שפּעט ביי נאַכט אַהיים־געקומען, האָבן זיי געפונען, אַז אין זייער מאַמע'ס היים האָט די

שטילקייט געשריגן. דאָס האָט דאָרט אין טאַטן׳ס צימער אויף׳ן טאַטן׳ס בעט די מאַמע געכליפּעט.

פון דענסטמאָל אָן האָבן די קינדער אַוועקגענומען די מאַמע פון איר היים, גענומען זי צו זיך און כדי צו מאַכן זי פון אַלעמען פאַר־געסן, האָט מען פאַר איר פילעס געטאָן. אום אַרויסצורופן ביי איר צופרידנהייט, האָבן זיי איר אַלע ווילע געוויזן זייערע נייע קליידער, זייערע נייע פאַרקאָוטס, זייערע נייע אויטאָמאָבילן — און אַט האָט מען איר געשטופּט אַלע ווילע אַ ניי אייניקל אין פּנים אַריין, זי זאָל זיך האָבן מיט וואָס צו שפּילן. אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. דער מאַמע׳ס פּנים איז יעדן טאָג פאַרצויגן געוואָרן מיט מער פוסטקייט און מער אומעט.

די קינדער האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס עס פעלט זייער מאַמע. דאַכט זיך, זיי ווילן טאָן אַלעס מעגלעכע, זי זאָל האָבן נחת פון זיי. און וואָס מער דאַרף אַ מאַמע ווי נחת פון אירע קינדער? און דאָס גיבן זיי איר. און דאָך ווערט זי יעדן טאָג אַלץ מער און מער אויסגעלאָשן.

צו פיל אָבער טראַכטן וועגן דער אַלטער מאַמע, האָבן די קינדער נישט געהאַט קיין צייט. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט׳ן אייגענעם לעבן און מען האָט איילענדיג צוגערעכנט דער מאַמע׳ס אויסזען צו אירע יאָרן.

זי ווערט עלטער! — האָט יעדער געטראַכט — דאַרף עס אַזוי זיין!...

אָבער פּלוצלינג האָבן די קינדער פאַר זיך דערזען אַן אַנדער סאָרט מאַמע. עפּעס איז איר פּנים מיט אַמאָל באַגאָסן געוואָרן מיט אַ פרייד. אין אירע אויסגעלאָשענע אויגן האָט אַ פריילעך פייערל אָנגעע־הויבן פינקלען. די טאָכטער האָט איינמאָל נאָכשפּיאָנירט דער מאַמע׳ן און אויסגעפונען, אַז די מאַמע איז פאַרליבט...

די מאַמע זייערע, האָבן זיך די קינדער דערוואוסט, פירט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אַ ראָמאַן. זי גנבֿ׳ט אַרויס פון די קינדערשע היימען טעפּעלעך גוטע עסנס און טראָגט דאָס אַוועק צו אַן עלנדן קראַנקן מאַן. זי האָט פון דער טאָכטער׳ס קיך אַרויסגע׳גנבֿ׳ט אַן עלעקטריש אויוועלע און אַוועקגעטראָגן צו יענעם עלנדן מאַן, ווייל אין זיין צימער איז קאַלט. אַן אַנדער מאָל האָט זי אַרויס־גע׳גנבֿ׳ט דעם זוהן׳ס אַ גוטן וואַרימען מאַנטל און אים אַוועקגעטראָגן צו יענעם עלנדן מענשן.

די קינדער האָבן זיך שוין פון לאַנג דערוואוסט, אַז נאָכדעם ווי זייער טאַטע האָט אַוועקגעגעבן צום אײדעם זיין לעצטע גוט איינגע־

פונדעוועטע ביזנעס, האָט ער זיך שוין צו קיין נייער ביזנעס נישט געקענט צושלאָגן — און אים איז דאַן אַוועק פון שלעכט צו ערגער — און צוזאַמען מיט זיין צערונענער פרנסה, איז אויך זיין נייע ליבע צע־רונען, ביז זיי האָבן זיך דאָרט אין גאַנצן צושיידט...

די קינדער האָבן דערפאַר פאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער עלנדער מאַן, פאַר וועמען די מאַמע גנב׳ט ביי זיי, איז נישט קיין אַנדערער ווי זייער טאַטע. זיי האָבן זיך אָבער געמאַכט נישט־וויסנדיג און געלאָזט די מאַמע איבערלעבן דעם טריל פון איר באַהאַלטענעם ראָמאַן...

# ער און זיין שטעטל



## דערציילונג

דער בריוו־טרעגער האָט אָנגעקלונגען אין מיין טיר און האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פון דער דרויסנדיגער וועלט. אַן אָנגענעמער גאַסט איז ביי מיר שטענדיג דער בריוו־טרעגער. עפּעס איז ער אַ מין אָנזאָג, אַז מען איז נישט אַליין אויף דער וועלט, אַז ערגיץ־וואו האָט מיך אימיצער אין זינען. צי מען שיקט עפּעס, צי מען מאָנט עפּעס, דער עיקר איז, אימיצער געדענקט אָן מיר.

דאָס מאָל איז עס געווען צוויי בילעטן, וועלכע האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ „קאַרד־פּאַרטי" ביי די זשאָלקעווער לאַנדסלייט.

„קאַרד־פּאַרטיס" האָבן פאַר מיר נישט קיין געוואַלדיגן רייץ, גאַנץ איינפאַך דערפאַר, ווייל איך בין אַ קליינע קענערקע אין קאָרטן. דאָס מאָל אָבער איז נישט געווען אַזוי וויכטיג דאָס קאָרטן־שפּיל, ווי דער צוועק און די פּאַנאָראַמע, וואָס האָבן דאָס שפּיל באַפּוצט, ווייל אין אַ ביילאַגע צו די בילעטן האָט זיך געפונען אַ בריוועלע, וועלכעס האָט דערציילט, אַז חוץ דעם וויכטיגן צוועק, פאַר וועלכען די „קאַרד־פּאַרטי" ווערט געמאַכט און חוץ די פאַרשידענע „ראַפּעלס" און עסענס מיט געטראַנקען, צו אַמוזירן דעם עולם, וועט נאָך אַלס צוגאַב צו דעם אַלעמען די „קאַרד־פּאַרטי" זיין אין דעמזעלבן האָטעל, וואו דער אַמאָליגער אַמעריקאַנער פּרעזידענט טעדי רוזוועלט האָט געגעסן אַ דינער.

דער נאָמען „רוזוועלט" איז שטענדיג אַן אנגענעמער קלאַנג פאַר מיין אויער און אַ צויבערליכער אָנבליק פאַר מיין אויג. זוכט מיין בליק אין דעם איינלאַדונגס־בריוול נאָך געשיכטן וועגן דעם וואָרט

„רוזוועלט״. דערציילן מיר די וויטערדיגע שורות אַן אינטערעסאַנטע פּאַסירונג, וועלכע ציט זיך צו׳ן אַ דור צוריק און באַרופט זיך צו צווי פיגורן: איינער אַ געוויסער אידישער רעסטאראַטאָר מיט׳ן נאָמן מאַקס שוואַרץ און דער צווייטער איז נישט מער און נישט ווייניגער ווי דער געוועזענער פּרעזידענט טעדי רוזוועלט.

די געשיכטע דערציילט זיך אַזוי: אויף דער איסט־סאַיד און האוסטאַן סטריט האָט זיך געפונען און עס געפינט זיך איצט אויך אַ „האָל״ און אַ רעסטאָראַנט מיט׳ן נאָמן „ליטל האַנגארי״ — און ווען טעדי רוזוועלט איז געווען אַ „פּאָליס־קאָמישאָנער״ אין ניו־יאָרק, פלעגט ער אָפט אַהין אַריינקומען, צו כאַפּן דאָרט אַ כוסה אָדער אַן איבער־בייס. איז ער איינמאָל אַזוי שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן פון אַן אונגאַריש־אידישען מאָכל, אַז ער האָט אַזש אויסגערופן: „אַז איך וועל אַמאָל ווערן פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, וועל איך אויך קומען אַהער עסן אַ דינער!״...

און איינמאָל אין אַ געוויסען טאָג, ווען טעדי רוזוועלט איז געזעסן אין „ווייסן הויז״ פאַרטאָן ביי זיין דעסק, האָט פון אַ טריין אין וואַשינגטאָן אַרויסגעשפּאַנט דער נויאָרקער איד מאַקס שוואַרץ און ער האָט זיך געלאָזט גיין גלייך צום „ווייסן הויז״ — און ווען מען האָט צווישן אַנדערע וויכטיגע מעסעדזשעס איבערגעגעבען צו טעדי רוזוועלט, אַז אַ אידישער רעסטאָראַטער פון דער נויאָרקער איסט־סאַיד איז געקומען דעם פּרעזידענט דערמאָנען וועגען עפּעס אַ פאַר־שפּרעכען זיינעם, האָט זיך טעדי רוזוועלט באַלד אַן דעם דערמאָנט און ער האָט זיין וואָרט געהאַלטען. ער איז אַלס פּרעזידענט אַרונטערגעקומען אין דעם נויאָרקער איסט־סאַיד־רעסטאָראַנט עסן אַ דינער.

— נאָר אין אַזאַ האָל, וואו טעדי רוזוועלט האָט געגעסן אַ דינער, פּאַסט זיך פאַר מיינע זשאַלקעווער לאַנדסלייט, צו האָבן אַ „קאַרד־פּאַרטי״ — זאָגט דאָרט דאָס איינלאַדונגס־בריוול — ווייל יעדע זאַך דאַרף און מוז זיין פון גרויס וויכטיגקייט, ווען עס ווערט געטאָן פאַר מיין שטעטל!...

אָט דאָס טאַקע איז געווען דער הויפּט־רייץ פאַר מיין גיין צו דער „קאַרד־פּאַרטי״ און דערצו האָבן מיך נאָך גערייצט די ווערטער „מיין שטעטל״...

„ער און זיין שטעטל״ האָב איך מיך דערמאָנט, ווי אונזערע באַקאַנטע האָבן אין דער שטיל מיט אַ האַרציגן שמייכל באַטיטעלט דעם, וואָס האָט מיר אָט די איינלאַדונג צוגעשיקט. עס האָט זיך מיר געוואָלט זעהן די אַנדערע לאַנדסלייט פון דער מזל׳דיגער שטעטל,

וועלכע האָט אין אַמעריקע אַזאַ איבערגעבענעם האַרציגן פריינד, ווי זייער לאַנדסמאַן צ ו ו י ב א ק.

אַזוי הייסט אונזער העלד. אַ שטילן, גוטמוטיגן מיט אַן אייביג פריינדליכן שמייכל באַגעגנט מען אים אַלע מאָל. זיין אויער און האַרץ זיינען שטענדיג גרייט איינצוזאַפּן אין זיך יעדן וויי־געשריי פון דער זייט און פון יענער זייט ים. זיין אויג איז אויך גאַנץ אָפּט גרייט, צו לאָזן אַ טרער אויף דער מענשליכער נויט. אָבער נישט נאָר זיין טרער דערזעט דער נויטבאַדערפטיגער, נאָר אויך זיין הילף, זיין טאַלער.

קיין מיליאָנער איז נישט סעם, אָבער קיין אָרימאַן אויך נישט. צו דעם ביסעלע סוקסעס, וואָס ער האָט זיך דערשלאָגן, האָט ער געשפּאַנט דורך לעבנס־באַרג און טאָל מיט זיינע אייגענע מידע טריט. אָן קיינעמס הילף. מיט זיינע אייגענע עלענבויגנס האָט ער דורכגעשפּאַרט אַ וועג פאַר זיך.

געקומען איז אונזער גאָלדן לאַנד איז סעם, אָדער ווי ער האָט ביי זיין טאַט'ן געהייסן, ישראליק, ווען ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין פולע צען יאָר. — אָפּזייענדיג דעם ערשטן טאָג אין אַמעריקע, האָט ער שוין געוואָלט העלפן זיין טאַטע'ן מאַכן אַ לעבן און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער נויאָרק ברענגען אַ פאַרדינסטל. דער טאַטע און די איבעריגע פון דער משפּחה האָבן דאָן אַ גאַנצן טאָג אַרומגעזוכט דעם גרינעם ישראליק, זייענדיג זיכער, אַז ער איז ערגעץ פאַרבלאָנדזעט, נאָכדעם ווי ער איז אַרויס פון זייער הויז אויף דער איסט זיבעטער גאַס און ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן — און אָט וואָס מיט אונזער היינטיגן סעם און אַמאָליגן ישראליק איז דענסטמאָל געשען:

ער איז זיך נאָך זיין ערשטן אַמעריקאַנער מאָלצייט געשטאַנען ביי דער טיר פון זיין היים און מיט זיינע קינדערשע אויגלעך באַוואונדערט גאָט'ס שיינע אַמעריקע, ווען זיין בליק איז פּלוצים געפאַלן אויף אַ מאַן, וואָס איז פאַרביי־געגאַנגען שלעפּענדיג צוויי שווערע וואַליסעס. דאָס קליינע אינגל האָט רחמנות געקראָגן אויף'ן מאַן, וואָס האָט זיך נעביך געשלעפּט מיט צוויי וואַליסעס און ער האָט זיך אָנגעבאָטן אים אַרויסצוהעלפן.

דער מאַן, אַ פּעדלער, וואָס האָט אַרומגעטראָגן אין הייזער דרעסעס צו פאַרקויפן, האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און ער האָט דעם קליינעם ישראליק באַלד איבערגעגעבן איין וואַליז. נאָכדעם ווי ישראליק האָט אונטער־געטראָגן דעם שווערן וואַליז פאַר עטליכע בלאָק, האָט אים דער מאַן געפרעגט, צי ער וויל ווערן זיין אַרבייטער און אים העלפן אַרומטראָגן דעם וואַליז אַ גאַנצן טאָג, וועט ער אים דערפאַר באַצאָלן אַ גאַנצן טאָלער.

ווען דער קליינער ישראליק האָט דערהערט דאָס גרויסע וואָרט „טאָלער״, האָבן זיך ביי אים פון שמחה די אויגלעך געגומען פינטלען, ווייל ער האָט גוט געדענקט, ווי שטאַרק מען האָט אין זיין שטעטל און אין זיין היים געוואָרט אויף דעם אַמעריקאַנער טאָלער און וואָס פאַר אַ שמחה עס פלעגט ווערן איבער׳ן גאַנצן שטעטל, ווען צו אימיצן פון די שכנים איז אָנגעקומען אַזאַ מתנה — און דאָ וועט ער, ישראליק אַליין, פאַרדינען אַ גאַנצן טאָלער.

פון שמחה איז דער שווערער וואַליז אין זיינע הענטלעך אַזש גרינגער געוואָרן און די קינדערשע פיסלעך זיינען מיט אַ האַסטיגן טעמפּאָ אַזש אונטערגעשפּרונגען, באַכיאַגענדיג די גרויסע שפּאַנען פון זיין ערשטן אַמעריקאַנער באַלעבאָס. נישט פילנדיג קיין מידקייט און קיין הונגער, איז ער נאָכגעלאָפן גאַס נאָך גאַס און טרעפּ נאָך טרעפּ. ער האָט אויך נישט געוואוסט, וויפיל צענדליגער גאַסן ער איז שוין ווייט פון זיין היים. עס איז אים גאַר שטאַרק געפעלן, וואָס ער פאָרט אויף קאָרס און אויף באַנען אין דער הויך איבער מענשליכע קעפּ. ער פאָרט און ער שפּאַנט ווי אַ גרויסער, ווי אַ מאַן — און צו דעם וועט ער אַהיימברענגען אַ גאַנצן טאָלער.

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן. ישראליק׳ס באַלעבאָס האָט זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף שוין אַהיימפאָרן סאָפּער עסן און צונעמענדיג פון דעם אינגל דעם שוין האַלב ליידיגן וואַליז, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, עס וועט שוין זיין גענוג פאַר היינט!

אַרויסלאָזנדיג דעם וואַליז פון זיין הענטל, האָט ישראליק ערשט דערפילט זיין מידקייט און ווישנדיג מיט אַן אַרבל זיין שוויים, האָט ער מיט פאַרשעמטקייט געוואָרט אויף זיין טאָלער.

דער פעדלער האָט אַריינגעטאָן זיין האַנט אין קעשענע און זיך אָן עפּיס פאַרטראַכט. דער צען־יאָריגער אַרבייטער האָט דערווייל געווישט דעם שוויים, געביטן די מידע פיסלעך, איינע אויף פאַרנט און די צווייטע אויף הינטערוועגס, זיך אַ קאַלופּע געטאָן דאָס נעזל און נאָך אַלץ מיט אַ פאַרשעמטן וואַרטן געקוקט צום פעדלער דאָ גלייך אין זיינע אויגן און דאָ אויף זיין האַנט, וועלכע יענער האָט נאָך אַלץ נישט אַרויסגענומען פון קעשענע.

פּלוצלינג האָט זיך דער פעדלער־באַלעבאָס אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און האָט אויסגערופן:

— אוי, די פרוי פון יענער הויז, דאָרט אויף׳ן פערטן פלאָר, האָט דאָך מיר נישט באַצאָלט פאַר די צוויי דרעסעס. שנעל, קליינער,

לויף אַרויף, איך וועל דאָ וואַרטן און ווען די וועסט צוריקקומען, וועל איך דיר געבן דיין טאַלער. שנעל, לויף!

ישראליק האָט צוזאַמענגענומען אַלע זיינע כחות און געלאָזט זיך לויפן צוריק.

אונטער די געוועלדן פון דער פרוי, אַז אַזאַ קליין אינגל דאַרף זיך נישט אָפּלערנען פון זיין באַלעבאָס, צו וואַקסן אַזאַ גרויסער ליגנער ווי יענער, ווייל זי האָט אַליין געזען, ווי ער, דער פּעדלער, האָט אַריינגעלייגט דאָס געלד אין קעשענע, איז ישראליק מיט שרעק געשפּרונגען צוריק די פיר פלאָר — און ווען ער איז צוריק אַרונטער, האָט ער נישט געפונען מער זיין באַלעבאָס און נישט זיין טאַלער.

ווייט פון זיין היים, אָן אַ ניקל אויף „קאַר־פעיר״, אַ מידער, אַ הונגעריגער, נישט־וויסנדיג זיין וועג אויף צוריק, האָט דענסטמאָל ישראליק ארומגעבלאָנקעט איבער די נויאָרקער גאַסן פון זעקס פאַר־נאַכט ביז 12 מיטן־נאַכט, ביז ער האָט זיך ענדליך דערפרעגט און דערשלעפּט צו זיין היים.

זיין ערשטע ביטערע ערפאַרונג אין אַמעריקע האָט אָבער סעמ׳ן נישט פאַרביטערט, עס האָט אים נאָר געגעבן אַ לערע, זיך מער נישט צו לאָזן אָפּנאַרן, נישט צו זיין מער קיין „סאַקער״, ווי מען זאָגט דאָס אויף אַמעריקאַנער לשון. ער האָט אָבער אויך קיינעם נישט אָפּגענאַרט און נאָר דורך זיין שווערע האָרעוואַניע און זיין שכל האָט ער זיך צו עפּעס דערשלאָגן און זיך אַרויפגעאַרבייט צו אַן אייגענער „שאַפּקע״. וועלכע געפינט זיך ערגיץ אין די צוואַנציגסטע גאַסן.

זיינע ביזנעס פירט סעם מיט אַ שותף, מיט וועמען ער לעבט אַזוי שטיל און פריינדליך, ווי אַן עלטער פּאָר פּאָלק, וואָס האָבן שוין אויסגעגעבן אַלע זייערע קינדער, לעבן אויף אַ פּענסיע און האָבן זיך שוין נישט וועגן וואָס איבערצורײדן.

קיין סך אַרבייטער האַלטן נישט די צוויי שותפים. אַזוי ווי זיי זיינען יאָרן־לאַנג געווען בעלי־מלאכות, פאַרקאַשערט מען די אַרבל און מען אַרבעט ווייטער, נאָר אנשטאט פאַר יענעם, אַרבעט מען פאַר זיך. און אַז שוין פאַר זיך, טאָ וואָס מאַכט עס אויס, נאָך אַ שטונדע שפּעטער אַרבייטן, אָדער נאָך אַ שבת, נאָך אַ זונטאָג? אַבי אין קאַסע זאָל זיין נאָך אַ הונדערטער, נאָך אַ טויזענטער.

סעם איז שטאַרק צוגעבונדן צו זיין שותף און צו זיין פאַמיליע, גייט ער מיט זיי צו זייערע פּאַרטיס, פרייט זיך מיט זיי ביי זייערע שמחות און האָט הנאה פון זייער הנאה.

סעם האָט אויך אַ פאַמיליע. אָבער ער איז לעצטנס כמעט שטענדיג אַליין. זיין אײנציגער זוהן שטודירט אין אַן אנדער שטאָט אין

אַ קאַלעדזש — און דעם זוהן׳ס מאַמע איז פון די מאַמעס, וואָס איז מאַמע איבער אַלעס, קען זי נישט זיין אַ מינוט אָן דעם זוהן און מאַכט זיך שטענדיג איר היים נעבן דעם קאַלעדזש, וואו איר זוהן שטודירט. קומט סעמ׳ן שטענדיג אויס, צו זיין אַליין. ער באַקלאָגט זיך אָבער קיינמאָל נישט.

סעם רעדט איבערהויפּט קיינמאָל נישט וועגן זיך, נישט וועגן זיינע פריידן און נישט וועגן זיינע ליידן. נאָר זיינע פריינד׳ס זאָרג איז זיין זאָרג און זיינע פריינד׳ס שמחות זיינען זיינע שמחות. ער האָט שטענדיג הנאה, ווען ער זעט, אַז זיינער אַ פריינט האָט פון עפּעס אַ הנאה.

אָט למשל האָט ער אַמאָל אַ שטאַרקן פאַרגעניגן, איינצולאַדן אין אַ רייכן רעסטאָראַנט אַ פּאָר פריינט, און זעענדיג ווי די פריינט עסן די סטייקס מיט אַ הנאה, קוקט זיי סעם כסדר אין די מיילער אַריין און פרעגט אַלע ווײַלע: „אַ יאָ אַ גוטער סטייק? האָ?! איך זאָג אייך, אַז קיינער קען נישט מאַכן אַזאַ סטייק ווי אָט דער רעסטאָראַנט! טייערע סטייקס! עסט, עסט נאָך!" — און אויסדרייענדיג זיך צום וועיטער, רופט ער:

— סעי, וועיטער, גיט נאָך אַ פּאָר סטייקס פון דיזעלבע, אָבער פונקט דיזעלבע! זאָלן מיינע פריינד אַ הנאה האָבן! עס זיינען מיינע פריינט, איר הערט? — דאַביי לייגט ער אַוועק זיין האַנט אויף די פריינט׳ס פּלייצעס מיט אַ באַזונדערער הנאה.

אָבער קיין סך צייט האָט נישט סעם. ער איז שטענדיג ביזי, שטענדיג פאַרנומען. מען דאַרף אויסענדיגן דעם מאַנטל, אָפּשיקן יענעם מאַנטל, די פרויען וואַרטן אויף דעם. ער האָט צוגעזאָגט, דאָס צו מאַכן אין צייט, דאַרף ער האַלטן וואָרט. ער האָט פיינט אָפּצונאַרן. ער געדענקט שטענדיג דעם טעם, ווען מען האָט אים דעם ערשטן טאָג אין אַמעריקע אָפּגענאַרט. און נישט נאָר די אַרבייט אין צייט דאַרף ער צושטעלן, נאָר אויך די הילף אין צייט דאַרף ער געבן. אַזוי פיל נויטבאַדערפטיגע זיינען פאַראַנען אויף דער וועלט און מען דאַרף אַלעמען העלפן!

אַרבעט סעם אין זיין שאַפּקע נאָך אַ שטונדע און נאָך אַ שטונדע, כדי אַלעמען צו קענען העלפן. און ווען ער פאַרשליסט די טיר פון זיין שאַפּקע און ער קומט אַרונטער אין דער נאַכטיגער לופט אויף דער גאַס, וואו דער דרויסן גיט אים אַ ביסל אַ פריש אָפּ, דערשפּאַנט ער שטענדיג ביז צום עק פון דער גאַס, וואו עס געפינט זיך אַ באַקאַנטע „קענדי־סטאָרקע און לאָנטש־רום". ער האָט זיך נישט, וואָס צו יאָגן אַהיים, ווײַל זיינע זיינען ווייט פון אים, אין אַן אַנדערער שטאָט.

אין דער „קענדי סטאָרקע״ איז אין יענער שטונדע שטיל, ווייניג מענשן געפינען זיך דאָרט דאַמאָלס. צוזעצט זיך דאָרט סעם אויף אַ פּאָר שטולען. אויף איין שטול שפּאַרט ער אָן זיין מידע פּלייצע, אויף אַ צווייטן שטול שטרעקט ער אויס זיינע פאַרמאַטערטע פיס און ביי אַ גלעזל קאַפּע און אַ פרוכט־סאַלאַד, וועלכעס איז זיין באַליבטעסטער מאכל, מאַכט ער דאָרט זיין „אַפּיס״.

דאָרט אין דער קענדי־סטאָרקע נעמט זיך סעם צום אויסלײדיגן זיינע קעשענעס. אָט שלעפּט ער אַרויס פון איין קעשענע אַן אײנ־לאַדונגס־בריוו פון דעם און דעם דזשאַדזש, וועלכער בעט, אַז סעם זאָל קומען צו אַ מיטינג וועגן העלפן עפּעס טאָן פאַר יתומים — און אָט געפינט ער אין אַ צווייטער קעשענע אַ בריוו פון אַ רב, ער זאָל קומען צו אַ מיטינג וועגן העלפן פאַרזאָרגן אַלטע לייט, און אָט דערזעט ער אין נאָך אַ קעשענע אַ צעטעלע, וואו מען בעט אים, אַרויס־צוהעלפן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל און אָט איז נאָך אַ צעטעלע וועגן העלפן אַרויסראַטעווען אַ בוך, וואָס ליגט צוליב עטליכע טאָלער ביים איינבינדער.

סעם האָט נישט קיין צייט צו גיין און צו קומען צו די אַלע פּלעצער, שיקט ער אומעטום זיין שליח — אַ טשעק. אין איין פּלאַץ אַ טשעק פאַר אַ הונדערטער, אין אַ צווייטן פּלאַץ אַ טשעק פאַר אַ פופציגער און אַזוי כסדר. פּלוצלינג דאַכט זיך אים, אַז דער שרייבער פון איין בריוול וויל אים מאַכן פאַר אַ „סאָקער״, איז כאָטש יענער בעט נאָר פאַר בילעטן צו עפּעס אַן אונטערנעמונג נישט מעהר ווי צוויי טאָלער, שיקט סעם צוריק די בילעטן אָן איין סענט, ווייל אַלעס יאָ, נאָר דאָס נישט, פאַר אַ „סאָקער״ קען מען סעמ׳ן נישט מאַכן.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן סעמ׳ס הילף פאַר זיינע פריינד און באַקאַנטע דאָ אין אַמעריקע. גאַנץ אַנדערש איז אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ז ש אַ ל ק י ע ו ו, דאָרט איז פאַר אים נישטאָ קיין „סאָקער״, דאָרט איז אַלעס אמת אויף הונדערט פּראָצענט. די יתומים פון דאָרט זיינען אמת׳ע יתומים, אלמנות — אמת׳ע אלמנות, אמת׳ע אַלטע, אמת׳ע קראַנקע, אמת׳ע הונגעריגע, אמת׳ע טויטע. דאָרט איז יעדע נויט און עלנד אמת!

כאָטש ער איז אַוועק פון זיין שטעטל אַלס קליין אינגל, איז ער דאָך צוגעבונדן אַהין מיט טויזענטער פעדים. ער געדענקט דאָרט יעדעס געסל, יעדע הייזקע, דעם בית־המדרש, די שוהל און להבדיל דעם קלויסטער. צי איז עס דערפאַר, ווייל דאָרט האָט ער צום ערשטן מאָל איינגעזאַפּט אין זיך דעם טאַטן׳ס קרעכץ און דעם מלמד׳ס זיפץ, צי דערפאַר ווייל דאָרט איז ער אַמאָל אַ קליין אינגל געווען, זיך מיט

חברים אין קנעפּלעך געשפּילט אונטער דעם שיינעם הויכן לעגענ־דאַרישן באַרג, פון וועלכן זיין באָבע האָט אים דערציילט, אַז איר באָבע האָט איר דערציילט, אַז אַמאָל־אַמאָל האָט דאָרט אין דער הויך העט־העט אויף׳ן סאַמע שפּיץ פונ׳ם באַרג אַ קעניג געוואוינט, אַן אמת׳ר קעניג! — און ער, סעם, און זיינע חברים פלעגן שטייענדיג אונטער׳ן באַרג פאַרשטעלן זיך מיט אַ הויפן איין אויג און רייסן זייערע קינדערשע בליקן ווייט־ווייט אַזש ביז׳ן שפּיץ פונ׳ם באַרג, וואו די אינגלשע פאַנטאַזיע האָט אַ פּאַלאַץ פון טויזנטער און איין נאַכט דערזען.

פאַר דער אָדער יענער אורזאַך — סעם ליעבט פאַר זיין שטעטל. דאָס מיינט נישט חלילה, אַז סעם האָט נישט ליב אַמעריקע, אַ ניין! מיט זיין גאַנצער נשמה האָט סעם ליב די סעלף־מייד אַמעריקע, די אַמעריקע, וואו מענשן האָבן אַלע גלייכגעבערעכטיגקייט, צו זיין מענשן. אין אַמעריקע האָט ער זיינע יוגענד־חלומות געוועבט, אויף אמעריקאַנער ערד האָט זיין קינד דעם ערשטן קינדערשן טראָט געשטעלט. אונטער דעם אַמעריקאַנער הימל האָט סעמ׳ס אויער און האַרץ צום ערשטן מאָל דערהערט און דערפילט דעם נאָמען „פּאַפּאַ!" און אים וואָלט קיין זאַך נישט צו שווער געווען פאַר זיין היימלאַנד און זיין קינד׳ס געבורטס־לאַנד אַמעריקע. אָבער ער ווייסט, אַז די שיינע שטאָלצע אַמעריקע דאַרף אים נישט אַזוי שטאַרק נויטיג, אַז אָן אים קען אַמעריקע אויך איר שטעטל באַשטיין.

אַנדערש איז אָבער מיט זיין פאַרמאַטערט אויסגעהונגערט שטעטל זשאָלקיעוו, מיט אירע אויסגעבויגענע הייזקעס און הינקעדיגע טירן, דורך וואַנען עס בלאָזט אַריין קעלט, נויט און דחקות. אָט דאָס שטעטל קען זיך אַליין נישט העלפן, זי דאַרף, מען זאָל זיך אויף איר אומקוקן, אויסשטרעקן אַ האַנט פון הילף.

אָט האָט מען געדאַרפט חתונה מאַכן אַן אָרימע כלה אין שטעטל, און אָט פאַרריכטן די שוהל, און אָט האָט מען דערזען, אַז חזירים האָבן איינגעבראָכן דעם פּלאַנקן אויף׳ן בית־עולם, דאַרף מען דאָס אויף׳ס ניי אָרומצאַמען. היינט וואָס הערט זיך עפּעס מיט יתומים, אלמנות, תלמוד־תורה און טויזענטער אַנדערע זאַכן, וואָס אַן אָרים שטעטל דאַרף געלד?!...

נו, איז ווער קען און זאָל צו דעם העלפן, אויב נישט די לאַנדסלייט אין אַמעריקע? וואָס דען פאַר אַנדערע פריינט האָבן די פאַרוויסטע צובראָכענע שטעטלעך אויף יענער זייט ים?

סעם ווייסט, וויפיל סאָסייעטיס עס ווערען געשאַפן און צופאַלן, ווען עס איז נישטאָ אימיצער, וואָס זאָל מיט פאַרשידענע מיטלען כסדר וועקן און מונטערן די לאַנדסלייט, כדי אַלעמען צו האַלטן צוזאַמען.

באַשליסט סעם, אַז אויף אים איז געפאַלן דער גורל דאָס צו טאָן. לעבט ער, אָטעמט ער מיט דער סאָסייעטי. פאַר זיין סאָסייעטי מוז ער שטענדיג האָבן צייט. וועגן געלד איז שוין אָפּגערעדט. זיינע שבת־נאַכטן גיט ער אַוועק, צו זיין סעקרעטער ביי זיין סאָסייעטי, איין שבת ביי די מענער און דעם צווייטן שבת נאַכט אין דער ווייבערשער אַבטיילונג פון זיין סאָסייעטי. דאָס געצאָלט פאַר זיין סעקרעטאַרישע אַרבייט גיט ער שטענדיג צוריק צו דער סאָסייעטי מיט אַ פּראָצענט.

די מערסטע פון די געבוירענע לאַנדסלייט פון דער שטעטל זיינען שוין אַזעלכע ווי סעם, וואָס געדענקן דאָס שטעטל נאָר אַלס קליינע אינגלעך, אָדער זיי זיינען שוין אין גאַנצן אויף׳ן זשאַלקיעווער חלק „ריעל עסטייט אין אַמעריקע״...

האָט סעם דער סעקרעטער אָבער געמאַכט פאַר מעמבערס פון דער סאָסייעטי די זיהן, טעכטער און אייניקלעך פון די אַוועקגעגאַנגענע לאַנדסלייט. און כדי צו האַלטן זיין סאָסייעטי אַלץ מער פאַראינטערע־סירט, זוכט ער שטענדיג אויס נישט נאָר אַלערליי מעגליכע וועגן ווי צו מאַכן געלד, נאָר אויך אַלערליי וועגן צו פאַרשאַפן כבוד פאַר זיין סאָסייעטי. ער לאָזט זיך שטילערהייד קאָסטן, אויסצוגעפינען און צו באַשרייבן, אַז דער און דער גרויסער רב, קעניג, פּרינץ, קינסטלער, שרייבער איז אָדער געבוירן אָדער געשטאָרבן אין זיין שטעטל.

און אָט האָט סעם געמאַכט אַ „קאַרד־פּאַרטי״ פאַר זיין סאָסייעטי, כדי צו שאַפן אַ ביסל געלט פאַר זיין שטעטל. האָט ער זיך ווידער געלאָזט קאָסטן אַן איבעריגן דאָלאַר פון זיין קעשענע, כדי אויסצוזוכן אַ נייע אַטראַקציע און ער האָט דערפאַר אויסגעפונען אַ האָל, וואו פּרעזידענט טעדי רוזוועלט האָט אַמאָל געגעסן אַ דינער.

— — — — — — — — — —

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער האָל, האָב איך געטראָפן אַלע זשאַלקיעווער לאַנדסלייט פאַרטאָן אין׳ם קאַרטן־שפּיל — און אונזער סעם׳ן האָב איך געפונען אַ פאַרשמאַיעטן, אַרום־שפּאַנענדיג פון טיש צו טיש און פון לאַנדסמאַן צו לאַנדסמאַן, צוטראָגענדיג יעדן אַלע ווײַלע אָט אַ נייעם טרונק און אָט אַ פרישן סענדוויטש — און זיין פּנים האָט דאַביי געלויכטן פון שמחה, קוקנדיג ווי די לאַנדסלייט האָבן אַ הנאה.

— וויפיל פּראָפיט וועט בלייבן פאַר דער שטעטל? — האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם גליקליכן סעם׳ן.

— פונקט צוויי הונדערט דאָלאַר! — האָט סעם געענטפערט מיט פרייד.

— און וויפיל קאָסט עס איך? — בין איך וויטער נייגעריג, וויסנדיג, אַז די האַל, דאָס עסן און טרינקן, האָט אַלץ סעם צוגעשטעלט.

— מיך קאָסט עס ביי אַ דריי הונדערטער — האָט סעם אויסגערופן באַגייסטערט און באַלד צוגעגעבן: — אָבער דאָס איז נישט וויכטיג! אַבי די לאַנדסלייט זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען און זיך דערמאָנט אין אונזער שטעטל... און מיינע דריי הונדערטער גייען דאָך אויך אַריין אין דעם, וועט שוין זיין פאַר דער שטעטל גאַנצע פינף הונדערט!...

איך האָב באמת מקנא געווען דאָס שטעטל זשאַלקיעוו, וואָס איז אַזוי מזל׳דיג, צו האָבן אין אַמעריקע אַזאַ איבערגעגעבענעם פריינט ווי זייער לאַנדסמאַן סעם. און אין האַרצן האָב איך געוואונשן, אַז הלואי וואָלטן אַ סך פון די אַנדערע פאַרוויסטע שטעטלעך געהאַט אין אַמעריקע אַזעלכע לאַנדסלייט ווי אונזער סעם!...

# העט און שטעקן



## אַ פראַגמענט

---

אין איינעם פון די טעג, ווען דעם הימל האָט זיך פאַרגלוסט, צו באַווייזן אַ ביסל פון זיינע קונצן און האָט פון אַ נעכטיגן נאַסן שניי דורך אַ היינטיגן קנאַקעדיגן פראָסט אויסגעפורעמט פאַרשידענע בילדער, געשניצטע, געטאַקטע און געמאָלענע קונסט־ווערק, פון וועלכע אינזשענירן, מאַלערס און אַנדערע קינסטלער האָבן שפּעטער זייער טאַלאַנט געשעפּט. דערזעלבער פראָסט איז אויך קינסטלעריש אין די מענשליכע ביינער געקראָכן. האָט געביסן די אויערן, געגליטשט אונטער די פיס, פאַרטרערט די אויגן און פאַרכאַפּט די אָטעמס.

אָט אין אַזאַ טאָג, אין אַ פרימאָרגנדיגער שטונדע האָט לינע טוטקין פאַרריסן אירע אויגן און דערזען דעם געזוכטן נאָמבער אויף אַ בילדינג, וועלכער געפינט זיך אין דער סאַמע ביזעסטער געגנט פון ניו יאָרק, אין דער געגנט וואו די גרעסטע קעלט און פרעסט קאָנען דאָרט נישט אָפּהאַלטן אַ מינוט ביזנעס, אין דער געגנט, וואָס ביזנעס שוויבעלט און גריבעלט דאָרט מיט אַ ווילדן טעמפּאָ.

היץ פון בייסמענט פאַרמעסט זיך דאָרט געגן פראָסט פון הימל און ביזנעס פאַרמעסט זיך געגן ביזנעס. רעדער אָן אויפהער דרייען זיך, פינגער אויף טייפּרייטער־מאַשינען טאַנצן, פאָונטיין־פּענס אויף פּאַפּיר מאַרשירן, ציפערן אויף ווענט שווימען, און מאַכן אַלעווילע איבער דעם „מקח" פון דער וועלט... סיילסלייט קויפן און פאַרקויפן אויף גוט־זאָגן און צו־זאָגן... אינשורענס־אַגענטן ראַטעווען אומגליקליכע קראַנקע צוקונפטן פון געגנווערטיג געזונטע, גליקליכע מענשן.

און אומעטום זיינען דאָ פאַרמישט איין סאָרט „פאַרמיטלערס", ביי יעדן קריץ מיט אַ פען שפּרינגט דאָ אַרויס אַ „פאַרמיטלער", וועלכער הייסט „לאָיער".

צוקלאַפּט מען אַ פּוס, דאַרף מען אַ לאַיער, צוקריגט מען זיך מיט אַ ווייב, אַ לאַיער... דאַרף מען זיך פאַרזאָרגן מיט אַ צוקונפט, אַ לאַיער. וויל אַ סאָסייעטי געבן אַ קורצערן קבר, אַ לאַיער. בענקט מען נאָך אַ געליבטן, שטעלט דער געליבטער אַריין אַ מחיצה, אַ לאַיער...

און די גרעסטע צרה איז — טראַכט לינע — קוקנדיג אין לאַנגן ווינקל־שפּיגל פון דעם עלעווייטאָר, וועלכער פירט זי צום דריי־און־צוואַנציגסטן שטאָק, וואו עס געפינט זיך דער אָפיס פון דעם לאַיער, צו וועלכן מען האָט איר באַראַיעט. יאָ די גרעסטע צרה — טראַכט זי — איז, וואָס צו אַ לאַיער דאַרף מען ערשט אַ לאַיער... ווייל גיי געטרוי אַ לאַיער, אַז מען ווייסט קיינמאָל נישט, אויף וועמעס זייט דער לאַיער איז אויף אָן אמת... אָט איז ער, דאַכט זיך, אויף מיין זייט און אָט איז ער גאָר אויף מיין געגנער׳ס זייט! אָט רעדט ער מיר איין, אַז ער וועט מיר אַריינברענגען טויזנטער פאַר מיין קייס, און אָט דרייט ער זיך פלוצלונג איבער און דערציילט מיר, אַז מיין גאַנצע קייס איז גאָר נישט ווערט און איך זאָל סעטלען פאַר אַ קלייניגקייט, אַז נישט וועל איך גאָר נישט קריגן!...

גאָטעניו! — טראַכט לינע שוין אַרויסקומענדיג פון עלעווייטאָר און זוכנדיג דעם נומער פון איר לאַיער׳ס אָפיס־טיר — וואָס פאַר אַ מין פאָלק זיינען דאָס די לאַיערס, אַז וואָס מער דרייקאָפּ, וואָס גרעסער זיינע טריקס, זיינע דריידלאַך, אַלץ גרעסער איז דער לאַיער! און זי, לינע, האָט שוין געזען און געהערט פון אַזויפיל לאַיערשע ניט־אמת׳ן, אַז זי קען זיך פשוט קיין עצה נישט געבן מיט איר קייס, צו וועלכער זי מוז אָבער פאָרט האָבן אַ לאַיער...

און שוין שטייענדיג ביי דער רייך מאָדערנער גלעזערנער טיר פון דעם אָפיס, וואו זי האָט געדאַרפט אַריינגיין, טראַכט זי ווייטער: — אפשר זאָל זי זיך פאָרט אומקערן און סעטלען איר קייס, נעמען די 45 דאָלאַר, וואָס מען וויל איר געבן? ווייל ווי קען אין אָט דער גאַס, אין אָט דער בילדינג, וואו ביזנעס איז אַזוי גרויס, ווי קאָן דאָ זיין אַ ביסל ערליכקייט און ווי קען זי טרויען אַ לאַיער פון דאַנען?... וואָלט זי כאָטש געקראָגן אַ לאַיער פון ערגיץ אַ שטילער זייטיגער געסל, וואָלט מען אים נאָך אפשר געקענט טרויען... אָבער דאָ? אַ לאַיער פון אַזאַ גאַס? פון אַזאַ בילדינג?... — ניין, זי וועט זיך בעסער אומקערן און גיין נעמען די 45 דאָלאַר, וואָס מען וויל איר געבן, בעסער לעבעדיגע קעש איידער טויטע האָפנונגען... און שוין פריי־לאָזנדיג די הענטל פון דער גלעזערנער טיר, לויפט איר דורך דער אַלט־נייער געדאַנק, אָבער פריינט זאָגן דאָך איר, אַז דורך אַ לאַיער וועט די פאַר איר קייס זיכער קריגן טויזענד דאָלאַר!

— יאָ, מען מוז נעמען אַ טשענס! — נעמט זי זיך אָן מיט מוט און מיט אַ קלאַפּענדן האַרץ עפנט זי די גלעזערנע טיר און קומט אַריין אין דעם אָפיס פון דעם לאָיער נעט עטינגטאָן.

עטליכע קליענטן האָבן געוואַרט אין דעם פּאָדערצימער, קוקנדיק איך צייטונגען און זשורנאַלן.

דעם לאָיערס סעקרעטערשע האָט לינע'ן געבעטן זיצן, דער־לאַנגענדיק איר אַ זשורנאַל צום לייענען, ביז דער לאָיער וועט האָבן צייט פאַר איר.

לינע האָט קיין געדולד נישט געהאַט און האָט וואָס גיכער געוואָלט באַטראַכטן דעם, אין וועמעס הענט זי וועט עס באַלד דאַרפן איבערגעבן איר שיקזאַל... דעם, וואָס האַלט אירע טויזנד דאָלאַר!... אַזוי שנעל ווי ער וועט איר נאָר אָפּגעבן אירע טויזנד דאָלאַר, וועט זי דאָס ערשטע אויסצאָלן אירע חובות, נאָכהער זיך אַ ביסל אויסקליידן, און דאַן וועט זי פיקסן אירע ציינער און זי וועט מאַכן אַ שטיקל ביזנעס פאַר איר אָרימען ברודער מיט זיינע יתומים, זי וועט אויך באַלד זען צו אַרויסראַטעווען איר אַלטן טאַטן פון די יוראָפּישע בלוט־בעדער און אים אַריבערברענגען אַהער צו איר אין דער אייביק־רעטנ־דער אַמעריקע! און דאָס איבעריגע געלט וועט זי לאָזן פאַר זיך אויף בדן... אמת, זי האַלט טאַקע נאָר פון ליבע, אָבער וואָס קען מען העלפן, אַז די בחורים האַלטן נאָר פון נדן?...

מיט אָט די פליענדע געדאַנקען האָט לינע צוגערוקט איר שטול נענטער צום צווייטן צימער, וואו זי האָט דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון ווייטן געקאָנט באַטראַכטן איר לאָיער.

דער לאָיער איז דאָרט געווען פאַרנומען מיט אַ קליענט און האָט נישט באַמערקט די מיט חשד און האָפנונג פולע אויגן, וועלכע האָבן אים נייגעריג אָפּגעמאָסטן און געזען, אַז ער איז אַ הויכער, שלאַנקער, אַמעריקאַנער יונגערמאַן מיט לויפענדע אויגעלעך און אַ געשליפן ציגגל.

און נאָך אַ זאַך האָבן לינע'ס פאָרשענדע אויגן באַמערקט, אַז דער לאָיער האָט סיי רעדנדיג צום קליענט און סיי שרייבנדיג אין די פּאַפּירן, וואָס זיינען געלעגן נעבן אים אויפ'ן דעסק, אַלעווייַלע געכאַפּט אַ קוק עפּיס אין אַ ווינקל, אַזוי אַז ער האָט זיך יעדעס מאָל כמעט אויס־געדרייט צום ווינקל, אַזוי איין מאָל און נאָך אַמאָל, עפּיס גאָר אָן אַ סוף...

וואָס איז דאָס פאַר אַ מין נערוואָזיטעט אויף אים? — טראַכט לינע — און אָט דעם יונגן נערוועזן שנעק מיט די לויפענדע אויגעלעך זאָל זי געטרויען איר טויזנט־דאָלאַרדיגע קייס? ער וועט דאָך איר באַשווינדלען ווי גרויס זי איז, ניין! זי וועט בעסער גיין נעמען די 45

דאָלאַר!... זי וויל זיך אַ הויב טאָן פֿון איר שטול, אָבער דער פּראָסט אין דרויסן הייסט איר זיצן אויף אַן אָרט און זיך דערוואַרימען אַ ביסל. און זי באַטראַכט דערווייל ווייטער איר לאָיער און זעט פֿון אים אַלץ די זעלבע האַנדלונג, ווי ער כאַפּט כסדר אַ קוק אין זעלבן ווינקל... און יעדעס מאָל וואָס ער כאַפּט אַ קוק אַהין, ווערט זיין פּנים אַנדערש, אַמאָל אומעטיג, אַמאָל פֿאַרטראַכט, אַמאָל פֿאַרבענקט און אַמאָל דערפֿרייט... אַזוי ווי ער וואָלט ביי יענעם אין ווינקל געפֿרעגט אַן עצה, ווי אַזוי צו ריידן צום קליענט, און וואָס צו שרייבן אין זיינע פּאַפּירן, און ווי ער וואָלט פֿון דאָרט אַ ריכטיגן ענטפֿער באַקומען.

— אַ אימיצער מוז דאָרט מסתמא זיצן און אים אַרויסהעלפֿן!

— טראַכט לינע — אָבער ער פֿרעגט דאָך גאָר נישט, נאָר ער קוקט! — פֿרעגט זי זיך און ענפֿערט זיך באַלד אַליין, אַז מסתמא פֿאַרשטייט ער זיך שוין מיט יענעם אויפֿ׳ן וואונק...

דער קליענט וואָס איז ביז איצט געזעסן ביים לאָיער, איז פֿון אָפּיס אַרויס און איז אַוועק.

די סעקרעטערשע איז דאַן אַהין אַריין, האָט גערעדט עפּיס מיט׳ן לאָיער און באַלד אַרויסגעקומען, זאָגנדיג צו די קליענטן, אַז דער לאָיער קאָן אויפֿ׳ן מאָמענט קיינעם נישט זען, ווייל ער מוז אַרונטער־לויפֿן אין קאָורט, וועלכער איז טאָקי דאָ נישט ווייט. ער דענקט, אַז ער וועט באַלד זיין צוריק, און ווער עס וויל, זאָל וואַרטן, און ווער נישט, זאָל קומען אַ צווייטן מאָל.

אַלע אַחוץ לינע׳ן האָבן זיך אויפֿגעהויבן. אייניגע האָבן געמאַכט אַפּאָינטמענט מיט דער סעקרעטערשע אויף מאָרגן, אַנדערע אויף נאָכ־מיטאָג. לינע האָט זיך דערמאָנט אַן דער דרויסענדיגער קעלט און האָט באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי זי איז שוין דאָ, וועט זי שוין וואַרטן און אַ ביסל מער שטודירן איר לאָיער. זי קוקט ווייטער אַהין און זי זעט, אַז ער שרייבט עפּיס אין זיינע פּאַפּירן, און ווי ער פֿאַרטראַכט זיך נאָר עפּיס ביים שרייבן, כאַפּט ער ווידער אַ קוק אין ווינקל...

לינע האָט געריסן אירע אויגן צום ווינקל, אַלץ געוואָלט זען דעם צווייטן לאָיער, דעם ביי וועמען איר לאָיער פֿרעגט עס די עצות אויפֿ׳ן וואונק, ווייל זי איז שוין איצט געווען זיכער, אַז דאָרט זיצט אימיצער.

דער לאָיער האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעהויבן, צוזאַמענגענומען אויף שנעל זיינע פּאַפּירן, און איז איילענדיג אַרויסגעקומען פֿון זיין אָפּיס, אָנגעזאָגט עפּיס שטיל דער סעקרעטערשע, און פֿאַרבייגייענדיג אַ פֿריינדליך שמייכלענדן „העלאָ״ צוגעוואָרפֿן צו דער נייער קליענטין, איז ער האַסטיג פֿון אָפּיס אַרויסגעלאָפֿן.

די סעקרעטערשע האָט באַמערקט, ווי לינע האַלט אין איין רייסן די אויגן צום צווייטן צימער, צום לאָיער׳ס פּריוואַט־אָפּיס. יענער צימער איז געווען וואַרימער און ליכטיגער, דאָרט איז געווען מער סטים און אַ פענסטער און מען האָט דאָרט געקאָנט לייענען אָן עלעקטרי, ווערנד אין פאָדער־צימער איז נישט געווען קיין פענסטער. די סעקרע־טערשע האָט געוואוסט, אַז לינע וועט דאַרפן וואַרטן אַ היבשע ווײַלע, האָט זי איר געוואָלט מאַכן באַקוועם און האָט זי געפרעגט, אויב זי וויל וואַרטן אין יענעם צימער, ווייל דאָרט איז ליכטיגער און וואַרימער, און נישט וואַרטנדיג אויף אַן ענטפער, האָט זי פאַר איר אָוועקגעשטעלט אַ שטול ביים פענסטער פון צווייטן צימער.

לינע איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן פון דער העפליכער פריינד־ליכקייט, אַז זי האָט אויפ׳ן מאָמענט אין גאַנצן פאַרגעסן, וואָס זי האָט אַזוי בייגעריג געזוכט אין יענעם צימער, און איז צוטומלט און דאַנקבאַר גאַכגעגאַנגען דער סעקרעטערשע.

דאָס פענסטער, נעבן וועלכן די סעקרעטערשע האָט פאַר לינע׳ן אַ שטול אָנגעגרייט, איז געשטאַנען אין מיטל־פּונקט פון אַ קאַמף, עס האָט דאָרט מלחמה געהאַלטן פראָסט מיט סטים. פראָסט פון דרויסן האָט זיך מיט אַלע כחות און קונצן פּרובירט אַריינרייסן אינעווייניג. אָט האָט זיך עס געע׳חנ׳דלט און געוואָלט אונטערקויפן דעם סטים, ווייזנדיג וואָס פאַר אַ שיינע בלומעלעך און אַנדערע צאַצקעס די נאַטור קען אויספורעמען אויף די פענסטער, און ווען דער סטים האָט זיך נישט געלאָזט איינריידן, האָט דער פראָסט זיך גע׳כעס׳ט און געהוזשעט, געשטורעמט, גענומען צו הילף זיין חבר דעם ווינט, און האָבן ביידע געקנאַקט אין די שויבן מיט ווילדע כחות. אָבער דער סטים פון אינע־ווייניג האָט אויך נישט געשוויגן און האָט באַוויזן זיינע כחות, האָט געפייפט, געזאָטן, געסיקעט און געלאָזט פון זיך אַ שטאַרקע פאַרע. און צווישן די צוויי ראַנגלענדע כחות האָבן די שויבן פון איין זייט זיך געטרייסלט פון קעלט און פון צווייטן זייט געשוויצט.

לינע האָט אָפּגעווישט אַ ביסל שווייס פון אַ שויב, און האָט אַרונטערגעקוקט אונטן אין גאַס. איר בליק איז געפאַלן אויף אַ פּאָר פאַרפראָרענע בוימער, וועמעס ווייסע צווייגן און ריטלעך האָבן געלאָזט דעם פראָסט פון זיך אויספורעמען וואָס די פאַנטאַזיע קאָן זיך נאָר פאָר־שטעלן... אָבער פאַר לינע׳ן פון דעם דריי־און־צוואַנציגסטן שטאָק אַרונטערקוקנדיג האָבן די פּאָר בוימער אויסגעקוקט ווי נישט־דערוואַק־סענע קליינע מענטשעלעך, עפּיס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז די פּאָר בוימער שטייען דאָרט אַזעלכע עלנטע, דערשלאָגענע און פאַראומערטע,

וואָס ווי הויך זיי זאָלן זיך נישט מאַטערן אויסצווואַקסן, וואַקסן דאָ די בילדינגס אַלץ העכער...

— ווי קומט דאָ אין דעם געגנט בוימער? — וואונדערט זיך לינע און זי קוקט נאָך שטאַרקער אַרונטער, ווישנדיג דעם פון סטים אָפּגעלאָשענעם פּראָסט פון אַ שויב, און עס דאַכט זיך איר, אַז ערגיץ אונטער די ווייס-אייזיגע עקן און דריידלעך אויף די בוימער זעט זי גרינע בלעטלעך...

— יאָ — טראַכט לינע — די פּאָר בוימער שטייען דאָ נאָר ווי סימנים, אָנצוזאָגן די הויכע בילדינגס, אַז אין דער אמת׳ן זיינען זיי גאָר נישט אַזוי עלנד, אַז ערגיץ האָבן זיי פריינד, משפּחה, אַ סך בוימער, גאַנצע פּולע וועלדער! — און לינע דערזעט פּאַר זיך אַ וואַלד און אַ קאַנטרי...

— אַך, וויפיל יאָרן זי קלייבט זיך עס, צו פאָרן פאַר אַ „וועקיי־שאַן" אין קאַנטרי און זי האָט אַלץ נישט געקענט... אָבער איצט וועט זי שוין פאָרן און טאַקי באַלד, ווי זי וועט נאָר אָפּקריגן פונ׳ם לאָיער אירע טויזנד דאָלאַרען!...

ביי די געדאַנקען האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז דאַכט זיך נישט אַליין אין דעם אָפיס, און זי האָט זיך גלייך אומגעדרייט צו דעם ווינקל, וואו דער לאָיער האָט פריער אַלע ווײַלע געקוקט, אָבער זי האָט דאָרט קיינעם נישט געזען...

— וואָס האָט דער לאָיער פאָרט כסדר געקוקט אין יענעם ווינקל? — האָט זי זיך מיט וואונדער געפרעגט און אָנגעפאַנגען באַ־טראַכטן דעם אָפיס. זי האָט דאַן דערזען, אַז כאָטש דער לאָיער איז אַ גאָר יונגערמאַן, איז דער אָפיס אַ גאָר אַלטער... עפּיס האָט אויסגעזען ווי יעדע זאַך געפינט זיך דאָ שוין פון לאַנג, איידער דער לאָיער איז נאָך אפילו געבוירן געוואָרן. צוויי ווענט זיינען דאָ אין גאַנצן ווי געבויעט פון ביכער, אויף וועמעס אַלטע אָפּגעריבענע, גראָבע רוקנס עס שטייט מערסטנס אָנגעשריבן די ווערטער „לאָא". די ביכער זיינען נישט אין אָרדנונג אויסגעשטעלט, אין איינינגע פּלעצער איז אַריינגערוקט אַ בוך אַזוי טיף אין וואַנט אַריין, אַז עס האָט צווישן די אַנדערע ביכער איבער־געלאָזט אַ לענגליכע גריבל. עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי עס וואָלט געפעלט איינצעלנע ציגל אין אַ וואַנט. און אין אנדערע פּלעצער פון דער וואַנט האָבן אַרויסגעשטעקט האַלבע ביכער צום צימער אַזוי, אַז מען האָט אויף די רוקנס פון די אַרויסגעשטעקטע ביכער געקענט עפּיס אַוועקלייגן אָדער אויפהענגען.

און אויף אַ רוקן פון איין בוך איז טאַקע געהאַנגען אַ „שטעקן", אַ ברוינער גלאַטער שטעקן מיט אַ ביינערנע האַלבע-לבנה-הענטל. דער

שטעקן איז געהאַנגען אויף אַ האָרעלע, שיר נישט אַראָפּצופאַלן... עס האָט אויסגעזעהן, ווי אימיצער האָט עס אָט איצט די מינוט געגעבן אײַלענדיק אַ הענג אויף...

לינע האָט קיינעם נישט געזען און נישט געהערט אַרייַנגיין, ווער־זשע האָט דאָ פּלוצלינג געגעבן אַ הענג אויף אָט דעם שטעקן? — טראַכט זי, און איר אויג פאַלט איצט אויף אַן אַלטן אייזערנעם סעיף, וועלכער שטייט נאָענט נעבן דעם פּלאַץ, וואו עס הענגט דער „שטעקן".

אויפ'ן סעיף ליגן אַ סך ביכער און זשורנאַלן אַנגעוואָרפן איינס אויפ'ן אַנדערן אין הורבעס און בערגלעך. אויף איין בערגל ביכער ליגט אַ מענערשער „שטרוי־העט", נור ווי אָט־אָט אַראָפּצופאַלן, און עס מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי אימיצער האָט עס אויך אײַלענדיק אָט איצט אַ געגעבן אַ טו אויס און אַ לייג אַוועק, „העט און שטעקן".

— וואָס טוט זיך דאָ? ווער טראָגט עס איצט אַ שטרוי־העט? — כאַפּט לינע ניט־ווילנדיק אַ בליק צום פענסטער און דאַן צוריק צום „שטרוי־העט", און פּלוצלונג דערמאָנט זי זיך, אַז דאָס איז דאָך דער ווינקל, וואו דער לאַיער האָט געהאַלטן אין איין קוקן...

— אוי, עפּיס איז דאָ נישט גלאַטיג! — דערשרעקט זי זיך — יאָ, זי וועט בעסער גיין נעמען די 45 דאָלאַר!...

זי לאָזט זיך גיין און בלייבט שטיין אויפ'ן שוועל, קוקנדיג צו־טומלט אויף דער טיר און אויפ'ן „שטעקן און שטרוי־העט"...

די סעקרעטערשע אַריינקומענדיג און זוכנדיג עפּיס אויפ'ן דעסק באַמערקט, אויף וואָס לינע קוקט אַזוי פאַרוואונדערט, און זי טראָגט איר באַלד צו אַן ענטפער אויף דער נישט־געפרעגטער פראַגע:

— דאָס איז דעם לאַיער'ס טאַטן'ס „העט און שטעקן"!

— און אַז אַ טאַטע, דאַרף ער טראָגן אין אַזאַ פראָסט אַ „שטרוי־העט"? — פרעגט לינע דרייסט, זיך נישט שעמענדיג אַרויסצוזאָגן איר פאַרוואונדערונג.

— דעם לאַיער'ס פאָטער איז שוין פון צוויי מיט אַ האַלב יאָר טויט! — ענטפערט די סעקרעטערשע, זוכנדיג עפּיס אין אירע פאַפּירן.

— טויט?! — קוקט זי לינע אָן — אָבער די „העט און שטעקן" ליגן דאָך אַזוי, ווי אימיצער וואָלט זיי באַר וואָס אַוועקגעלייגט?...

— אָט אַזוי הענגט דער שטעקן און ליגט דער העט שוין צוויי און אַ האַלב יאָר! — זאָגט די סעקרעטערשע, געפינענדיג די פאַפּירן, וואָס זי האָט געזוכט.

— אָבער וואָס הייסט? — רופט אויס לינע — איר וועט מיר ענטשולדיגן, אָבער איך פאַרשטיי פשוט נישט, וואָס איר רעדט!

— נו, וועל איך צופרידנשטעלן אײַער נייגעריגקייט און וועל

אַייך דערציילן — האָט אַ זאָג געטאָן די סעקרעטערשע, און אַנווייזנדיג אויפ׳ן שטול, וואו עס איז פריער געזעסן דער לאַיער האָט זי פאָרט־געזעצט:

— אַט אויף יענעם שטול איז יאָרן־לאַנג געזעסן דער גרויסער קאָנסלער בערנאַרד עטינגטאָן, אַט דעם נעט עטינגטאָן׳ס פאָטער, וועלכער איז געווען אַ זער פראָמינענטער לאַיער — האָט ווייטער דערציילט די סעקרעטערשע — און ווען זיין זוהן איז געוואָרן לאַיער, האָט אים דער פאָטער אַריינגענומען צו זיך אין אָפיס פאַר אַ פאַרטנער און שטענדיג, ווי ער, דער פאָטער, פלעגט נאָר אַריינקומען אין אָפיס, פלעגט זיין געוואוינהייט זיין אַט אַזוי צו געבן אַ הענג אויף זיין שטעקן און אַ לייג אַוועק זיין העט, און דאַן זיך אַוועקשטעלן אַט טאַקי דאָרט אין ווינקל נעבן זיין העט און שטעקן, אָנשפּאַרן זיין פּלייצע אָן דער סעיף, פאַרלייגן אַ ביסל אַ פוס אויף אַ פוס און דיסקוטירן די קעיסעס מיט׳ן זוהן, וועמען ער האָט ליב געהאַט זען זיצן אויף זיין שטול. אָבער פּלוצים מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק, אין אַ געוויסן טאָג, ווען ער איז זיך אַזוי געשטאַנען אין ווינקל נעבן זיין העט און שטעקן און דיסקוטירט אַ קעיס מיט׳ן זוהן, האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן: „אוי, נעט, מיר איז נישט גוט!”... און אײדער דער זוהן האָט צייט געהאַט, אים אַוועקצוזעצן אין זייך שטול, איז ער געווען טויט...

— און איר זעט דעם העט און שטעקן? — האָט פאָרטגעזעצט די סעקרעטערשע — אַט אַזוי ווי דער פאָטער האָט אין יענעם טאָג פון זיין טויט מיט זיינע אייגענע הענט געגעבן אַ לייג אַוועק זיין העט און שטעקן, פּונקט אַזוי אויפ׳ן זעלבן אָרט איז דאָס געבליבן. דער זוהן לאָזט עס נישט אַ ריר טאָן פונ׳ם אָרט!... יעדעס מאָל, אַז מען שטויבט אָפּ דאָס צימער אָדער עס דאַרף אימיצער צו דער סעיף אָדער צו די ביכער, זיינען אַלע זעהר פאָרזיכטיג, ווייל מיר ווייסן, אַז מיר טאָרן נישט אַ ריר טאָן פון פּלאַץ דעם העט און שטעקן!...

די סעקרעטערשע איז אַוועק ענפערן דעם טעלעפאָן, וועלכער האָט דורך דער צייט גענומען קלינגען, און לינע האָט קוקנדיג אויפ׳ן „העט און שטעקן” געטראַכט, אַז ווען אין אַזאַ גאַס און אין אַזאַ בילדינג פון גרויס ביזנעס קען זיך געפינען אַזאַ זוהן, וואָס זאָל אַזוי שיין געדענקען זיין טאַט׳ן, אַזאַ לאַיער איז ווערט איר קעיס — און זי האָט טאַקע באַלד ווי דער לאַיער איז נאָר אַריין אין אָפיס, אים איבערגעגעבן די קעיס...

און דער לאַיער האָט, אויסהערנדיג און פאַרצייכנדיג לינע׳ס קעיס, ווייטער געקוקט אויפ׳ן טאַטן׳ס העט און שטעקן...

# סאָניע, די מאַמע פון גראָדנע



## אַ טיפּ פון דער אַלטער היים

ווען עס זעט מיין בליק און עס הערט מיין אויער די אַלע ידיעות וועגן אונזער חרוב־געוואָרענער אַלטער היים, שוועבט אויף אין זכרון די שטאָדט  ג ר אָ ד נ ע,  וואו איך האָב פאַרבראַכט עטליכע פון מיינע קינדער־יאָרן.

עס ציט זיך מיין געדעכעניש און עס שטעלט זיך אָפּ אין דער גראָדנער פאָרשטאָט ביים ברעג פונ׳ם ניעמאַן, אַרויף־אַרויף באַרג צו, אויף אַן ערשטער עטאַזשיקער סאַלקע, וועמעס פענסטער עס קוקט אַרויס צום ניעמאַן און זעט, ווי עס גייען פאַראַכאַדן, שווימען פּליטן האָלץ. צווישן די פּליטן האָלץ באָדן זיך פאַרשייטע אינגלעך און מיידלעך, וואָס פילע פון זיי פלייסן זיך אַריבערצושווימען צו דער צווייטער זייט ניעמאַן, צו דער פּאָדאָליער גאַס. און ווען עס קומט ווינטער, מאַכט דער גלאַנציקער ניעמאַן פון זיך אַ גליטש און לאָזט דיזעלבע אינגלעך און מיידלעך זיך פריילעך אַרומגליטשן אויף זיין פאַרפרוירענעם דעק.

דאָס אַלעס ווייזט דאָס פענסטערל אויף דער פאָרשטעטער סאַלקע. אינעווייניק הינטער׳ן פענסטערל איז אַ קליין אויפגערוימט שטיבל, וועמעס ווענט עס זיינען אויסגעקאַלעכט אויף ווייס און די ברעטלעך פון דער פּאָדלאָגע גלאַנצן פון ריינקייט.

נעבן פענסטערל שטייט אַ קליינער טיש. נאָר ווען עס קומען אַן הונגעריקע עסערס, ציט זיך אויס דער טיש פון אַלע זייטן און

ווערט משונה׳דיג גרויס. ביי בײדע זייטן טיש, ווען ער איז קליין, שטייען צוויי שטולן. ביי איין זייט וואַנט שטייט אַ סאָפּקע, וואָס טאָמער האָט אַמאָל אימיצער נישט וואו צו שלאָפֿן, איז דאָרט דער פּלאַץ. אַקעגענאיבער דער סאָפּקע ביי דער וואַנט שטייט אַ הויך־פֿאַרבעטע בעט, וואָס די בעטגעוואַנט דאַרף כסדר דינען אַרויסצוהעלפֿן דער סאָפּקע.

אויף׳ן שטול, וואָס צווישן בעט און טיש, אַרויסקוקנדיג דורך די שויבן צום ניעמאַן, זיצט ז י מיט אַ שיין פֿאַרקאַמטן פּאַרוק, אָנגעטאָן אין אַ קאַטונענער שטענדיג זעהר ריינער קלייד. איר פֿיגור, איר פּנים, איר גאַנצער אויסזען שפּיגלט אָפּ אַ מין יעקב גאָרדין׳ס „מירעלע אפרת".

אָט דאָס איז סאָניע, די מאַמע פֿון גראָדנע!

ווער איז זי געווען אָט די סאָניע פֿון גראָדנע, מיט וועמעס נאָמען מאַמעס האָבן זייערע קינדער פֿאַרוויגט? אַמאָל אין אַ נאַכט, ווען מיין מאַמע איז מיט מיר צום ערשטן מאָל געקומען צו סאָניע׳ן, זיך דאָרט צו טרעפֿן מיט מיין ברודער דעם סאָלדאַט, איז מיר אין זכרון געבליבן, ווי סאָניע האָט אַראָפּגענומען אַלע קישנס פֿון איר בעט און געמאַכט אויף דער סאָפּקע אַ געלעגער פֿאַר מיין מאַמע׳ן מיט מיר. דאַביי האָט זי כסדר געטרייסט מיין מאַמע, אַז מיין ברודער וועט זיכער מאָרגן קומען אונז זעהן.

אויף מאָרגן, ווען עס איז געקומען מיין ברודער מיט די רויטע שליפֿעס אויף די אַקסלען פֿון זיין שינעל און מיט דער גלאַנציגער קאָקאָרדע אויף זיין סאָלדאַטסקער היטל, מיט וועלכן איך האָב זיך אין קינדערשער באַגייסטערונג אַרומגעשפּילט, האָט ער עסנדיג סאָניע׳ס געשמאַקע מאכלים סודות׳דיג דער מאַמע׳ן דערציילט, אַז דאָס האָט סאָניע אונטערגעשטופּט זיין אונטעראָפֿיציר עטליכע פּעקלעך פּאַפּיראָסן, אַז יענער זאָל אים אַרויסלאָזן היינט פֿון קאַזאַרמע.

עס איז אויך אין מיין זכרון געבליבן מיין מאַמע׳ס ווערטער ווי אַ וויג־מעשה׳לע, וועלכעס איך פֿלעג אין מיין דרעמלען אָפּט הערן, אַז סאָניע לאַפּידוס איז מיינע אַ קרובה, אָבער א ל ע מ ע נ ס מ א מ ע!...

באַלד נאָך מיין מאַמע׳ס טויט איז סאָניע, די מאַמע פֿון גראָדנע, פֿאַר אַ שטיקל צייט געוואָרן אויך מיין מאַמע. זי האָט מיך צוגענומען צו זיך, געלייגט שלאָפֿן אויף דער סאָפּקע, וואָס אַקעגן איר בעט, מיך פֿאַרזאָרגט מיט עסן און אַ היים און געגעבן מיר אַן אַרבייט.

מיין אַרבייט האָט געדאַרפֿט זיין, איר אַרויסצוהעלפֿן אין פֿאַנאַנדער־טראָגן הילף צו די נויטבאַדערפֿטיגע פֿון דער גראָדנער פֿאַרשטאָדט,

יאָגט זיך אין מיין זכרון בילד נאָך בילד פון סאָניע׳ן, איר לעבן און איר אַרבייט.

אַן אלמנה איז געווען סאָניע לאַפּידוס פילע יאָרן. ווען איך האָב זי דערקענט, האָט זי שוין געהאַט צוויי פאַרהייראַטע זיהן און אַן אייניקל, אַ אינגל פון אַ יאָר זיבן, וועמען איך פלעג אַמאָל זעהן קומען צו איר צו גאַסט. איין זוהן, אַט דעם אינגל׳ס טאַטע, איז געווען אַ מייסטער ביי שערעשעווסקי׳ן אין פאַבריק. דער צווייטער זוהן איז געווען אַ סוחר ערגיץ אין אַן אַנדער שטאָדט. בײדע זײנען געווען פאַר־מעגליכע, אָבער זי האָט פון זיי גאָר נישט געוואָלט נעמען. ווען זי פלעגט אַמאָל גיין צו זיי צו גאַסט פלעגט זי מיך אַרויסשיקן קויפן אַ גרויסע ברעטל שאָקאָלאַד פאַר איר אייניקל.

דערנערט האָט זיך סאָניע לאַפּידוס פון דעם, וואָס זי פלעגט קויפן ביי שערעשעווסקי׳ן אין פאַבריק פּאַפּיראָסן און אין אַ קאָשיקל אויף איר אָרעם אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג איבער די קראָמען, דאָס צו פאַרקויפן — און פון די דאָזיגע פאַרדינסטן האָט סאָניע דערנערט זיך און פילע אַנדערע.

דערהויפּט פלעגט זי שטענדיג זעהן צו האָבן אַ מאָלצייט פאַר אַ אידישן סאָלדאַט. איר היים איז אויך געווען דער אַדרעס און אכסניא פאַר די מאַמעס, ווייבער און כלות פון די אידישע סאָלדאַטן, צו שרייבן זייערע בריף און צו קומען זיך מיט זיי זעהן. און טאָמער האָט אַמאָל אַ סאָלדאַט, וועלכער איז געקומען צו איר ווי צו זיך אַהיים, מיטגעבראַכט פאַר איר אַ סאָלדאַטסקן ברויטל, וועלכן זי האָט אַליין ליב געהאַט צו עסן אַ שטיקל און אויך געהאַט אַ סך הונגעריגע בעלנים פאַר דעם, און דער סאָלדאַט האָט דאָס איר געוואָלט מאַכן אַ מתנה, איז זי דורכאויס באַשטאַנען נאָר צו באַצאָלן פאַר דעם, נאָך מיט אַ צוגאָב — אַ פּעקל פּאַפּיראָסן.

סאָניע׳ס פרייטאָג־צו־נאַכטיגער טיש איז שטענדיג געווען פול מיט אידישע סאָלדאַטן און אָרימע לייט. ווען ערגיץ אין אַ בית־המדרש איז איבערגעבליבן אַן אָרימאַן אָדער אַ סאָלדאַט און דער שמש האָט געוואוסט, אַז אַלע זיינע באַלעבאַטים האָבן שוין אַן אורח אָדער צוויי, האָט ער די אַלע איבערגעבליבענע באַלד אַוועקגעשיקט צו סאָניע׳ן — און סאָניע׳ס טיש האָט זיך באַלד פאַנאַנדער־גענומען, געוואָרן נאָך און נאָך גרעסער. פון פאַרהויז האָט זי באַלד אַריינגעשלעפּט נאָך טאַבורעטקעס, אַמאָל אויך אַ לאַנגע באַנק — און אַז עס פלעגן אַמאָל אָנקומען אַזוי פיל אורחים, וואָס עס פלעגט אַזש נישט סטאַיען קיין געפעס, פלעגט מיך סאָניע שיקן אַרויסנעמען פון קעמערל אַ פּאָר פסח׳דיגע טעלער און לעפל.

יעדער אורח האָט באַלד באַקומען צוויי חלה׳לעך צו מאַכן קידוש. די געפּרעגלטע קליינע פישעלעך, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר שלש־סעודות, זיינען באַלד צוטיילט געוואָרן צווישן די נייע אורחים, מור־מעלנדיג דאָביי צו מיר, אַז מען וועט שוין דאַרפן אויסזוכן עפּיס אַנדערש פאַר שלש־סעודות.

שטענדיג פלעגט סאָניע אויף פרייטאָג צו נאַכט קאָכן געדיכטע רייז מיט בעבעלעך, און ווען עס פלעגן אָנקומען נאָך און נאָך אורחים, פלעגט זי פאַר יעדן אריינלייגן נאָך אַ לעפל הינערשע שמאַלץ אין טעלער, אַרויסנעמען פון טעפּיל אַ פּאָר לעפל געדיכטע רייז מיט בעבעלעך. דאָס איבריגע האָט שוין געטאָן דער טשייניק געקאָכטע וואַסער און קיין אורח איז פון סאָניע׳ן נישט אַוועקגעגאַנגען אַ הונגע־ריגער.

סאָניע האָט זיך אויך נישט באַנוגענט בלויז מיט שבת׳דיגע אורחים און אפילו אויך נישט מיט דעם, וואָס יעדער אידישער סאָלדאַט פלעגט גייענדיג פון קאַזאַרמע און צו דער קאַזאַרמע זיך אַריינכאַפּן צו איר אויף אַ מאָלצייט. נור זי האָט אויך אָפט געהאַט אויף קעסט אַ פּאָר ישיבה־בחורים, ווען עס האָט זיי אויסגעפעלט אַ טאָג צו דער וואָך. חוץ דעם פלעגט צו איר יאָרן־לאַנג קומען עסן אַן אָרימער „פרוש", וואָס האָט נישט געטרויט די כשר׳קייט צו קיין באַלעבאָסטע חוץ סאָניע. אַט די אַלע געסט, וואָס האָבן געגעסן ביי איר טיש, האָט סאָניע מפרנס געווען פון אירע אייגענע פּאַפּיראָסן־פאַרדינסטן.

עס פלעגן אָבער אויך צו איר קומען אַלע היימישע אָרימע לייט פון פאָרשטאָט, באַהאַלטענע און נישט־באַהאַלטענע. זיי פלעגן קומען מיט טענות, פאַר־וואָס זי פאַרזאָרגט אַלע דורכוואַנדערנדע אָרימע לייט, און ווער זאָל זיי פאַרזאָרגן? זיי, די היגע אָרימע לייט?

פלעגט דערפאַר סאָניע די גאַנצע וואָך זעהר פרי אַרויסגיין מיט אירע קאָשיקלעך פּאַפּיראָסן, כדי דעם דאָנערשטאָג און פרייטאָג איבערצולאָזן אין גאַנצן פאַר די אביונים די היימישע און נישט־היימישע. דאָנערשטאָג גאַנץ פרי פלעגט זי שוין אויסליידיגן אירע פּאַפּיראָסן און זיך אַוועקלאָזן מיט די ליידיגע קאָשיקעס איבער דער שטאָדט.

גראָדנער בעקערס, קצבים, פיש־הענדלערס און אַלערליי אַנדערע קרעמער האָבן שוין געוואוסט, אַז סאָניע קומט, איז שוין היינט דאָנערש־טאָג און מען פלעגט איר אָנפּאַנגען געבן סחורה פון די בעסטע, ווייל אַבי־וועלכע האָט סאָניע נישט גענומען. מיינע קבצנים, האָט סאָניע געזאָגט, האָבן נישט קיין געלד פאַר דאָקטוירים!...

דאָנערשטאָג שפּעט ביי נאַכט פלעגט זיך שוין סאָניע אַרויפ־

שלעפּן אויף איר סאלקע מיט צוויי אָנגעפּילטע קאָשיקעס פון אַלדאָס גוטס: ברויט, פליש, פיש, חלה, צוקער, ליכט און אַזוי ווייטער. פרייטאָג גאַנץ פרי פלעגן שוין אָנפאַנגען די אָרימע לייט פון שטאָדט קומען נאָך זייער חלק אויף שבת. צו פילע פון זיי, געבנדיג די פּעקלעך, פלעגט נאָך סאָניע צולייגן עטליכע גראָשן פון איר טייסטער.

אין צווישענצייט פון טיילן, פלעגט זי נאָך אַריינכאַפּן אָפּצוקאָכן עטליכע טעפּלעך פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געקענט אַליין קומען צו איר. דאָס זיינען מערסטנס געוועזן קימפּעטאָרינס, קאַליקעס און קראַנקע — און דאָס איז שוין געווען מיין אַרבייט. אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס די הייסע טעפּלעך, פלעגט מיך סאָניע מיט דעם אַרומשיקן פון איין אָרימער היים צו דער צווייטער.

סאָניע אַליין פלעגט זיך ערשט דאַן אוועקשטעלן קאָכן פאַר זעקס־זיבן ערוואַרטעטע סאָלדאַטן און אורחים און פאַר זעקס־זיבן אומדערוואַרטעטע.

מעהר פון אַלע סאָניע׳ס האַנדלונגען און פּאַסירונגען ביי איר זיינען אין מיין זכרון געבליבן איינגעקריצט צוויי מאָמענטן. איינס האָט פּאַסירט אין אַן ערב פּסח און די צווייטע אין אַן ערב ראש־השנה.

אין יענעם ערב־פּסח האָט סאָניע ווי אַלע מאָל דאָס ערשטע איינגעאָרדנט דעם פּסח פאַר יעדן אָרימאַן פון פאַרשטאָדט און דאַן זיך גענומען צו דער שווערער צוגרייטונג פון אירע אייגענע סדרים. אויף צעהן אורחים האָט זי זיך גערינכט, אָבער ווער קען וויסן, אפשר וועט איבערבלייבן אַ סאָלדאַט אָדער אַ פרעמדער אָרימאַן ערגיץ אין אַ בית־המדרש? — האָט זי דערפאַר אָנגעגרייט נאָך אַ פיר־פינף פּסח׳דיגע טעלער און לעפל.

אין מיטן פון איר וואַשן, שייערן און מאַכן אַלעס פּסח׳דיג, איז אויף סאָניע׳ס טרעפּ ארויפגעקראָכן אַ פרוי, האַלטנדיג אַ קינד אויף דער האַנט און אַנדערע דריי קינדער האָבן זיך איר נאָכגעשלעפּט. מיט אַ געוויין איז די פרוי באַפאַלן סאָניע׳ן, פאַר־וואָס זי האָט אַן איר פאַרגעסן און איר איבערגעלאָזט אַ ליידיגע שטוב, אָן אַ ברעקל מצה אויף פּסח.

סאָניע האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי זי האָט געקענט אימיצן פאַרזעהן אָדער פאַרגעסן, ווייל זי האָט גוט געהאַט יעדן אָרימאַן אויף איר אויג, געוואוסט, אין וואָס יעדער איינער נויטיגט זיך.

די פרוי האָט אָבער באַלד דערקלערט סאָניע׳ן, אַז זי איז אַ נייע אין שטאָדט און גוטע מענשן האָבן דאָס זי געשיקט צו סאָניע׳ן. זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען, אַז זי וויל כאָטש מצה אין שטוב. סאָניע

האָט איר דאַן אָנגעלייגט אַ פאַרטוך מיט פרוכט און מיט אייער, זאָגנדיג: „גייט דערווייל אַהיים און קומט שפּעטער, אָדער שיקט צו אָט דעם אינגל אייערן!"

— וואָס וועט זיין וועגן מצות? — האָט די פרוי אָװעקגייענדיג געהאַלטן אין איין טענה'ן.

— קומט שפּעטער, שפּעטער! — האָט זי סאָניע געטרייסט.

די פרוי איז אַוועק און סאָניע איז אויך אויף שנעל אַוועק. אַ ביסל שפּעטער איז סאָניע אַהיימגעקומען, אַוועקגעלייגט אַ פּעקל מיט פיש און מיר אָנגעזאָגט, אַז ווען יענע פרוי אָדער איר אינגל וועט קומען, זאָל איך דאָס זיי געבן.

אַליין איז סאָניע ווידער אַוועק. דאָס אינגל איז שפּעטער געקומען, האָב איך איהם אַוועקגעגעבן די פיש. שפּעט אין אָוונד איז די פרוי ווידער געקומען און גע'טענה'ט וויינענדיג: „וואָס טויג מיר אייער מיט פיש, אַז איך האָב נישט קיין מצות?"

— נאָט, נעמט צו דאָס פלייש און וויינט נישט! — האָט סאָניע געזאָגט, געבנדיג איר ווייטער אַ פּעקל — און קומט מאָרגן פרי ווידער!

אויף מאָרגן פרי האָט סאָניע פון ערגיץ געבראַכט אַ פלאַש וויין און אַ טאָרבעטשקע ניס און האָט עס מיר געגעבן, אַוועקצוטראָגן צו יענער וויינענדיגער פרוי.

דאָ האָב איך שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און האָב סאָניע'ן געפרעגט:

— וואָס טויג דער פרוי וויין מיט ניס, אז זי האָט נאָך אַלץ נישט קיין מצה?

— פאַרשטייסטו, קינד! — האָט מיר סאָניע גענומען דער־קלערן — פיש, פלייש, אייער, וויין, פאַר אָט די זאַכן וועט די באַלע־באַטים נישט הארן, אַז אַן אָרימאַן וועט דאָס נישט האָבן. אָבער אַן מצה אויף פסח וועט מען אַ אידן נישט לאָזן בלייבן!... נו גיי, טראָג אַוועק דעם וויין מיט די ניס און הייס איר אינגל קומען מיט אַ זעקל, וועל איך מיט אים אַריינגיין צו עטליכע באַלעבאַטים און מיר וועלן שוין קריגן מצות!

די צווייטע פּאַסירונג איז געווען אין אַן ערב ראש־השנה. סאָניע איז ווי געוויינלי‏ך געווען אַזוי פאַרנומען מיט'ן פאַרזאָרגן גראָדנע'ר אָרימע לייט מיט'ן יום־טוב, מיט עסן און מיט קליידער, מיט כסדר'־דיגן ברענגען און געבן, אַז זי האָט געבנדיג אויך אַוועקגעגעבן איר אייגענע יום־טוב־קלייד. שפּעטער האָט זי זיך ערשט געכאַפּט, אַז זי האָט נישט יום־טוב אין וואָס צו גיין אין שול. צו וועלכער שניידערקע

זי איז געקומען זיך בעטן, מען זאָל איר אויפנייען אַ קלייד אויף יום־טוב, האָט דאָס יענע ביי איר בעטסן ווילן בשום אופן נישט געקענט טאָן. צוליב דעם, וואָס יעדע פון זיי איז געווען פאַרוואָרפן מיט פריערדיקער אַרבייט.

סאָניע האָט שוין נעביך אויפגעגעבן איר האָפנונג פאַר אַ יום־טוב־קלייד און באַשלאָסן, אַז זי וועט אויסוואַשן איר וואָכעדיגע קלייד און אין דעם גיין אין שול אַריין.

אין סאָניע'ס גוטע אויגן איז געלעגן אַזאַ גרויסער אומעט, וואָס זי וועט נעביך דאַרפן טראָגן איר אַלטע קלייד יום־טוב אין שול, אַז מיין האַרץ איז מיר פאַרקלעמט געוואָרן פון רחמנות.

בין איך דאַן געפאַלן אויף אַ פּלאַן. איך האָב זיך דעמאָלט געלערנט נייען ביי אַ שניידערקע. צום סוף פונ'ם יאָר האָב איך געדאַרפט באַקומען דריי רובל געהאַלט. האָב איך געבעטן מיין שניידערקע־באַלעבאָסטע, אַז אפשר קען זי מיר געבן מיין געהאַלט אַ ביסל פריער און האָב איר מיט טרערן אין די אויגן דערציילט, אויף וואָס איך דאַרף דאָס.

די שניידערקע האָט רחמנות געהאַט און איז אַליין געגאַנגען מיט מיר קויפן די סחורה. שטילערהייד האָב איך אַרויסגענומען פון סאָניע'ס אַלמער אַן אַלטע קלייד. האָט די שניידערקע נאָך דעם צו־געשניטן און מיך געלערנט, ווי אַזוי דאָס אַליין אויפצונייען. און אַ פאַר שעה איידער סאָניע האָט געדאַרפט גיין אין שול, האָב איך איר געבראַכט דאָס נייע קלייד.

קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן סאָניע'ס גליק און צופרידנ־הייט פון יענער קלייד. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז די אידן אין שול האָבן געדאַוונט מיט מעהר כוונה, דער חזן מיט די משוררים האָבן געזונגען שענער, אַלץ צוליב איר גלאַנציג האַלב־זיידן קלייד, וואָס אַ קליין מיידעלע האָט פאַר איר אויפגענייט.

זי האָט דעמאָלט נישט געוואוסט אײנפאַך, וואָס צו טאָן מיט מיר. חוץ דעם, וואָס זי האָט באַלד אַפּגעקויפט סחורה אויף צוויי קליידלעך פאַר מיר, האָט זי כסדר געוויזן יעדען וואָס אַ צוועלף־יעריגע מויד האָט אויפגעטאָן. האָט דאָס אַליין אויפגענייט — האָט זי אַלעמען דערציילט — און איבערהויפט געוואָלט דאָס איר מאַכן אַ מתנה, געהאַט איר אין זינען, האָט זי כסדר איבערגערעדט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

סאָניע איז קיינמאָל נישט געווען געוואוינט עפּעס צו קריגן, נאָר שטענדיג צו געבן און געבן!...

# זונטאָג נאָך דער חתונה



## אַ פּאָרטרעט

„מזל־טוב, מזל־טוב, חתן!״ — הערט משה רופן פון אַלע זייטן און פילט דאַביי אַלע ווײַלע אַן אַנדערן קוש.

אָט דערפילט ער אַ נאַסקייט אויף זיין מאָרדע פונקט אין מיטן פון דער „חן־גריבעלע״. דער קוש קומט פון אַ בידריגן מחותן, וואָס האָט צום חתן׳ס הויך נישט געקענט דערלאַנגען. באַלד נאָכדעם קלינגט שוין אַ קוש אויף׳ן חתן׳ס שטערן, און ביז משה קען זיך דערמאָנען, ווער עס איז דער הויכער מחותן, דערפילט ער שוין, ווי זיין יונג זאַפטיג מויל ווערט איינגעקלאַמערט אין אַ פּאָר האַרטע ליפּן, אויסגעקרימטע פון שטענדיגן וויינען אויף אַלע שמחות.

די וויינענדיגע קרומע ליפּן קושן קרום אויף אַ זייט, אַז עס פּאַר־שלעפּט שיר נישט משה׳ס מויל ביז צו זיין רעכטן אויער — און ביז ער אוספּעיעט צוריק אויסצוגלייכן זיין מויל, בלאָנדזשעט שוין אויף זיין פּנים אַן אַנדער פּאָר ליפּן, צוזאַמענגעמישט מיט האָר פון אַ געדיכטער באָרד.

משה, פאַרלוירן אונטער דער געדיכטער באָרד, וויל שוין מיט כעס אַ געשריי טאָן: „מאַ!״, ווי עס איז אַלע־מאָל זיין געוואוינהייט, צו האָבן פּאָר אַלעס טענות צו דער מאַמע, ווײַל ער ווייסט, אַז ווען ער גיט מיט זיין באַסאָווע קול אַ געשריי „מאַ!״, לאָזט די מאַמע איבער אַלע אירע אַרבייטן און זי קומט גלייך צו לויפן צו אים. און מורמלנדיג כלומרשט מיט כעס: „האָסט שוין אַרויסגעלאָזן דיין קול׳כל, זוהבעלע!״ — דערלאַנגט זי אים אויף שנעל דאָס עסן, מאַכט גוט זיין געלעגער, אָדער זי שרייט אויף די קלענערע קינדער, זיי זאָלן אים פאָלגן, ווײַל ער איז דער עלטסטער...

נישט־קענענדיק זיך איצט אַזוי שנעל אַרויספּלאָנטערן פון דעם אומבאַקאַנטן מחותנ׳ס באָרד, ווייל שוין משה עפענען דאָס מויל און אַרויסלאָזן דעם אַלט־באַקאַנטן געשריי „מאַ!״... ווען זיינע בליקן דערזען אָבער די שיינענדע טאַטע־מאַמע מיט די פאַרפּוצטע שוועסטער־לעך און ברידערלעך, דערמאָנט דאָס אים גלייך, אַז דאָס זיינען אַלע היינט אַזוי שיינענדיק פאַרפּוצט טאַקי צוליב אים, ווייל ער איז דאָך טאַקי דער אמת׳ר מחותן אויף דער היינטיקער חתונה און ער שטעלט זיך גלייך פאָר, אַז ווען ער שרייט אויס „מאַ!״ ווי די מאַמע וואָלט באַלד צו אים צוריקגעשריען: „משוגע׳נער! וואָס שרייסטו מאַ? פאַר דעם האָסטו אויך צו מיר טענות? דאָס בין איך אויך שולדיק? וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל זיין דער חתן פאַר דיר?״ און זי וועט זיך נאָך דאַביי האַרציק צולאַכן. דאָסזעלבע וועט אויך טאָן דער טאַטע מיט די שוועסטערלעך און ברידערלעך, אַלע וועלן פון אים לאַכן.

פאַרשעמט זיך משה פאַר זיך אַליין, וואָס ער האָט זיך שיר ווי אַ קליין קינד צושריען „מאַ!״ און נאָך דאָ אין מיטן זאַל, וואו מען טאַנצט און עס איז איצט אַ חתונה, אַזאַ פריילירבע, אַזאַ שיינע, כמעט אַ שענערע פון אַלע חתונות, וואָס ער האָט ווען עס איז געזען...

און משה האָט זיך טאַקי שוין אָנגעזען מיט אַ סך חתונות אין זיין יונגן לעבן, ווייל ער מיט עטליכע פון זיינע חברים האָבן אָפּט ליב געהאַט צו גיין צו פרעמדע חתונות. דאָס איז פאַר זיי געווען אַ מין „שפּיל״. דער חתן האָט געמיינט, אַז מען איז פון כלה׳ס צד, די כלה האָט געמיינט, אַז מען איז פון חתנ׳ס צד — און חברה שטיפערס פלעגן דערווייל אָפּעסן אַ גוטן חתונה־סאָפּער, אָנקוקן די כלה, אויב זי איז געווען אַ שיינע, און זיך אָנטאַנצן מיט די שענסטע מיידלעך, וואָס מען האָט דאָרט נאָר געקענט געפינען.

אַליין פאַרמאָגנדיק אַ העלדישע פיגור, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, אַ שיין, טונקל־מאַטאָווע פנים, זאַפטיק שמייכלענדע ליפּן און גרויסע שוואַרצע כמעט קינדערשע אויגן, האָט משה געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַן אינדישער פּרינץ — און מיט אַזאַ אויסזעהן איז משה׳ן נישט שווער געווען, צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט יעדער מיידל, וואָס איז אים נאָר געפעלן.

זיך אָפּגעאַמוזירט אַן אָוונט, פלעגט דער „אינדישער פּרינץ״ זיך גלייך לאָזן אַהיים צום טאַטע׳ן אין דער „קליינינג־סטאָרקע״, מיט די פיר רומקעס אין די בעק פון דער סטאָר. ער פלעגט דאַן שפּאַנען מיט שנעלע טריט, כדי וואָס גיכער צו דערציילן פון די שפּאַסן, וואָס ער מיט זיינע חברים האָבן געהאַט אויף די פרעמדע חתונות, וויפיל מאָל חברה האָבן געקושט די כלה, ווי דער חתן האָט נישט געקענט צוברעכן

דאָס גלעזל אונטער דער חופּה, און נאָך און נאָך — און ער פלעגט מיט זיינע מעשיות אַריינברענגען אַ ביסל פריילעכקייט אין שטוב.

ביים עפענען די טיר פון זיין היים, פלעגט משה אַ טאָפּ טאָן זיינע קעשענעס און שמייכלענדיג טראַכטן: „זיי וועלן שוין ביי מיר פאַלגן אַ גאַנצע וואָך, די כאַליאַסטרע!״... מיט׳ן וואָרט „כאַליאַסטרע״ פלעגט ער מיינען זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וויל כאָטש משה איז צו זיין חתונה אַלט געווען נישט מעהר ווי 22 יאָר, האָט זיך נאָך אים געצויגן אַ קייט פון פינף ברידערלעך און פינף שוועסטערלעך.

מיכלע, משה׳ס פאַרהאָרעוועטע מאַמע, פלעגט זאָגן, אַז די איינ־ציגע צייט, ווען זי האָט וועקיישאַן און רוט זיך אָפּ, איז נאָר ווען זי ליגט אין קינפּעט. און אַזוי ווי זיין מאַמע איז געווען אַן אויסגעהאָרע־ווּעטע, אַן אויסגעמאַטערטע און האָט זיך אָפּט גענויטיגט אין אַ וועקיי־שאַן, האָט משה כמעט צו זיין יעדן געבורטסטאָג געקראָגן אַ ניי ברודער׳ל אָדער אַ שוועסטערל.

ווען משה פלעגט אַהיימקומען פון אַ פרעמדער חתונה, האָט ער שטענדיג געטראָפן זיין טאַטע׳ן נאָך שטיין ביים פּרעסאייזן און די מאַמע זיצן נעבן טאַטע׳ן און אים אַרויסהעלפן צונייען דאָ און דאָרט אַ קנעפּיל אָדער פאַרריכטן אַ קעשענע אין אַ קאָסטימער׳ס קליידער.

אַזוי ווי משה פלעגט גיין צו חתונות נאָר אין אַ שבת נאַכט און די קלענערע קינדער וויסנדיג, אַז מאָרגן איז נישטאָ קיין סקול, האָבן זיי שוין נישט געקענט איינשלאָפן, נאָר פלעגן ליגן אויף זייערע געלעגערס מיט אָפענע אויגלעך און וואַרטן אויף משה׳ס אַהיימקומען מיט קענדי אין זיינע קעשענעס.

די מאַמע, טיילענדיג די קענדי צו די פאַרשלאָפענע קינדער, האָט שמייכלענדיג גע׳טענה׳ט צו משה׳ן: „וואָלסט שוין אין איינוועגס געמעגט ברענגען אַ שטיקל לעקעך אויך פון דיינע פרעמדע חתונות!״

— קעיק, מיינסטו? — פלעגט משה ענפערן לאַכנדיג — ניין, קעיק וועל איך נישט ברענגען, וויל קעיק באַקסטו בעסערע!...

און זיך אויסטועענדיג צום שלאָפן, האָט ער פאַרטגעזעצט:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דו באַקסט די בעסטע קעיקס און קאָכסט די בעסטע פיש פון אַלע חתונה־קעכינס!...

ביי אָט די ווערטער פלעגט ער שוין אַריינקריכן אין בעט צו די צוויי ברידערלעך, מיט וועלכע ער איז געשלאָפן.

— הערסט, בערל־איטשע?! — פלעגט די מאַמע מיט גאוה אַרויסריידן צום מאַן — דער זוהן דיינער מאַכט מיר שוין קאָמפּלימענטן, אַז איך באַק די בעסטע קעיק. דאָס וויל ער שוין, איך זאָל אים באַקן קעיק... דער „גנב״!...

— פיש אויך! — האָט משה אַרויסגעגעניצט פון אונטער דער קאָלדרע און פאַרענדיקט דעם געניץ מיט אַ „דעק מיך אײַן, מאַ!“

גוט אַרומציִענדיק די קאָלדרע אַרום משה׳ס האַלז און אונטער זײַנע פיס, פלעגט די מאַמע אַ קווּלענדיקע אַ זאָג טאָן:

— נישקשה, די חתונה־קעכינס קענען נאָך אויך אָפּבאַקן אַ שטיקל קעיק און מעגסט טאַקע אַמאָל ברענגען אַ שטיקל קעיק צו פאַרזוכן פון דײַנע חתונות. מעגסט!

— דו חכמה, הייס אים נאָר קיין זאַך נישט ברענגען פון פרעמדע חתונות! — פלעגט אַרײַנשרײַען דער טאַטע און באַלד צוגעבן:
— איך וועל קווּעלן, אַז מען וועט נאָך אַמאָל כאַפּן פאַר די קאָלנערס די גאַנצע באַנדע פרעמדע מחותנים און זיי אַרויסשליידערן פון דער האַל!...

— אַהאַ, דער טאַטע דײַנער ציטערט שוין! — פלעגט זיך די מאַמע צולאַכן.

— און וואָס קווּעלסטו? — האָט זיך שוין דער טאַטע אין אַזאַ מאָמענט צו׳טענה׳ט — דו וואָלסט געוואָלט, אַז פרעמדע טײַוואָלים זאָלן קומען צו דײַנס אַ קינד׳ס חתונה און אָנשטאָפּן די קעשענעס מיט קענדי?...

— אײַ, הלוואי דערלעב איך שוין אימיצן׳ס אַ חתונה! — האָט מיכלע אַ שײַנענדיקע געבומען קוקן צו די אָנגעפּיקעוועטע געלעגערס מיט די צוזאַמענגעפּלאָכטענע קעפּלעך און פיסלעך, וואָס צוליב דער ענגשאַפט שלאָפן זיי צו־קאָפּנס און צו־פיסנס — און פון וואַנען עס האָט זיך טאַקע באַלד דערהערט די באַקאַנטע געשרײַען: „גיב מיר אויך אַ שטיקל קווּלט! נעם אַוועק דײַן האַנט! רוק אָפּ דײַן פוס! מאַ, ער שלאָגט! מאַ, זי שלאָגט, אָוטש, קיק נישט מיט די פיס!“...

נישט צו הערן די געוואַלדן, קלאַפּט דער טאַטע אַלץ שטאַרקער מיט׳ן פרעסאײַזן, האָפנדיק, אַז דאָס שטאַרקע דריקן מיט׳ן אײַזען וועט אַמאָל ברענגען נאָך אַ צימער און נאָך אַ בעט, די קינדער זאָלן נישט דאַרפן מעהר שלאָפן צו צוויי און צו דריי אין איין בעט.

דריקט ער דאָס פרעסאײַזן מיט׳ן גאַנצן כח, נאָך אַ דריק, נאָך אַ וויש דעם שווייס — און נאָך אַ האָפנונג... און די מאַמע פאַדעט אַרום פון בעט צו בעט און פון געלעגער צו געלעגער, ציט אַרויף די קאָל־דרעס, קלאַפּט אויף די קישנס, קושט די קלענערע און טענה׳ט צו די עלטערע: „עליא, רייטשל, שלאָגט זיך נישט, זאָג איך, שלאָגט נישט, איר וועט חתונה האָבן, וועט איר שלאָגן אײַערע אייגענע קינדער! מײַנע שלאָגט נישט!“

— אוטש, מאַ! — דערהערט מיכלע אַ שטאַרקן געשריי, באַגלייט פון אַ געוויין, וועלכעס טראָגט זיך פון משה׳ס בעט.

— וואָס איז, יודי? — לויפט שוין צו די מאַמע.

— משה שלאָגט! — כליפּעט יודי.

— פאַר־וואָס שלאָגסטו דאָס קינד? געוואַלדעוועט די מאַמע, טרייסלענדיג דעם פאַרשלאָפענעם משה׳ס אַקסל.

— ער שטופט זיינע שמוציגע פיס אין מיין מויל! — ברומט דער שלעפעריגער משה.

— זיינע פיסלעך זיינען ריינער פון דיר! — בעט זיך די מאַמע — איך האָב אים ערשט נעכטן געמאַכט אַ באָד!

— דו נעם אים בעסער אַוועק, ווייל איך וועל אים אויסדרייען אַ פוס! — געוואַלדעוועט משה.

— משוגע׳נער, וואָס שרייסטו, וואו זאָל איך אים נעמען? — בעט זיך די מאַמע.

— איי דאָנט קער! וואַרף אים אַרויס! ער מאַכט מיר ענג דאָס גאַנצע בעט! — ברומט משה, אַרויפציענדיג די קאָלדרע איבער׳ן קאָפּ.

— דו ווילסט גרעמקייט! — בייזערט זיך די מאַמע — טאָ האָב חתונה, וועסטו שלאָפן אַליין אין אַ בעט!...

— אָט האָסטו אַ חכמה, אַז ער וועט חתונה האָבן, וועט ער שלאָפן אַליין? — ברומט פונם סטאָר דער טאַטע, דריקנדיג אַלץ שטאַרקער דאָס פּרעסאייזן.

און נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע און נישט משה אַליין האָבן זיך געריכט, אַז דער מאַמע׳ס ווייטער וואונש וועט אַזוי שנעל מקוים ווערן.

משה׳ס שיינער פּנים און העלדישע פיגור האָט שנעל פאַרכאַפּט דאַרע׳ס אויג און דאָס אויג האָט באַלד דערציילט דעם סוד צום האַרץ — און דאָס האַרץ האָט שוין דאַרע׳ן נישט צו־רו געלאָזט. עס האָט אַזוי לאַנג גענאַגט און געבענקט, ביז עס האָט אַנגעקלאַפּט אין דעם טירל פון משה׳ס האַרץ. דאַרע׳ס שיינע גוטע אויגן האָבן זיך שנעל און טיף איינגעוואָרצלט און משה׳ס נשמה. און אַזוי ווי טאַנצן אויף חתונות, האָט משה שטאַרק ליב געהאַט, איז ער באַלד געוואָרן אַ חתן.

שטייט איצט משה דער „עקספּיריענסד חתונה־גייער” אויף זיין אייגענער חתונה אַ צוטומלטער, זיינע בליקן בלאָנקען אַרום איבער׳ן הונדערט־קעפּיגן עולם, צו דערזעהן זיין מאַמע׳ן, זיין טאַטע׳ן, ברידער־לעך, שוועסטערלעך, אימיצן פון זיינע אמת׳ע נאָנטע, היינטער וועמען ער וויל זיך ווי אויסבאַהאַלטן, אַז די אַלע פרעמדע מענשן דאָ זאָלן אים כאַטש נישט עפּעס אָפּטאָן...

ענדליך קומט דער זייגער און ראַטעוועט אַרויס משה'ן פון זיין פאַרפּלאָנטערטער לאַגע. עס דערזעהן זיך די וויזערס, וועלכע דערמאָנען געסט און מחותנים, אַז צו ענדע איז דער יום־טוב. נאָך אַ סך „גוט־נאַכטן" און נייע צוקושעניש בלייבן ענדליך נאָר די נאָנטסטע: טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און חתן־כלה.

— משה, נעם אויף דער האַנט פּעשעלע'ן, זי שלאָפט איין! — האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן צום עלטסטן זוהן, ווי עס איז שטענדיג געווען איר געוואוינהייט, דאָס צו זאָגן, ווען די גאַנצע משפחה אין געווען ערגיץ אויף אַ „פּאַרטי".

דער חתן האָט גלייך געפאָלגט, אַ נעם געטאָן די דריי־יעריגע שלאָפעדיגע שוועסטער'ל אויף דער האַנט און גענומען באַקוועם מאַכן איר קעפּיל אויף זיין שולטער, ווען ער האָט פּלוצים דערהערט די ווערטער: „וואָס טוסטו, משה? האָסט פאַרגעסן, וואו דו דאַרפסט גיין?" — און דאַביי האָט ער אויף זיין אָרעם דערפילט זיין כלה'ס האַנט, וועלכע האָט אים דערמאָנט, אַז ער גייט נישט צוריק אַהיים מיט זיין טאַטע־מאַמע, שוועסטערלעך, ברידערלעך, אַז אַלע גיין אַוועק צוזאַמען, נאָר אים איינעם לאָזט מען איבער.

מיט פאַרשעמטע, צושראָקענע אויגן האָט ער געקוקט פון איינעם צום צווייטן, ווי ער וואָלט זיך ביי יעדן געבעטן: „לאָזט מיך נישט איבער, איך בין דאָך אייערער, איר זענט דאָך מיינע!"

דער מיטלסטער ברודער, שלמה, האָט אַוועקגענומען דאָס שוועס־טער'ל פון משה'ס אָרעמס. דערזען משה'ס אָרעמס פריי, האָט זיך צו אים צוגערוקט זיין מיטשלאָפער, דער פינף־יאָריגער ברודער יודי און האָט רייבנדיג די אויגלעך זיך געבעטן: „טעיק מי האָום, משה, איך וויל שלאָפן!"

— קום יודי, איך וועל דיך נעמען! — האָט זיך אַריינגעמישט דער אינגערער ברודער עליע, און נעמענדיג יודי'ן ביים הענטל, האָט ער פאַרטגעזעצט: — „משה גייט נישט מיט אונז אַהיים!"

— וואו גייט משה? איך וויל אויך גיין מיט אים! — האָט אויסגעשריגן דער ניין־יאָריגער ברודער לייזער.

— איך אויך! — האָט זיך צו אים צוגערוקט דער זיבן־יערי־גער ברודער רובי.

— קומט אַהער, קינדער! — האָט ענדליך די מאַמע אַרויס־געפּלאַצט, און טוליענדיג לייזער'לען און רובי'ן צו זיך, האָט זי שטיקנ־דיג די טרערן געשעפּטשעט:

— משה גייט נישט מעהר אַהיים מיט אונז, ער גייט נישט!...

— אָבער פאַר־וואָס ? — האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן די צען־יעריגע שוועסטער׳ל פריידל.

— ביקאָז הי איז מעריד ! ער האָט חתונה געהאַט, דאָופּס ! — האָט אויסגעשריען די שוועסטער פייגע.

— סאָ וואָט ? ס׳איז דאָך שוין נאָך דער חתונה, אַלע גייען דאָך שוין אַהיים ! — האָט פּרעגנדיג געקוועטשט מיט איר פּלייצע די שוועסטער לייקע.

— משה גייט נישט מעהר מיט אונז אַהיים ! — האָט אומעטיג געזאָגט די שוועסטער רייטשעל.

— אוי, משה׳לע, מיין משה׳לע ! — האָט זיך ענדליך צוכליפּעט די מאַמע און איז געפאַלן דעם חתן אויף׳ן האַלז.

דער חתן האָט אַרומגענומען די מאַמע און האָט זיך אויך שטאַרק צעוויינט. די קינדער האָבן זיך אויף זיי קוקנדיג פאַר שרעק צויאָמערט.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ יללה ? וואָס האָט מען זיך אַזוי צוכליפּעט ? — האָט זיך צושריען דער טאַטע און ווישנדיג זיינע אויגן, האָט ער פאָרטגעזעצט : — זע נאַר, ווי מען האָט זיך דאָ צוקלאָגט ! און דער חתן, דער פאַרהייראַטער מאַן מיינער, יאָמערט אויך ! וואָס איז ? ווילסט דער מאַמע׳ס פאַרטוך ? נו גוט, איך וועל זיך מיט דיר בייטן ! דו בלייב ביי מיר אין די פיר רומקעלעך, שלאָף זאַלבעדריט אין אַ בעט און איך וועל גיין מיט דאַרא׳ן צו דיר אין דיין נייעם אַפּאַרטמענט ! . . .

— קום, דאַרא, דו גייסט ? — האָט דער טאַטע אַ נעם געטאָן דער כלה׳ס אָרעם.

אַלע האָבן זיך צולאַכט פון טאַטען׳ס „חכמה״ און געווישט די לאַכעדיגע טרערן.

— נו, קום משה ! די טעקסי וואַרט אויף אונז ! קום שנעלער, פאַרגעס נישט, אַז מיר דאַרפן זיך באַלד אין דער פרי פּאַקן אויף אונזער „האָני־מון״ ! — האָט דאַרא ניי־ווייבלדיג און שעמעוודיג אַריינגע׳סוד׳עט אין משה׳ס אויער, אים אַ צי טוענדיג דאַביי צו דער טיר.

אַלע זיינען דאַן אַרויס פונ׳ם זאַל און געבליבן שטיין ביי דער טעקסי, וואו עס איז אַריין דאַרא מיט משה׳ן.

— גוד נאַיט, קינדער, מיר וועלן דאָך אייך שוין נישט זעהן ביז נאָך׳ן „האָני־מון״, טאָ פאָרט געזונד ! — האָט צומאַכנדיג די טיר פון דער טעקסי געזאָגט דער טאַטע.

— גוד נאַיט, מאַ ! — האָט משה אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פונ׳ם פענסטער׳ל.

— גוד נאַיט, משה׳לע, מיין משה׳לע ! — האָט די מאַמע גע־כליפּעט.

— עליע! — האָט משה אַרויסגעשריגן פון דער טעקסי — עליע, אַז דו וועסט איצט שלאָפן מיט יודי׳ן, שלאָג אים נישט, ווען ער קיקט מיט זיינע פיסעלעך! ער שלאָפט און ער ווייסט נישט וואָס ער טוט און איך האָב אים שוין פלענטי געשלאָגן. שלאָג נישט, אַ רחמנות!
— און ער קוקט מיט קנאה צום ברודער עליע, וואָס וועט איצט שלאָפן אין זיין בעט, צו וועלכן מען האָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק געקויפט אַ נייעם מאַטראַץ און וואו דער ברודער׳ל יודי מיט זיין פעטן קערפּער׳ל וואַרימט אַן דאָס געלעגער.

— איך וועל דיך נישט מעהר קיקן מיט מיינע פיס, אַיי סווער! קאַם האום, משה קאַם האום! — האָט יודי נאָכגעוויינט דער אַוועק־פאָרנדער טעקסי.

ענדליך איז געקומען דער אייביגער רעטער, דער שלאָף, און האָט איינגעזויגן אין זיך דער חתונה־משפחה׳ס פריידיגע טרערן. און ווען דער שלאָף איז צוריק אַוועק אין זיין באַהעלטעניש, האָבן אַלע דערזען אַ זוניגן פרימאָרגן מיט׳ן נאָמען זונטאָג.

זונטאג און געוויינליך אין שטוב דער טומל זעהר גרויס. קליינ־וואָרג גייט נישט אין סקול, גרויסע גייען נישט צו דער אַרבייט. גייען די געוואַלדן ביז׳ן הימל.

— דעם גרעסטן טומל מאַכט אַן דער גרויסער מיינער! — פלעגט טענה׳ן די מאַמע — שוין געזעהן אַזוינס, קומט זונטאג, קען מען פון אים גאָר נישט אויסהאַלטן, אָדער ער שלאָגט, אָדער ער שרייט: „גיב און דערלאַנג!"

— אַז ער דאַרף האָבן די גאַנצע מאַמע און די גאַנצע שטוב פאַר זיך אַליין! — פלעגט בייז אַ ברום טאָן דער טאַטע.

— הלואי האָט ער שוין חתונה און זאָל אַ ווייב פון אים ליידן!
— פלעגט פרעסנדיג פאַר אים אַ הענקערטשיף טענה׳ן די מאַמע.

דער היינטיגער זונטאָג איז געווען דער ערשטער אַן משה׳ן, דער ערשטער זונטאג נאָך זיין חתונה. מיט אַ מאָדנע דריקענדער שטילקייט איז יעדער אויפגעשטאַנען. אַלע האָבן זיך שטיל אָנגעטאָן, שטיל געגעסן און שטיל געקוקט איינס אויף׳ן צווייטן. די טיר פון באַדרום האָט זיך פאַרהאַקט, איינער פון די קינדער האָט זי נישט געקענט עפענען.

— שייוו זיך אין דיין צימער, לאָז אַריין דאָס קינד, משה! — גיט אַ געשריי דער טאַטע.

אַלע קוקן אַן דעם טאַטע׳ן, וועלכער מורמלט באַלד פאַרשעמט און שמייכלענדיג: — פאַרגעסן, אַז ער איז גאָר נישטאָ!

ווערט די שטילקייט נאָך געדיכטער.

גיט די מאַמע די קינדער עסן און טיילנדיג דאָס עסן, טראָגט זי צו אַ טעלער צו איין זייט טיש, וואו עס שטייט אַ ליידיגער שטול.

איינער פון די קינדער וויל זיך דאָרט זעצן, שרייט די מאַמע:

— אַוועק פון דאָרט! טשעפּע זיך נישט מיט משה׳ן, דו ווייסט, אַז דאָס איז זיין פּלאַץ!

אַלע הויבן אויף די אויגן אויף דער מאַמע, וועלכע בלייבט שטיין מיט׳ן טעלער אין דער האַנט ביים ליידיגן שטול.

— אויפגעהאָדעוועט אַזאַ בוים, זיך אַנגעליטן פון פּאַקעלעך און מאַזעלעך! — מורמלט די מאַמע דורך פינקלדיגע טרערן — קומט פּלוצים אַ ווילד־פרעמדע און נעמט אים אַוועק און אויס משה, אויס! — קייקלען זיך טרערן אויף אירע מאמע־באַקן...

ביי אַט די ווערטער גיט זיך די טיר האַסטיג אַן עפן און מען דערזעט משה׳ן.

— אוי! — האָט זיך געכאַפּט ביים האַרצן די מאַמע און דער טעלער טוט זיך אַ טרייסל אין איר האַנט.

— משה איז געקומען, משה איז דאָ! — האָבן געגוואַלדעוועט די קינדער, לויפנדיג פון אַלע צימערן.

— נו, וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט אין דער טיר? — איז דער ערשטער געקומען צו זיך דער טאַטע.

— אַט איז דיין חלק קאַלטע פיש, וואָס דו האָסט ליב צו עסן זונטאג אויף ברעקפעסט... זע, אַ מיטלסטע שטיקל, פּונקט ווי דו האָסט ליב! — האָט די מאַמע שלינגנדיג די טרערן, אַוועקגעשטעלט דעם טעלער אויף׳ן טיש.

משה האָט זיך אַ זעץ געטאָן לעבן דעם טעלער און מורמלענדיג: „נעם צו דעם כריין פון מיינע אויגן!”, האָט ער גענומען גיסן טרערן.

די ברידערלעך און שוועסטערלעך זיינען אַרויפגעקראָכן אויף זיין שויס און האַלז, צוזאַגנדיג, אַז מען וועט אים שוין שטענדיג פאָלגן.

— נו, דערצייל שוין, וואָס עס איז געשען. האָסט דיך שוין צוקריגט מיט דאָרא׳ן אַזוי גיך? וואָס וועסטו טאָן שפּעטער? — האָט שמייכלענדיג געפרעגט דער טאַטע.

— לאָז אים אָפּעסן, ער וועט דיר שוין דערציילן! — טענה׳ט די מאַמע, צולייגנדיג נאָך פיש אין משה׳ס טעלער.

— אָבער ווי קומט ער פאַרט איצט אַהער? ער האָט זיך דאָך געדאַרפט פּאַקן צו זיין האָני־מון! — טענה׳ט דער טאַטע.

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר און עס קומט אַריין דאָרא אַ האַלב־פאַרוויינטע, אויסרופנדיג:

— אַט איז די בייבי! איך האָב אָנגעשטעלט אַ טיש מיט׳ן בעסטן

ברעקפעסט, וואָס מען קען נאָר קויפן... און ער מוז נור גיין עסן דער מאַמע׳ס שבת׳דיגע פיש!...

— דאָס אין גאַנצן? — האָט געשמייכלט דער טאַטע — און איך האָט געמיינט, אַז איר האָט זיך ביי נאַכט צוקריגט.

— אַוודאי האָבן מיר זיך אַ גאַנצע נאַכט געקריגט! — האָט בייז געמורמלט דאָרא — ער מיינט, אַז איך בין אים די מאַמע, אַז איך וועל אים אַלעס נאָכגעבן! וויל איך פאַרמאַכן די פענסטער, וויל ער עפענען, און וויל איך עפענען, וויל ער פאַרמאַכן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך אַזוי אָפּגעקריגט צוליב דעם פענסטער!...

— און אין דער פרי איז ער געלאָפן נאָך דער מאַמע׳ס פיש! — האָט אונטערגעשמייכלט דער טאַטע.

— נאַ, דאָרעלע, פאַרזוך דו אויך דער מאַמע׳ס אַ שטיקעלע קאַלטע פיש! — האָט מיכלע אַ גליקליכע דערלאַנגט דאָרא׳ן דאָס עסן, צוגעבנדיג: — אַז דו וועסט וועלן, וועל איך דיך אויך אויסלערנען קאָכן פיש, פונקט אַזוי ווי איך!...

— מען דאַרף נישט, מאַ! — האָט משה אַריינגערעדט — קיינער קען נישט קאָכן פיש ווי מיין מאַמע, מיר וועלן בעסער קומען יעדן זונטאג צו דיר פאַר ברעקפעסט!...

# די ערשטע גרויע האָר



אַ שטריך

ווען עטיל, פאַר'יתומ'ט און עלנד, איז צו צוואַנציג יאָר געפאָרן קיין אַמעריקע זוכן איר גליק, האָט זי אין דער אַלטער היים איבערגעלאָזן אַ צען־יאָריג שוועסטער'ל, וואַלגערן זיך צווישן משפחה.

— וויין נישט, מלכה'לע! — האָט זיך עטיל געזעגנט מיט איר שוועסטער'ל — אַזוי גיך ווי איך וועל קומען קיין אַמעריקע, וועל איך דיך באַלד אַריבערנעמען!

און דער באַלד איז געווען, ווען עטיל האָט שוין אין אַמעריקע פאַרמאָגט אַ מאַן מיט אַ סאָדע־סטענד און דריי קינדערלעך, פון פינף, דריי, צוויי און איינס אויף'ן וועג.

צו יענער צייט האָט עטיל אויסגערעכנט, איז שוין מלכה'לע אַכצן יאָר אַלט און עס איז שוין די ריכטיגע צייט זי אַריבער צו נעמען. האָט זי איינגערעדט איר מאַן, אַז מלכה'לע וועט פאַר דער שיפסקאַרטע זיכער אָפּצאָלן און זי האָט געשיקט נאָך איר. און אָט שטייט שוין עטיל אויף עליס איילאַנד און אירע פאַרשלאָפענע קינדער וויגענדע אויגן בלאָנדזען אַרום פון איין פּאַסאַזשיר צום צווייטן, צווישן וועלכע זי וויל דערקענען איר קליין שוועסטער'ל.

אַ פּאָר שטונדן שפּעטער און עטיל און מלכה'לע ליגן זיך שוין אין די אָרעמס — און קענען זיך נישט אָפּוואונדערן איינע פון דער צווייטער. עטיל האָט, אַנשטאָט אַ קליין אויסגעהונגערט מיידעלע, ווי זי האָט איר שוועסטער'ל געדענקט, דערזען פאַר זיך אַ פריילין, אויס־געפּוצט נאָך דער לעצטער מאָדע. דאָס פּנים — בלוט און מילך, מיט

אַ סאַמעט „קאָמפּלעקשאָן". אויגן — פאַר׳חלום׳טע, פול מיט האָפענונג, און ליפּן האָבן געשמייכלט דער גאַנצער וועלט אַקעגן.

— אַזאַ שיינהייט! מען וועט דאָך זי דאָ אין אַמעריקע פאַר־צוקערן. זי וועט שוין נישט דאַרפן וואַרטן ווי איך, וואַרטן, זוכן — און ערשט צו צוויי און צוואַנציק יאָר נעמען אַ סטענד־קיפּער. ניין! זי וועט באַלד, באַלד חתונה האָבן! — האָט עטיל געטראַכט, קושנדיק שטאַרק איר שיינע שוועסטער.

מלכה׳לע האָלט אַרומגענומען די איצט פיגורלאָזע עטל׳ן, קוקט אויף אירע פאַרשלאָפענע אויגן, איר פאַרזאָרגטער פּנים, די צעקראַכ־מאַליטע הענט פון וואַשן ווינדעלעך — און טראַכט מיט טרערן אין די אויגן:

„וואָס עס איז געוואָרן פון איר שיינער שוועסטער, געאײַלט זיך חתונה האָבן!"

דאָנערשטאָג איז מלכה׳לע פון שיף אַרונטער און שבת נאָכט האָט עטיל געמאַכט אַ „פּאַרטי" לכבוד איר גאַסט. לאַנדסלייט און באַקאַנטע זיינען געקומען אָפּנעמען גרוסן, אַ ביסל אַ לאַך טאָן פון אַ גרינער — און אַנדערע זיינען געקומען זוכן נאָך נישט קיין שאָפּ אויסגעאַרבעטע כלה.

מלכה׳לע האָט דערציילט נייעס פון דער הים. געזונגען, געלאַכט, געשטיפט מיט דער גאַנצער לוסט און פרישקייט פון איר אַכצענ־יאָריגקייט. — און כמעט יעדער איינער איז דאָן אַוועק פאַרליבט אין דער שיינער אינטערעסאַנטער „גרינער".

ווען אַלע געסט זיינען זיך צוגאַנגען, האָט עטיל מאַכנדיק מלכה׳לעס געלעגער אַ גליקליכע זיך געווענדעט צו איר: „ווייסט, מלכה׳לע, זיי זיינען דאָך אַלע פאַרליבט אין דיר. זאָג מיר נאָר, ווער פון זיי געפעלט דיר?"

— קיין איינער נישט! — האָט מלכה׳לע קורץ געענטפערט.

— נו, שנעלער, שנעלער, בעט שוין אויס מיין בעט! — האָט פונ׳ם בעט־רום דער שוואָגער אַריינגעשריגן.

— אַה, די בייבי איז שוין שלעפעריג! — האָט עטיל גוטמוטיג אַ לאַך געטאָן, און נישט פאַרענדיגענדיג מלכה׳לעס געלעגער, איז זי אַנטלאָפן אויסבעטן דעם מאַן׳ס בעט. מלכה׳לע האָט דורך אַ שמייכל אַ זיפץ געטאָן און אַליין ענדיגנדיג אויסבעטן, האָט זי זיך אַ גליק־ליכע מיט איר פרישן יונגן קערפּער אויף איר געלעגער אויסגעצויגן. באַלד האָט זי אויך דערהערט דער שוועסטער׳ס שטימע:

— דו שלאָפסט שוין, מלכה׳לע?

— ניין, אָבער וואָס קריכסטו נאָך אַרום? וואָס לייגסטו זיך נישט? — האָט מלכה'לע מיט רחמנות געפרעגט.

— אַ, איך דאַרף נאָך אַראָפּנעמען פון טיש, וואַשן אַ ביסל „דאַיפּערס" אויף מאָרגן. איך האָב נאָך אַ סך אַרבעט! — האָט עטיל געענטפערט שטיל, מורא האָבנדיג נישט אויפצוועקן איר מאַן, און זיך זעצנדיג ביי מלכה'לע צופוסן, האָט זי פאָרטגעזעצט:

— זאָג נאָר שוועסטער, וואָס האָסטו געמיינט מיט דעם, אַז קיינער געפעלט דיר נישט? ווייסטו, אַז בעני, דער מיט די שוואַרצע געקרויזטע האָר, פאַרדינט זעכציג דאָלאַר אַ וואָך? ער האָט מיך געבעטן, צו ריידן אַ שדוך מיט דיר. און דער רויטער איזי, ער איז גאָר רייך, האָט אַן אייגענעם בוטשער־סטאָר, און סעם...

— גענוג! — האָט מלכה'לע איבערגעשלאָגן — רעדסט אומזיסט. זיי מעגן מיר אַלע געפעלן, וועל איך אַלץ נישט חתונה האָבן!...

— אָבער פאַר־וואָס? — האָט עטיל אויף איר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— עטיל, ס'איז מיר קאַלט! וואַרף עפּיס אַרויף אויף מיינע פיס און הער דאָרט אויף צו טענה'ן, לאָז שלאָפן! — האָט זיך דערהערט דעם מאַנ'ס קול.

— אָט פאַר דעם — האָט מלכה'לע געענטפערט, אַנווייזנדיג מיט דער האַנט אויפ'ן שוואָגער — איך האָב נאָך צייט, צו ווערן אַ דינסט ביי אַ מאַן: קאָכן, ראַמען ביז האַלבע נאַכט, ווינדעלעך וואַשן און ער זאָל באַלעבאָטעווען איבער מיר. ניין, נישט איך! איך האָב נאָך גענוג צייט פאַר דעם גליק!...

אמת מלכה'לע, דאָס פאַרהייראַטע לעבן איז נישט אַזוי גרינג! אָבער מיט אַלע צרות איז די היים פאָרט בעסער ווי אַ שאָפּ. מיט אַלע קאַפּריזן איז אַ מאַן אַלץ בעסער ווי אַ באָס. ער איז פאָרט דער פאַר־זאָרגער און אַמאָל אַ פריינד אויך... און קינדערלעך, זיי מאַטערן טאַקי אויס, אָבער ווי זיס איז זייערס אַ שמייכעלע, ווי עס וואַקסט דאָס האַרץ פון זייערס אַ חכמה'לע! ניין, מלכה'לע, לאַך נישט, מיין נישט, אַז די שעפּער זיינען אַזוי גוט. דער שאָפּ צאַפּט אַרויס דעם קליאַק פון די ביינער און די מאַשין זויגט אויס די פאַרב פון די רויטינקע בעקעלעך!...

— ווען דער שאָפּ וועט אויסזויגן די אמת'ע פאַרב, וועל איך קויפן אַנדערע ביי אַפּטייקערס. זיי דאַרפן אויך פרנסה! — האָט מלכה'לע שמייכלענדיג זיך געגעבן אַ זעץ אויף איר געלעגער, און אַריינגעמענדיג איר שוועסטער'ס הענט אין אירע, האָט זי פאָרט־געזעצט: — הער אויס, עטיל, מיר פאַרשטיין דאָס לעבן גאַנץ פאַרשידן.

דו זעסט דאָס גאַנצע גליק נאָר אין חתונה האָבן און איך זע גליק אינ׳ם לעבן אַליין, אינ׳ם געננוס פונ׳ם לעבן. דאָ אין דער גרויסער אַמעריקע עפנט זיך פאַר מיר אַ נייע וועלט. איך וויל ביכער, סקולס, טעאַטער, אָפּערע. אַלץ וויל איך פונ׳ם לעבן. נאָך מיין חתונה מיט אַ באָס איבער זיך און מיט קינדערלעך און ווינדעלעך וועל איך עס זיכער נישט קענען אויספירן, דערפאַר וויל איך איצט געניסן פונ׳ם לעבן, חתונה האָבן האָב איך נאָך צייט, אַ סך צייט...

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די שוועסטער׳ס ערשטער געשפּרעך וועגן חתונה.

אַ צייט איז אַוועק. מלכה׳לע האָט שוין באַזוכט אַ סך טעאַטערס, דורכגעבלעטערט ביבליאָטעקן, דורכגעמאַכט סלעקס, ביזי און סטרייקס, ווען זי איז אין אַ זומערדיגן נאָכמיטאָג געשטאַנען לעבן איר שוועסטער׳ס גרויסן שפּיגל, קעמענדיג אירע שיינע לאַנגע האָר, האָט זי לאַכנדיג דערציילט, וואָס פאַר אַ נאַריש פּנים דער דראַגיסט האָט געמאַכט, ווען זי האָט אים אנטזאגט זיין ליבע.

— אַנטזאג, אַנטזאג! — האָט זיך עטיל געבייזערט — דער דראַגיסט איז ביי דיר אַ נאַר, דער דענטיסט האָט געהאַט צו־קליינע אויגן, דער ביזנעסמאַן איז נישט גענוג ראָמאַנטיש. דו מיינסט טאַקע, אַז מען וועט דיר אייביג נאָכלויפן, דו דענקסט, אַז דיינע בעקעלעך בליען נאָך ווי גרינערהייט. זעה — איז זי מיט געוואַלדן צוגעלאָפן און אַרויסגעריסן אַ האָר פון מלכה׳לעס קאָפּ — זע!

— וואָס איז געשען? — האָט מלכה׳לע אַ דערשראָקענע געפרעגט.

— אַ גרויע האָר, ווי איז מיר, גרויע האָר זעט מען שוין ביי דיר!...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך מלכה׳לע קלינגענדיג צולאַכט — דאָס איז נישט גרוי, אַ ביסל פּאָודער האָט זיך פאַרשאָטן, שרייט זי גרוי...

נישט אמת, דאָס איז נישט פּאָודער, נאָר גרוי! — שרייט עטיל פאַר׳עקשנ׳ט, שטופּענדיג איר די האָר אין פּנים — ניין, עס איז נישט קיין פּאָודער, נאָר דיינע לאַיבערעריס, דיינע לעקטשורס און דיינע שוין דריי און צוואַנציג יאָר — האָט זי פאַרענדיגט דעם ציפער זעהר הויך — דו הערסט, דו ביזט שוין דריי און צוואַנציג, און הער אויף אַזוי פיל צו אָפּזאָגן!...

— דו האָסט שוין אַנגעפאַנגען סטראַשען און דערלייגן יאָרן? דערווייל בין איך ערשט צווייַ און צוואַנציג און די האָר איז נישט גרוי, נאָר פאַרפּאָודערט! — האָט מלכה׳לע גוטמוטיג געענפערט און איז מיט אַ געלעכטער אַנטלאָפן צו אַ לעקטשור.

די יאָרן זיינען אייניגע פריילֹיך, אַנדערע אומעטיק געצויגן, שטייט מלכה׳לע ווידער לעבן איר שוועסטער׳ס שפּיגל, קעמט איצט אירע געשוירענע האָר און מאַטערט זיך אַלץ, זיי צו קעמען אַזוי, וואָס זאָל זי מאַכן אויסזען אינגער.

פּלוצלינג טוט מלכה׳לע אַ געשריי: „אוי וויי!"

— וואָס איז? איז עטיל אַ דערשראָקענע צוגעלאָפן.

— אַ גרויע האָר! — האָט מלכה׳לע אָפּגעזיפצט און אַרויסגעריסן די גרויע האָר פונ׳ם קאָפּ.

— עס איז נישט גרוי, וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? ס׳האָט זיך פאַרפּוליעט אַ ביסל פון דיינע פּאָודער! — האָט עטיל פּרובירט לאַכן, שלינגענדיג אַ טרער און שנעל פאַרוואָרפן די האָר.

— ניין עטיל, דאָס מאָל איז עס נישט קיין פּאָודער, נאָר מיינע דרייסיג יאָר! — האָט מלכה׳לע פאַרשעמט טיף אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ און געוויזן דער שוועסטער די גרויע האָר.

— אה, האָסט שוין אָנגעפאַנגען מיט די „דרייסיג" — האָט עטיל גע׳טענה׳ט, אַוועקדרייענדיג אירע אויגן — קיינער אין דער וועלט וועט נישט זאָגן, אַז דו קוקסט אויס מער ווי צוויי און צוואַנציג...

— אַך, שוועסטער, גוטער פריינט מיינער! — האָט מלכה׳לע פּרובירט פאַרלאַכן די צרות — אַמאָל ווען איך בין געווען זעהר יונג, פלעגסטו מיך סטראַשען, אַז איך בין שוין אַלט און דו פלעגסט צורעכענען יאָרן. אָבער שפּעטער, ווען אויף מיר האָבן שוין מיינע יאָרן גענומען ווירקן, איבערהויפּט ווען די לעצטע פּאָר טרייסט־יאָרן, וועלכע ציילן זיך נאָך אין די צוואַנציגער, אָט די זיבן־אַכט און צוואַנציג, ווען זיי האָבן זיך אויך גענומען זעגענען מיט מיר, האָסטו מיך אָנגעפאַנגען מאַכן אינגער!

אָבער איך זאָג דיר, אַז דו ביזט נאָך אין די צוואַנציגער, דו ביזט ערשט אַכט און צוואַנציג! — האָט עטיל גע׳טענה׳ט כמעט מיט טרערן — איך קען דאָס אפילו אויסרעכענען!

— אויסרעכענען, אַז איך בין נאָך נישט דרייסיג, אז איך האָב נאָך צוויי יאָר אין די צוואַנציגער? — האָט מלכה׳לע מיט שמחה אויסגעשריען, אָנכאַפּנדיג עטל׳ן ביי די הענט — אַדרבה, רעכן גיך, רעכן!

אָט וועל איך דיר אויסרעכענען, ווען ביי אונז אין שטעטל איז געווען די ערשטע שרפה, ביזטו געבוירן געוואָרן און עס איז ערשט אַכט און צוואַנציג יאָר נאָך דער שרפה...

— ניין עטיל, האָסט אַ טעות! — האָט מלכה׳לע געקוקט אין דער ווייטקייט — איך געדענק ווי אונזער מאַמע פלעגט דערציילן,

אַז ווען ביי אונז איז געווען די שרפה, בין איך שוין געווען צוויי יאָר אַלט.

— און איך זאָג דיר, אַז דו ביזט נאָך נישט דרייסיג! — שרייט שוין עטיל מיט רציחה — דו קענסט זעהר געדענקען, וואָס די מאַמע פלעגט דערציילן! ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, ביזטו אין גאַנצן אַלט געווען אַכט יאָר!... שאַ, אַט וועל איך דיר ווייזן אַן אַנדערן סימן, אַז דו ביזט ערשט אַכט און צוואַנציג...

— יע, וואָס? זאָג גיך! — ציטערט מלכה׳לע פון האָפנונג.

— ווען דו ביזט געקומען קיין אַמעריקע, איז מיין היימעלע אַלט געווען אַ יאָר.

— יע — זאָגט מלכה׳לע — אַ יאָר, און נעקסטע וואָך פּראַוועסטו שוין זיין בר־מצוה...

— נו — שרייט עטיל — איז צוועלף יאָר, אַז דו ביזט דאָ, און ווען דו ביזט געקומען, ביזטו אַלט געווען זעכצן...

— ניין, עטיל, האָסט ווידער אַ טעות! איך בין געקומען אהער צו אַכצן! אָך, איך בין דאָך אַמאָל אַלט געווען אַכצן יאָר אויך — קוקט מלכה׳לע מיט בענקשאַפט אין דער ווייטקייט — אַכצן, אַכצן! וואָס פאַר אַ שיינער ציפער און וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער קאָנקורענט איז אַכצן צו דרייסיג!... ווי טרויעריג, ווי איינזאַם און נאַריש איז מיין לעבן אַוועק —, האָט מלכה׳לע גערעדט ווי צו זיך — די אַלע, וואָס האָבן מיך געוואָלט, האָב איך נישט געוואָלט, און די וואָס איך האָב געליבט, האָבן מיך נישט געליבט, האָבן שוין לאַנג חתונה געהאַט, האָבן שוין צו עטליכע קינדערלעך... און איך, פון ביזי צו סלעקס און פון סלעק צו סטרייק, פון איין לאיבררערי אַרויס, אין אַ צווייטע אַריין... אַזוי איז אַוועק מיין לעבן, קיינמאָל קיין אמת׳ן קוש נישט געפילט, קיין אמת׳ע פריינדשאַפט נישט געהאַט, קיינמאָל נישט געפילט אַרום מיין האַלז קיין פוכקע קינדערשע הענטעלעך, נאָך גאָר־נישט, גאָר־נישט געהאַט אין מיין לעבן און שוין דרייסיג!... שוין אַ דריי־סיגער פעקיל אויף מיינע פלייצעס...

— און איך זאָג דיר, אַז דו ביזט נאָך נישט דרייסיג! — שרייט עטיל מיט די לעצטע כחות — ווען עס איז אפילו ווי דו זאָגסט, פעלט דיר נאָך אַלץ צוויי חדשים צו די דרייסיג... ניין, ניין, ביזט נאָך נישט דרייסיג, זאָג איך דיר!...

— אָבער עטיל, שוועסטער מיינע! וואָס איז היינט מיט דיר? — קוקט מלכה׳לע אויף איר שוועסטער פאַרוואונדערט — עפּיס ערגערסטו זיך היינט פון מיינע דרייסיג נאָך מער ווי איך...

— דרייסיג, נאָר דרייסיג וויל זיך איר! — צעוויינט זיך שוין עטיל אויף׳ן קול — אַז דו ביזט דרייסיג, בין איך שוין פערציג. ווי איז מיר, דאָס לעצטע יאָר פון יוגענד און אין וואָס איז מיין לעבן אַוועק? פון טעפּל צום וואַש־טאָפּ און פון וויגעלע צו ווינדעלעך, מער נישט געזען אין מיין לעבן ווי דעם יאַרד מיט די וואַש־לאַינס, מער נישט געהערט אין מיין לעבן ווי דאָס געוויין פון די קינדער און די געוואַלדן פון מאַן, און שוין פערציג! מער נישט געהערט ווי נאָר „עטיל דערלאַנג! מאַמע גיב״ און שוין פערציג! — ווישט עטיל אַ טרער נאָך אַ טרער.

— קיינמאָל נישט געפילט ארום מיין האַלז אַ פּאָר פּוכקע קינ־דערשע הענטעלעך! קיינמאָל נישט געהערט דאָס זיסע וואָרט „מאַמע גיב! מאַמע דערלאַנג!״ און שוין אַ גרויע האָר! — פאַלט מלכה׳לעס טרער אויף איר ערשטע גרויע האָר.

# נישט דער ריכטיגער מת



## הומאָר אין אַ טראַגעדיע

ס'איז געווען אין איינער פון די זעהר הייסע זומער־נעכט. די איבער צוויי־הונדערט מעמבערס און מעמבערקעס פון דער סאָסייעטי „ריעל פרענדס" זיינען געזעסן און געשטאַנען אין אַלע ווינקעלעך פונ'ם מיטינג־לאָקאַל און זיך כסדר געווישט דעם שוויס.

— אך, אַ צו־הייסע נאַכט פאַר אַ מיטינג! — האָט אויסגערופן דער מעמבער מר. חאַפּטשיק, מאַכאַיענדיג הין און צוריק מיט זיין העט און צובלאָזענדיג צום טאַקט מיט זיינע זשעדנע גראָבע ליפּן. ער האָט אויך געזען, אַז דאָס ווינטל פונ'ם העט און מויל זאָל אויך ווינטלען דעם אנטבלויזטן נאַקען פון דער חנ'עוודיגער סעקרעטערין מיס שוצנער, הינטער וועמעס פּלייצעס דעם מעמבער מר. חאַפּטשיק איז שטענדיג אויסגעקומען צו זיצן.

— נו, וואָס קען מען זיך העלפן? ס'איז דען היינט גלאָט אַ מיטינג? ס'איז דאָך אַ „ספּעשל מיטינג" צוליב דער מרס. מאַגער־פעלד'ס לוויה! — האָט אָפּגעענפערט די סעקרעטערין, אויסדרייענדיג זיך צום ברודער מעמבער און באַגעגנענדיג זיך מיט זיינע זשעדנע בליקן, האָבן זיך צוויי רויטע קייקעלעך אויסגעקייקלט אויף אירע באַקן.

אין איר צוטומעלטקייט האָט זי דאָן אַ פרעג געטאָן:

— וואָס שרייבט עפּיס אייער פרוי פון קאַנטרי? מר. חאַפּטשיק!

— וואָס זאָל זי שרייבן? שיק טשעקעלעך! איר ווייסט נישט, וואָס די ווייבער טהון אין קאַנטרי? שפּילן ראָמי און בעטן טשעקלעך!

און מיר, די אידיאָטן, שוויצן און שיקן! — האָט מר. חאַפּטשיק אָפּגעכאַפּט דעם ענפּער און ווישנדיג דעם שוויס ווייטער פאַרט־געזעצט: — אייך איז אויך הייס, הא מיס שוצנער, הייס? נו, וואָס קריגט איר אויך נישט עפּעס אַן אידיאַטל, וואָס זאָל אייך שיקן טשעקלעך? וואָס איז, ווייניג שיין זענט איר? — האָט ער אַ וואונק געטאָן מיט אַן אויגל.

— איי, מען קען טאַקי נישט אויסהאַלטן פון די ווייבער, אפילו טויטערהייט קריכן זיי אונז אין די ביינער אַריין! — האָט אויסגערופן דער הויכער דאַרער מר. פייערמאַן — וואָס איז, אַזאַ אידענע האָט נישט געקענט שטאַרבן מיט אַ פּאָר וואָכן פריער, ווען עס איז געווען אַ ביסל קילער?

די מעמבערקע יעטי קאַץ, וואָס דערהערט שטענדיג דעם שטיל־סטען סוד, האָט זיך צעשריען מיט כעס:

— אַט האָט איר אונזערע „ריעל פרענדס"! חכמה׳נען זיך איבער אַ טויטער, אַז אָסור, אויב מען מעג טראָגן אַזאַ הייליגן נאָמען ווי „ריעל פרענדס"!

דער מעמבער טשאַלי גרין, אַ דאַרער זשוואַוער מענשל, אַ גוטער ארבייטער ביי קלאָוקס, וואָס פון זיינעם אַ שטיקיל אַרבייט פּלעגט אנקוועלן סיי ער אַליין, סיי זיין באָס און סיי זיינע פריינד און מעמבערס פון זיין סאָסייעטי, ווייל ער האָט כמעט פאַר יעדן מעמבער׳ס ווייב עפּעס אויפגענייט: פאַר איינער אַ מאַנטל, פאַר דער צווייטער אַ סוטל — און די מעמבערקעס, וואָס זיינען געוואָרן אלמנות אָדער גע׳־גט׳ע, אויף זיי איז דאָך אוודאי געווען אַ רחמנות. פאַר זיי האָט מען דאָך אוודאי געדאַרפט עפּעס אויפנייען, כדי זיי צו טרייסטן!...

געצאָלט פאַר זיין אַרבייט, האָט טשאַלי קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען. פאַר אים איז געווען גענוג, צו קענען אָנווייזן: „איר זעהט דעם מאַנטל, וואָס יענע טראָגט? איר זעהט דעם סוטל, וואָס די טראָגט? זעהט ווי עס ליגט ווי אויסגעגאָסן! דאָס איז מיין אַרבייט! מיינע הענט האָבן דאָס געמאַכט! דער סטאַיל, דער דעזאַין, אין גאַנצן מיין קאָפּ! מיין באָס האָט באַלד געקאָפּיעט מיין דעזיין!

פילע פון די מעמבערקעס האָבן פאַר כעס, וואָס ער נייט נישט פאַר זיי, זיך אָפּט גע׳סוד׳עט, אַז מסתמא נייט טשאַלי נישט גלאַט אומזיסט, ווייל די אָדער יענע ווייבל אָדער מיידל איז טאַקי נישט קיין מיאוסע... פלעגט טשאַלי צושמייכלען מיט אַ מורמל:

— אי, הלואי וואָלט דאָס אמת געווען!...

פון דער סאָסייעטי „ריעל פרענדס" איז טשאַלי געווען איינער פון די גרינדער. דער נאָמען „ריעל פרענדס" איז אויך געווען זיינער.

האָט ער זיך דערפֿאַר אין דער סאָסייעטי געפּילט ווי איינער, וואָס מוז אויף אַלעס אַכטונג געבן — און דערהערנדיג יעטי קאַץ׳ס טענות, האָט ער פֿון דער ווייטנס צו איר אַ געשריי געטאָן:

— סעי יעטי, וואָס האָט איר צועפּנט אייער עלעקטרי, וואָס? הער נאָר, איר פּאַסט גאָר נישט דער נאָמען „ריעל פרענדס״, גוט באַפּאַנפּעט!

— איר זענט דאָך דער טויטער מרס מאַגערפעלד׳ס אַזאַ גוטער פריינט — האָט יעטי צוגעשריען — איר האָט דאָך פּאַר איר געבייט סוטעלעך און אייך האַרט גאָר נישט, אַז מען חכמה׳ט זיך איבער איר? איר וואָלט געוואָלט, מען זאָל לאַכן פֿון אייך נאָך׳ן טויט?

— גוט באַפּאַנפּעט! — האָט אויסגערופן טשאָלי גרין — נאָך׳ן טויט מעגט איר מיך אפילו קומען ווערגן!

אין האַל האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער.

— לאַכן, קוועלן אירע גוטע פריינט, ווי איז מיר, זי איז דאָך נאָך געווען אַזאַ יוגענט! — איז שוין יעטי אַריין אין אַ געוויין.

— אמת, אמת! — האָט גענומען ווישן די אויגן נאָך אַ מעמבערקע — אין גאַנצן אפשר אַרום די פערציג!...

— ע, זי איז גראָד געווען אַ ביסל עלטער — האָט יעטי געכליפּעט —און אין די פערציגער בין איך דאָך ערשט!...

אַ פּאָר מעמבערקעס האָבן זיך איבערגעוואונקען און יעטי האָט ווייטער געכליפּעט:

— אוי, זי איז דאָך געווען אַזאַ טייערע, אַזאַ וואוילע!

— טאָקי אַ שאָד, אַ שאָד, נישט געווען קיין מיאוסע ווייבל! — האָט אויסגערופן מר. זיסלמאַן, אַן אַנדערער מעמבער.

די מרס זיסלמאַן האָט אַ קרומען קוק געטאָן אויף איר מאַן און אויסגערופן:

— נע, מען האָט שוין גראָד געזען שענערע ווי די מרס. מאַגער־פעלד! ביי מיין מענדל איז נאָר שיין דאָס, וואָס עס איז יענעם׳ס!...

הם! — האָט זי אַ שטשירע געטאָן די ציין צום מאַן און גענומען שמירן די ליפּן.

— אוי, זי איז געווען אַזאַ פיינע, אַזאַ ערליכע! — האָט אָנגע־שטעלט די ליפּן צום וויינען די שיינע דאַטי סעלצער.

— הערט נאָר, הערט, ווער עס רעדט פֿון ערליכקייט! — האָבן זיך כיקענדיג גענומען סוד׳ן, אַ גרופּע מעמבערקעס.

— מען זאָגט, אַז דאַטי האָט שוין צוויי געליבטע אויף איין מאָל!

— האָט אַריין־גע׳סוד׳עט אַן אַנדערע.

— ווער ווייסט עס נישט? איינער איז אַ דרעס־מאַנופעקטשורער

און איינער אַ שוך־מאַנופעקטשורער! — האָט אַריינגע׳סוד׳עט אַ דריטע.

— וואָס איז דאָס מיט איר מאַן, דעם לעמעשקע, וואָס ער שווייגט? — האָט אַריינגעברומט נאָך אַ מעמבערקע.

— איר ווייסט נישט? דער מאַן איז דאָך אַלע מאָל דער לעצטער, זיך צו דערוויסן! — האָט אָפּגעזיפצט נאָך איינע.

— איך זאָג, אַז מען וואָלט אין גאַנצן געדאַרפט אַרויסוואַרפן אַזעלכע מעמבערקעס פון אונזער סאָסייעטי! — האָט אַריינגע־סוד׳עט אַ מעמבערקע מיט אַ שטאַרק געפּאַלדעוועטן האַלז.

— אמת, אמת! מיר דאַרפן דאָ נישט האָבן אַזעלכע ווי זי! — האָט צוגעשטימט די גאַנצע גרופּע.

די שיינע דאָטי האָט דערפילט, אַז אָט יענע גרופּע „ריעל פרענדס" באַווייזען דאָרט איצט נישט די טויטע מרס מאַגערפעלד, נאָר זי, די לעבעדיגע דאָטי. האָט זיך איר פאַרוואָלט צושטערן זייער פאַרגניגן, איז זי צו צו דער גרופּע מיט אַ שטאַרק געוויין:

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ פּלוצלינגער אומגליק! — און מיט׳ן זעלבן וויינענדיגן טאָן, האָט זי אַריינגערעדט: — ווער פון אייך ס׳וועט נישט האָבן קיין קאַר מיטצופאָרן צו דער סעמעטערי, קען איך מיט־נעמען אין מיין קאַר!

די גרופּע מעמבערקעס האָבן זיך גלייך אַ רינגל געטאָן אַרום איר ווי בינען אַרום האָניג, איינע איבערשרייענדיג די אַנדערע:

— העלאָ, דאָטי, דאָטילע! וואָס מאַכט איר? איר קוקט אויס אַזוי גוט, אַזוי פיין! אייער קלייד פּאַסט אייך אַזוי צום פּנים! ניין, אייער העט פּאַסט אייך נאָך שענער און אייערע שיכלעך...

— איי, אַ רחמנות, אַ רחמנות אונזער מעמבער מר. מאַגערפעלד!

— האָט אויסגעזיפצט דער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, אַרום־שפּאַנענדיג איבער דער האָל און דרייענדיג מיט זיינע פינגער דאָס קייטל פון דעם זייגערל, וואָס אַן אַנדערע סאָסייעטי האָט אים אַמאָל געמאַכט אַ מתנה.

— הער נאָר ווי אַ מענש רעדט! — האָט זיך צוהיצט טשאַלי גרין — מאַגערפעלד איז ביי אייך גלאַט אַ מעמבער? איר פאַרגעסט, אַז ער איז אונזער „עקס־פּרעזידענט" און ער איז דריי מאָל ערווילט געוועזן פּרעזידענט און פריער נאָך איז ער געוועזן דריי מאָל וויס־פּרעזידענט און ער איז שוין אין אונזער סאָסייעטי געוועזן רעקאָרדינג סעקרעטער, פינאַנץ־סעקרעטער און... און...

— שאַ, וואָס היצט איר זיך אַזוי, ברודער טשאַלי? — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט דער פּרעזידענט — ווער האָט עפּעס געגן אונזער

ברודער עקס־פּרעזידענט מאַגערפעלד? פּאַרקערט, עס איז אים גע־שטאָרבן די ווייב, איז אויף אים טאַקע אַ גרויס רחמנות, וואָרן אַזוי גרינג קריגט מען היינטיגע צייטן אַ באַלעבאָסטע אין שטוב? און עסן אין די רעסטאָראַנען איז אַ מחיה? היינט אויסצושטיין פון די וועיטערס מיט די גרויסע טיפּס, זיי רייסן דאָך די טיפּס פון דער קעשענע ארויס!...
יאָ, יאָ, עס איז דעם מר. מאַגערפעלד אין דעם היינטיגן יקרות מיט די גרויסע טיפּס אסור מקנא צו זיין, וואָס ער איז נעביך געבליבן אַן אַלמן! — האָט דער פּרעזידענט גענומען ווישן אַ טרער.

דער בוטשער גדליה, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין קוקן צו זיין שכן נייטן, האָט פּלוצלינג אַרויסגעלאָזט אַזאַ טיפן זיפץ, אַז אַלע מעמבערס האָבן זיך אַזש אומגעקוקט.

דער רויטער נייטן, וואָס האָט ערשט מיט פיר חדשים צוריק באַגראָבן זיין ווייב, איז איצט געזעסן האַרט צוגעדריקט צו זיין נייער ווייב, אויף וועמען די מעמבערקעס האָבן זיך שטיל גע׳סוד׳עט, אַז זי איז גאָר נישט קיין אידישע, אַ בראָך צו אים, אַז זי איז נישט מער און נישט ווייניגער ווי אַ געזונטע איירישע גויה, וועמען ער, דער טייערער איד, וויל דאָס מאַכן פאַר אַ אידישקע.

דער רויטער נייטן, דער נייער באַלעבעסל פון דער גוי׳ש־איירי־שער ווייב, האָט אויך דערהערט דעם זיפץ פון זיין שכן און אַ קניפּ טוענ־דיג זיין נייער ווייב אונטער דער פּאַכווע, וואָס דאָס האָט געדאַרפט מיי־נען: „זע, אַ ניכפּע אויף דיר, ווי מען איז מיך מקנא מיט דיר!״ — איז ער צו צום שכן און מיט אַ זיגערישער מינע אויסגערופן:

— וואָס איז, מר. גדליה, וואָס זיפצט איר אַזוי?

גדליה האָט אַ בייזן ברום געטאָן:

— וואָס האָב איך מיך צו פרייען, וואָס ביי מר. מאַגערפעלד איז געשטאָרבן די ווייב, אָדער וואָס איר האָט אַ נייע געזונטע ווייב?

— יאָ, קיין עין־הרע מיר נישט. איך האָב דאָסמאָל אַריינגע־טראָפן! — האָט גליקליך אויסגערופן דער רויטער נייטן און באַלד צוגעגעבן: — איר ווייסט דען, ברודער גדליה, וואָס איך האָב זיך ביי יענער אָנגעליטן? שטענדיג נאָר קראַנק און קראַנק. איך בין דאָך כסדר אַרומגעגאַנגען אין ווייטאָגן פון אירע קראַנקהייטן. איך האָב דען געהאָט אַ לעבן? אַ ווייב? אַז יענע איז דאָך געלעגן מער ביים דאָקטאָר אויף׳ן טיש ווי ביי מיר אויף׳ן בעט! יאָ, גאָט האָט אויף אונז ביידן רחמנות געקראָגן... אָבער דערפאַר די איצטיגע, קוקט דאָרט אָן אַ פּאָר רויטע פּיסקעס!...

גדליה האָט אַ גלעט געטאָן זיין אייגענע באָק און טרויעריג אויסגערופן:

— איך קוק שוין, איך קוק, איי־איי קוק איך!

ווי זיך נאָך מער צו רייצן, האָט דער רויטער נייטן ווייטער געזאָגט:

— שאַ, איר קענט דאָך זי גוט, מיין ווייב, זי קומט דאָך צו אייך קויפן אייער כשר׳ע פלייש, זי ווערט דאָך ביי מיר מער אידיש, ווי אַלע אידישע ווייבער דאָ! איי, איך זאָג אייך, ברודער גדליה, אז איך ווינש אַלע אידן זאָלן נאָר חתונה האָבן מיט אידישע ווייבער און זיי מאַכן פאַר אידישע! זעט, קוקט דאָרט אָן אַ האַלז, אַ נאַקן, אַ פאָר פיסקעס, רויט, געזונד, אַז עס איז אַ מחיה אָנצוקוקן.

— יאָ — האָט טרויעריג געברומט גדליה — אייך איז גרינג צו רײדן, אַז אייער קראַנקע אידענע האָט זיך אָפּגעטראָגן. וואָס זאָל אָבער טאָן אַזאַ איד ווי איך, וואָס מיינע האַלט אין איין קרענקען?...

דער פרעזידענט איז צוגעגאַנגען צום סטענדער, געגעבן אַ זעץ מיט׳ן האַמער און אויסגערופן:

— מעמבערס און מעמבערקעס, ליידיס און דזשענטלמען און גלאַט מענשן! אין נאָמען פון אונזער סאָסייעטי „ריעל פרענדס", דערקלער איך דעם מיטינג פאַר געזעצליך געעפנט. און איצט, מיינע שוועסטער און ברידער, דאַרפן מיר געזעצליך באַוויינען אונזער עקס־פרעזידענט׳ס ווייב, מרס מאַגערפעלד.

— גוט באַפּאַנפּעט! — האָט אויסגעברומט טשאַלי גרין — געהערט אַ מעשה? מען דאַרף גאָר וויינען, ווען ער ערלויבט! וויל איך יעצט דוקא נישט וויינען און טוט מיר עפּיס!

— שאַ, שטיל! — האָט דער פרעזידענט גענומען קלאַפּן מיט׳ן האַמער — איך וויל דערמאָנען אונזערע „ריעל פרענדס", אַז דער היינטיגער מיטינג איז נישט פאַר אונז לעבעדיגע, נאָר פאַר דער פאַרשטאָרבענער מרס מאַגערפעלד און מען טאָר נישט פאַרשעמען אַ טויטע מיט קיבעצרייען.

— אמת, אמת! דער פרעזידענט האָט רעכט! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן.

דער פרעזידענט האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט און דערקלערט דעם טאָג און די שטונדע פון דער לוויה, געבעטן, אַז קיינער זאָל נישט פאַרפעלן, אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד צו דער טויטער און קומען צו דער סעמעטערי.

— און איצט — האָט ער ווייטער גערעדט — ווייסט איר דאָך אַלע, אַז מיר וואַרטן אויף׳ן חזן. איר ווייסט דאָך, ווי ביי אונז פירט זיך, אַז מיר באַשטעלן אַ חזן, וואָס זאָל קומען אין אונזער סאָסייעטי,

מאַכן אַ „מלא" נאָך אונזערע פאַרשטאָרבענע. מיר נעמען נישט אַזאַ חזן, וואָס רעדט נאָר צו זיך, איך מיין, דרשנ'ט נאָר אין „היברו". נייך! אונזער חזן דערקלערט פאַר די מעמבערס אַלעס וואָס מיר ווילן. איך מיין, אַז אַלעס, וואָס ער טענה'ט צו גאָט אין היברו, זאָגט ער אונז אויס, וואָס ער זאָגט, אין פליין אידיש אָדער ענגליש.

דער פרעזידענט האָט אַ קוק געטאָן אויף'ן זייגער און ווייטער געזאָגט:

— דער חזן איז נאָך אָבער נישטאָ, וועלן מיר דערווייל נישט פאַרלירן קיין צייט און אַליין עטוואָס טאָן פאַר דער טויטער (ער האָט דאָביי גענומען קוקן אַרום האַל און ברומען צו זיך), ווען מען, ווען מען געבן דאָס וואָרט? יאָ, ברודער טשאַלי, איך, אַזוי ווי איר זייט אַ פריינט פון די מאָגערפעלד'ס, ווילן מיר הערן פון אייך אַ פאָר ווערטער וועגן דער פאַרשטאָרבענער.

טשאַלי גרין הויבט זיך אויף און זאָגט:

— איך גאָר? איך? וואָס האָב איך וועגן איר צו זאָגן? איך ווייס? איך קען נאָר זאָגן, אַז זי האָט געהאַט אַ גוטע פיגור, אויס־צופיטן אַ סוט... און חוץ דעם, איך ווייס? זי האָט געגעבן טיי, אַז מען איז געקומען אַהין, און אַמאָל אויך קייק, אייגענע געבאַקן און... און דאַטסאָל!

דער פרעזידענט האָט ווידער אָנגעפאַנגען:

— שוועסטער און ברידער! מעמבערס און מעמבערקעס פון אונ־זערע „ריעל פרענדס"! אַזוי ווי עס איז אייך הייס און איר קענט נישט ריידן, וועל איך אַליין זאָגן אַ פאָר ווערטער וועגן אונזער מעמבערקע, בעסי מאָגערפעלד, אַ ליכטיגן גן־עדן זאָל זי האָבן! זי איז געווען אַ טייערע מעמבערקע, אַ גוטע מעמבערקע, כאָטש זי האָט געוואוינט אַזוי ווייט, אַזש אין ביו ראָשעל, איז זי פון דעסטוועגן שטענדיק געקומען אין צייט אַהער דאָון טאָון צו די מיטינגען, צי אין דרויסן איז געווען אַזוי הייס ווי היינט ווי ווינטער, האָט זי דאָך קיינמאָל נישט פאַרפעלט קיין מיטינג. האָט די סאָסייעטי געהאַט אַן אונטערנעמונג, האָט זי פאַרקויפט מער טיקעטס פון אַלעמען און זי האָט באַצאָלט פאַר די טיקעטס, צי זי האָט איינגעמאָנט פאַר אַלע טיקעטס צי נישט, זי האָט צו דער סאָסייעטי באַצאָלט, נישט ווי אַנדערע מעמבערס, וואָס פוילן זיך איינצוקאָלעקטן חובות.

— אוי אמת, אמת! — האָבן זיך אַ פאָר מעמבערקעס צעוויינט.

דער פרעזידענט האָט ווייטער אָנגעפאַנגען, איצט דרייענדיג שטאַרק דאָס קייטל פון זיין זייגערל:

— און אַז מען האָט געדאַרפט קויפן אַ מתנה פאַר אַ באַאַמטן,

האָט זי זיך אויך נישט געלאָזט בעטן, ניין! זי האָט גלייך געגעבן איר שעהר, נישט אַזוי ווי אַנדערע מעמבערס, וואָס פאַרגעסן דעם פּאַקעט־בוק אין דערהיים. ניין, זי איז געווען אַ...

— דער חזן, אַט איז דער חזן! — האָבן אויסגערופן איניגע מעמבערס.

אַריינגעקומען איז אַ באַבערדלטער אידל, וואָס האָט אין זיין יוגנד געזונגען אין כאָר פונ׳ם אידישן טעאַטער און איצט, ווען ער איז עלטער געוואָרן און זיין שטימע טויג שוין נישט פאַר׳ן טעאַטער, האָט ער זיך פאַרלאָזן אַ בערדל און איז געוואָרן אַ חזן ביי סאָסייעטי־לווייות.

דער חזן האָט באַלד געגעבן צו וויסן, אַז ער איז זעהר ביזי. ער האָט נאָך היינט צו אָטענדן דריי מלא׳ס. זאָל מען דערפאַר זעהן, צו הויבן דעם קוירטן האַרי־אַפּ. ער האָט דערוויל פאַרגעסן, אַז ער איז אַ חזן און האָט גערעדט אויף טעאַטער־לשון. ער האָט איילענדיג גענומען זוכן זיין יאַרמולקע און האָט זיך געווענדעט צום פּרעזידענט:

— ווי האָט געהייסן דער מת?

יעטי קאַץ האָט אויסגערופן:

— עס איז נישט קיין מת, נאָר אַ מת׳כע און זי האָט געהייסן בעסי מאָגערפעלד!

עטליכע שטימען האָבן נאָכגערעדט:

— יאָ, בעסי מאָגערפעלד!

דער חזן האָט אָנגעטאָן די יאַרמולקע און ווייטער געפרעגט:

— נו, דער טאַטע? דער נאָמען פון איר טאַטע׳ן?

— אַ טאַטע אויך? — האָט אויסגערופן טשאַלי — צו־וואָס דאַרף מען דאָ איר טאַטע׳ן? ער איז דען געווען דאָ אַ מעמבער? ער איז דאָך אפילו נישט געווען אין אַמעריקע!

— מען דאַרף, מען דאַרף אַ נאָמען פון אַ טאַטע׳ן! — האָט געזאָגט דער פּרעזידענט.

— מען דאַרף אַ נאָמען? — האָט נאָכגערעדט טשאַלי — נו, רופט אים אברהם, יצחק, יעקב! אַ דאגה אַ נאָמען!

— דאָט׳ס ראַיט! יעקב האָט געהייסן איר טאַטע! — האָט אויס־געדופן יעטי קאַץ.

דער חזן האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קליין ליכטל און האָט געהייסן מאַכן טונקל אין האָל. מען האָט אויסגעלאָשן די עלעקטרי און עס איז געוואָרן פינסטער. דער חזן האָט אָנגעצונדן דאָס קליינע ליכטל, האָט עס אָנגעקלעפּט אויף׳ן שטענדער לעבן פּרעזידענט און געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלן זיך אויפשטעלן.

אַלע מעמבערס און מעמבערקעס האָבן זיך ווי איין מענש געגעבן אַ שטעל אויף. דער חזן האָט געעפנט אַ קליין סדור'ל און אָנגעפאַנגען מיט אַ הייזעריג וויינענדיג קול: „אל מלא רחמים שוכן במרומים"...

דאָס ערשטע, ליבער פּרעזידענט, וויספּרעזידענט, באַאַמטע און גלאַט שוועסטער און ברידער! — האָט דער חזן ווייטער געזאָגט — דאָס ערשטע, וויל איך אייך דאָ אויסזאָגן דעם סוד, וואָס איך וועל דאָ ריידן צום רבונו של עולם וועגן אייער ליבן טרייען מת, דער סוד פון מיינע ווערטער מיינט, אַז דער גאָט וואָס איז פול מיט רחמנות און זיצט אויף זיין גאָלדענעם שטול...

די מעמבערקעס ברעכן אויס אין אַ געוויין און דער חזן שרייט זיי איבער:

— אויף זיין גאָלדענעם שטול אין זיבעטן הימל, זאָל ער דאָרט געפינען אַ מנוחה אין די שאָטענס פון די פליגלען פון זיין שכינה צוזאַמען מיט אַלע הייליגע ריינע נשמות, זאָל ער אויך באַהאַלטן די נשמה פון אייער געטרייער מעמבערקע.

די מעמבערקעס געוויין ווערט שטאַרקער און דער חזן גיט אַ מיש די בלעטלעך אין זיין סידור'ל, טייטלט מיט די פינגער אויף די אותיות און צולאָזט זיך העכער:

„אוי, אל מלא רחמים, שוכן במרומים, המצא מנוחה נכונה"...

דאָס געוויין פונ'ם עולם איז געוואָרן נאָך העכער, אַזוי אַז עס האָט פאַרשלונגען דעם חזן'ס ווייטערדיגע ווערטער, ביז ער האָט אַריבערגעדונערט מיט זיינע לעצטע כחות דעם וויינעדיגן עולם און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „את נשמת האשה בעסי בת יעקב מאַגערפעלד"...

ביי אָט די ווערטער האָט זיך אין דער טונקלקייט אַן עפן געטאָן די טיר און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אין גאַנצן אין ווייסן די בלאָנד געפאַרבטע מרס מאַגערפעלד...

דאָס ערשטע האָט אַ פאַל געטאָן מיט אַ בראַזג אַן דער ערד דער האַמער פון פּרעזידענט'ס האַנט און מיטגעשלעפּט מיט זיך דאָס אויסגעלאָשענע ליכטל. אין האַל האָט נאָר אַריינגעלויכטן פונ'ם יאַרד־פענסטער די בלויקייט פון אַ פאַרצויגענער לבנה און הינטער דער מרס מאַגערפעלד האָט אָפּגעשלאָגן אַ רויטע ליכטיגקייט פון דער אָפענער טיר. אין פּרעזידענט'ס ליידיג געוואָרענעם אָרעם איז אַריינגעפאַלן די בלאַס־געוואָרענע רעקאָרדינג־סעקרעטערשע. באַלד האָט זיך פון אַלע ווינקעלעך געהערט אַ פאַרשידן־קלאַנגיגער אויסגעשריי:

„געוואַלד, אוי, איך חלש, איך שטאַרב!"...

מעמבערקעס זיינען אַריינגעלאָפן אין די אָרעמס פון מעמבערס און מעמבערס זיינען אַרויפגעפאַלן אויף די ווייכע שויסן פון די מעמ־

בערקעס. נייטן׳ס גוי׳שע ווייב האָט זיך כסדר געצלמ׳ט און געשריען: „האָלי דזשיזוס, סעיוו מי, איט׳ס האַר, איט׳ס שי, די דעד וואָן!“...

„שמע, שמע, שמע ישראל!“ וואָס איז דאָס פאַר אַ צלמ׳ן ביי אַ אידישער מלא? — האָט נישט מיט זיין קול געגרופן דער פרעזידענט— ווער דאַרף דאָ גוי׳שע ווייבער? עס איז צוליב די מעמבערס זינד, צוליב אונזערע זינד, שמע ישראל! מיר וועלן אַרויסוואַרפן די זינדער, אָבי גייט אין אייער רו אַריין, גייט, איר זענט טויט! — האָט ער זיך געטרייסלט ווי אַ לולב.

פילע פון די מעמבערס האָבן אים נאָכגעשטאַמלט:

— איר זייט טויט, גייט אין אייער רו אַריין, אין אייער רו אַריין!

די בלאָנדע מרס מאַגערפעלד, וועלכע איז צוליב דער היץ געקומען ווייס־זומערדיג געקליידעט, איז פון שרעק געוואָרן ווייסער ווי איר ווייס קלייד. זי איז אויף׳ן ערשטן מאָמענט געבליבן שטיין ווי פאַראַליזירט. הענט, פיס, צונג זיינען געוואָרן ווי געליימט, אָבער דערהערנדיג כסדר איר נאָמען, האָט איר צונג גענומען נאָכשטאָמלען: „גיי־גייט אַליין אין אייער רו אַריין!“ — און זיך וואַקלענדיג האָט זי גענומען מאַכן אַ פּאַר טריט צו די מעמבערס.

פון אַלע זייטן האָט מען זיך גענומען פון איר אָפּרוקן צו די בענקלעך און מיט די בענקלעך, יעדע שטאַמלענדיג: „שמע ישראל, גייט אין אייער רו אַריין!“ און נייטן׳ס ווייב האָט כסדר געמורמלט: „האָלי דזשיזוס, טעיק האַר בעק!“...

מרס מאַגערפעלד נאָך מער זיך וואַקלענדיג, האָט ווידער פּרובירט מאַכן אַ טראָט נעענטער, שטאַמלענדיג: „גיי, גיי אַליין צו דיין דזשיזוס!“

דער רויטער נייטן האָט דאַן אַ כאַפּ געטאָן אַ שטול, אַ הויב געטאָן אין דער לופט און מיט אַ הייזעריג קול גענומען שרייען: „מרס מאַ־מאַ־מאַגערפעלד, גייט אין אייער רו אַריין אָדער איך פּלעט אייך דעם מוח!“...

אין דעם מאָמענט האָט זיך אין דער טיר באַוויזן דער מר. מאַגערפעלד.

— וואַ־וואַ־וואָס טוט זיך דאָ? — האָט מר. מאַגערפעלד גענומען שטאַמלען.

דערהערנדיג הינטער זיך דעם מאַן׳ס קול, האָט שוין די מרס מאַגערפעלד נישט מער אויסגעהאַלטן און האָט זיך אויסגעצויגן אין מאַן׳ס אָרעם אַ גע׳חלש׳טע.

— זי איז אים געקומען צונעמען, געקומען נעמען דעם מאַן צו זיך! שמע ישראל, שמע ישראל! — האָבן זיך דערהערט ציטערדיגע אויסגעשרייען פון אַלע זייטן.

— וואַסער, וואַסער, מאַכט ליכטיג! וואָס טוט זיך דאָ מיט אַייך אַלעמען? — האָט טרייסלענדיג זיין פאַר׳חלש׳טע ווייב דער מר. מאַ־גערפעלד געשריען.

אימיצער פון די מעמבערס האָט אויסגעצויגן אַ האַנט צום עלעקטריק־קנעפּל. עס איז געוואָרן ליכטיג. די פאַר׳חלש׳טע מרס מאַגערפעלד האָט אונטער׳ן מאַן׳ס טרייסלען געעפנט אַרויסשעפּטשן: „סע־סעמעלע! וואָס ווילן זיי פון מיר? וואָס האָב איך געטאָן?"

אין דער ליכטיגקייט האָבן איצט אַלע מעמבערס מיט צוטו־מעלטע בליקן געגומען קוקן דאָ אויף מר. מאַגערפעלד, אָט אויף מרס מאַגערפעלד און דאַן איינער אויף׳ן אַנדערן.

באַלד איז די צוטומעלטקייט איבערגעגאַנגען אין אַ כעס, וואָס מען האָט זיי דאָ צושטערט דעם גאַנצן ספּעקטאַקל פון אַ לוויה. פילע פון די מעמבערקעס האָבן שוין געהאַט באַשלאָסן, וואָסערע קלייד זיי וועלן אָנטאָן, וואָס זאָל זיי מעהר פּאַסן צום פּנים און צו דער פיגור. פילע פון די מעמבערס האָבן שוין געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט, לעבן וועלכע מעמבערקעס זיי וועלן זיצן אין דער ענגשאַפט פון די אויטאָ־מאָבילן, פאָרנדיג צו דער סעמעטערי — און פּלוצלינג איז אויס מיט אַלע פּלענער! האָט איינער געגומען קוקן מיט חשד אויף׳ן צווייטן, זוכנדיג כסדר, ווער עס האָט אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל, אויסגעטראַכט אַזאַ נידערטרעכטיגן ליגן, אַז די מרס מאַגערפעלד איז געשטאָרבן און אַלעמען אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט.

אַ פּאָר פון די מעמבערקעס האָבן נאָך אַלץ נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן, זיינען צוגעלאָפן צו דער מרס מאַגערפעלד, זי געגומען אַרומטאַפּן, אויסרופנדיג דאַביי: „יאָ, זי לעבט, זי לעבט!"

— וואָס איז? איר גלויבט נאָך אַלץ נישט, אַז זי לעבט? — האָט זיך מר. מאַגערפעלד צושריען — זי לעבט, זי לעבט! פּונקט ווי איר און ווי איך!

— און אפשר נאָך מער! — האָט אַ בורטשע געטאָן יעטי קאַץ און צוגעגעבן: — איי־איי, לעבט זי! וואָס זי פאַרשפּילט אין קאָרטן אין איין נאַכט, פאַרלעבן מיר דאָס אַלע נישט אין אַ וואָך! — האָט זי צוגעוואונקען צו אַ פּאָר מעמבערקעס.

— נאָר קאָרטן־שפּילן? — האָט אַ פריערע באַוויינערין אַריינ־גע׳סוד׳עט — און שכל האָט זי? זי איז דאָך אַ אמת׳ע אידיאָטקע!

— אָבער מר. מאַגערפעלד, וואָס איז דאָ פּאָרט געשען? — האָט דער פּרעזידענט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן — מען האָט דאָך פּאָרט

געלאָזט וויסן אין אונזער סאָסייעטי, אז אייער פרוי איז געשטאָרבן!...

דער וויספרעזידענט האָט צוגעגעבן:

— טאַקי, טאַקי, וואָס וועט יעצט זיין? מיר זיינען שוין אריין אין אַזאַ גרויסן עקספענס, באַשטעלט אַלעס פאַר דער לוויה און אָט האָבן מיר באַשטעלט אַ חזן...

— יאָ,יאָ! — האָט זיך דער חזן צושריען — איך וויל טאַקי נישט וויסן, יאָ־געשטאָרבן אָדער נישט־געשטאָרבן. איז זי נישט געשטאָרבן היינט, וועט זי שטאַרבן מאָרגן! מיר קומט באַצאָלט!

דאָס זאָגנדיג, איז ער פאַרביי־געלאָפן פאַר דער מרס מאַגערפעלד מיט אַ קרומען קוק און איז אַרויסגעלאָפן.

— נו, איר זעט שוין? — האָט ווייטער געשריען דער וויס־פרעזידענט — און עס איז דען נאָר דער חזן? און וואָס איז מכח די מאַשינען, וואָס מיר האָבן פאַר אייך באַשטעלט? און די ליכט? און די בלומען? און דעם קבר, וואָס מיר האָבן געהייסן פאַר אייך עפענען? — האָט ער זיך געווענדעט צו דער מרס מאַגערפעלד.

— ס׳איז אָלראַיט! — האָט אַלעמען באַרוהיגט דער מר. מאַגער־פעלד — עס וועט קיין זאַך נישט גיין אין ניוועץ. עס וועט זיין אַ לוויה, עס וועט זיין!

— האָו? — האָבן זיך אַלע מעמבערס געגעבן אַ קער צו אים מיט אָפענע מיילער און צוטומלטע בליקן.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט שוין איצט דער פרעזידענט אויסגעשטעלט אַ פּאָר ברוגז׳ע אויגן — וואָס זיינען דאָס פאַר אַ חכמה׳לעך?

— אַודאי מוז זיין די לוויה! — האָט די מרס מאַגערפעלד באַ־טאנט איר מאַן׳ס ווערטער — אַודאי מוז זי זיין!

— זעה נאָר די בהמה — האָט אויסגערופן יעטי קאַץ — זעה נאָר ווי זי פרייט זיך פון דעם מאַן׳ס חכמות! איך וואָלט פאַר אַזאַ חכמה אויסגעדראַפּעט מיין מאַן די אויגן!

— פאַר־וואָס קומט דאָס אים נעביך? — האָט צערטליך אַ גלעט געטאָן די מרס מאַגערפעלד איר מאַן׳ס האַנט — פאַרקערט, ס׳איז זעהר פיין פון זיין זייט, וואָס ער וויל פראַוון די לוויה!

— הא, וואָ־וואָס? — האָבן זיך ווידער אַלע מעמבערס צוטומלט אָנגעקוקט.

— אָ, וואָס טוט זיך דאָ היינט? — האָט שוין דער פרעזידענט שטאַרק אַ זעץ טוענדיג מיט׳ן האַמער אויסגעשריען — איינמאָל פאַר

אַלע מאָל, מרס מאַגערפעלד, זאָגט אונז אויס, איר לעבט אָדער איר זענט געשטאָרבן? וואָס רעדט איר דאָ? וואָס פאַר אַ לוויה, וועמענס לוויה?

— וואָס הייסט וועמעס? — האָט מרס מאַגערפעלד זעהר אײַנפאַך אָפּגעענטפערט — וועמעס דען, אויב נישט מיין מאַן׳ס ווייב׳ס? די לוויה איז פאַר מיין מאַן׳ס ווייב! — האָט זי שטאַרק באַטאָנט.

— הא, וואָס? — האָבן אַלע מעמבערס ווידער גענומען קוקן דאָ אויף מרס מאַגערפעלד, דאָ איינער אויף׳ן צווייטן און ביי יעדן איז איצט דורכגעלאָפן דערזעלבער געדאַנק, אַז מען האָט די סאָסייעטי שלעכט אינפאָרמירט. די נייעס האָט זיכער געדאַרפט זיין, אַז די מרס. מאַגערפעלד איז משוגע געוואָרן, איז עס גאָר געווען, אַז זי איז געשטאָרבן.

מר. מאַגערפעלד, וואָס האָט ליב געהאָט אַ שפּאַס, איז דער שפּיל שטאַרק געפעלן. ער האָט מיט זיינע הענט פאַרשטעלט דעם פּנים און האָט שטאַרק געלאַכט. די מעמבערס האָבן איצט געמיינט, אַז דאָס וויינט אַזוי דער מאַן אויף זיין גרויסן אומגליק און מיטפילנדיג האָבן אַלע איצט גענומען ווישן די אויגן און קוקן מיט צער אויף מר. מאַגערפעלד און מיט שרעק אויף דער מרס מאַגערפעלד.

— זע, סעם, וואָס קוקן זיי מיך ווידער אַזוי אָן? איך זאָג אייך, אַז איך בין נישט געשטאָרבן! — האָט זי זיך געגעבן אַ ווענד צום צוטומלטן עולם — איך לעב, איך לעב! נאָר מיין מאַן׳ס ווייב איז געשטאָרבן! — האָט זי ביי די ווערטער געגעבן אַ טראָט נענטער צו אַ גרופּע מעמבערקעס. די גרופּע האָט זיך מיט שרעק געגעבן אַ רוק אָפּ פון איר.

— סעם, וואָס שוויגסטו? זיי מיינען דאָך נאָך אַלץ, אַז איך בין געשטאָרבן! — האָט די מרס מאַגערפעלד געגעבן אַ ריס איר מאַן׳ס האַנט.

— ניין, איצט מיינען זיי, אַז דו ביזט משוגע! — האָט מר. מאַגערפעלד אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער — אַז דו יענקי מיינע, רעדסט נישט קלאָר, דו שרייסט, אַז דיין מאַן׳ס ווייב איז גע־שטאָרבן, איז וואָס קען מען אַנדערש מיינען, ווי נאָר אַז דו ביזט משוגע געוואָרן! כי־כי! — האָט ער זיך ענדליך געווענדעט צום צוטומלטן עולם — זי מיינט צו זאָגן, אַז מיין ערשטע ווייב איז געשטאָרבן!...

— הא, וואָס? אַן ערשטע ווייב? — האָבן זיך דערהערט אויס־רופונגען פון אַלע זייטן.

דער פּרעזידענט האָט גענומען שטאַרק טראַסקען מיט׳ן האַמער און אָנגעפאַנגען:

— מעמבערס און מעמבערקעס, וואָס טוט זיך דאָ ביי אונזערע „ריעל פּרענדס״? ס'איז אַ שאַנדע און אַ חרפּה. אַז אַ מעמבער פון אונזער סאָסייעטי האָט צוויי ווייבער, דאַרפן דאָס אונזערע „ריעל פּרענדס״ וויסן. דער פּרעזידענט ווייניגסטנס האָט דאָס געדאַרפט וויסן, ווייל מיר דאַרפן דאָך איינמאָל פאַר אַלע מאָל וויסן, ווען מען צו באַגראָבן! געוואַלד געשריען! — האָט ער ווייטער געטענה'ט — וואָס איז דאָ אין אונזער סאָסייעטי, הפקר אַ וועלט? צוויי ווייבער, גוי'שע ווייבער!

— סעי, סעי מר. פּרעזידענט! — האָט זיך שוין איצט צושריען דער רויטער נייטן — זאָל אַייך נאָר נישט דאַרן דער קאָפּ פאַר מיין גוי'שער ווייב! זי איז כשר'ער פאַר אַלע אייערע אידישקעס! זי בענשט ליכט יעדן פרייטאָג, זי גייט יעדן חודש אין אַ „סווימינג־פּול״, נאָר אין שרעק האָט זי זיך פאַרגעסן, וועלכן גאָט זי זאָל רופן!...

— און איך פרעג, ווען עס ביזנעס איז עס ווען אַ מענש האָט אַמאָל געהאָט אַן ערשטע ווייב? — האָט זיך צושריען טשאַלי גרין.

— שאַ, שאַ! לאָזט מיר אויך ריידן אַ וואָרט! — האָט אויס־געשריען דער מר. מאַגערפעלד — איך בין טאַקי שולדיג אונזער סאָסייעטי אַ דערקלערונג. די מעשה דערפון איז אַזוי — האָט ער זיך געווענדעט צו אַלעמען — איר קענט אַלע מיין ווייב בעסי און אונזערע צוויי קינדער. מיר וואוינען שוין צוזאַמען אַרום 20 יאָר! אמת? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צום ווייב.

— אַודאי אמת! האָט זי אָפּגעענטפערט און גלייך צוגעגעבן — שוין 25 יאָר, חוץ די צוויי מאָל, וואָס דו האָסט געטרייעט פון מיר צו אַנטלויפן, אָבער פון בעסי'ן לויפט מען נישט! אַ מכה'לע מיט פעפער, איך בין נישט יענע, די ערשטע!

— שווייג, לאָז ריידן אַ וואָרט! — האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן דער מר. מאַגערפעלד און האָט זיך געווענדעט צום עולם:

— אַזוי אַרום פערציג יאָר צוריק, דאָרט אין דער אַלטער היים האָט מיר טאַטע־מאַמע חתונה געמאַכט מיט יענער, מיט מיין עטל'ן, רוען זאָל זי! איך האָב אויך מיט יענער צוויי קינדער. איך זע זיי זעלטן. זיי זיינען די גאַנצע צייט געווען מיט זייער מאַמע'ן, אָבער זיי זיינען פיינע טייערע צוויי טעכטער, ביידע גוט פאַרהייראַט, טייערע קינדער!...

— הם! — האָט זיך אַ קרום געטאָן בעסי — נאָר זיינע יענע קינדער געפעלן אים!

— שווייג, יענקי, לאָז ריידן! — האָט מאַגערפעלד אַ זאָג געטאָן צום ווייב און ווייטער דערציילט:

— ווי אַ סך אַנדערע אידן בין איך אַ פּאָר יאָר נאָך מיין חתונה

אויך געלאָפן קיין אַמעריקע זוכן גליקן, און ווען איך האָב אַ ביסל שפּעטער אַראָפּגעבראַכט אַהער אין אַמעריקע מיין פרומע ווייב עטל'ן, האָט זיך פון אונזער חתונה אויסגעלאָזט אין גאַנצן אַ בוידעם. מיר זיינען דאָ געווען צוויי פרעמדע מענשן. איך האָב געוואָלט, זי זאָל זיך פוצן, שמירן די ליפּן, אַזוי ווי די יענקי מיידן און זי האָט גאָר געוואָלט, איך זאָל דאָ טראָגן אַ באָרד און זאָל געהן צוויי מאָל אין טאָג אין שול אַריין דאַווענען און אַזוי ווייטער און ווייטער. בקיצור: דער סוף איז געווען, אַז איך בין אַוועק צו אַ גוטן אַמעריקאַנער לאָיער און פאַר אַ פּאָר הונדערטער האָט מיך דער לאָיער אַרויסגעראַטעוועט פון מיין פרומער ווייב. האָט מיך פון איר אָפּגעג'גט לויט'ן אַמעריקאַנער געזעץ.

— נו, איז דאָך שוין ווידער גוט! — האָט אויסגערופן טשאַלי גרין — וואָס שרייט מען שוין באַלד צוויי ווייבער, צוויי ווייבער?

— אָבער, אָבער! — האָט אַ זעץ געטאָן דער פּרעזידענט מיט'ן האַמער און ווידער אָנגעפאַנגען: — אָבער איר פאַרשטייט, מר. מאָגער־פעלד, איר ווייסט דאָך יאָ די רולס, פרעג איך אייך אַליין, וואָס האָבן מיר, די סאָסייעטי, צו טאָן מיט אייער גע'גטער ווייב?

— יאָ, יאָ, טאַקע! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן.

— אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! — האָט ווידער אָנגעהויבן דער מר. מאָגערפעלד — פאַרשטייט איר מיך? אַ אידישן גט האָט מיר מיין עטל קיינמאָל נישט געוואָלט געבן און אַזוי ווי זי האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און איז געווען די מאַמע פון מיינע צוויי קינדער, האָט זי זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַר מיין אמת'ע ווייב. איצט, אַז זי איז געשטאָרבן און צו קיין סאָסייעטי האָט זי נישט באַלאַנגט און איך באַלאַנג יאָ, זיינען מיינע קינדער געקומען פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל באַגראָבן זייער מאַמע.

אויף אַ פּאָר סעקונדן איז געוואָרן אַ שטאַרקע שטילקייט. אַלע האָבן זיך געהאַלטן אין איין איבערקוקן און סוד'ן. ענדליך האָט דער פּרעזידענט געגעבן אַ זעץ מיט'ן האַמער און ווידער אָנגעפאַנגען:

— מעמבערס און מעמבערקעס פון אונזער סאָסייעטי „ריעל פרענדס"! איך פאָדער אויף, אַז יעדער פון אייך זאָל נעמען אַ וואָרט און זאָגן זיין מיינונג. באַר אַזוי ווי עס איז שפּעט און קיינער וויל נישט דאָס וואָרט, וועל איך אַליין רייידן און איך זאָג: שוועסטער און ברידער! מיר קענען נישט און מיר טאָרן נישט באַגראָבן דעם נישט־ריכטיגן מת. מיר האָבן געהערט, אַז ביי אונזערן אַ מעמבער איז געשטאָרבן דאָס ווייב, פיין, גוט! זיינען מיר זיך אַלע צוזאַמען־געקומען און ווי אמת'ע „ריעל פרענדס" באַוויינט דעם מת, באַקלאָגט דעם מת, אָנגעגרייט

פא̈ר איר א̈ן א̈נשטענדיגע לוויה, געדונגען א̈ חזן, באַשטעלט קא̈רס און בלומען, געטא̈ן א̈לעס וואָס עס פא̈סט פא̈ר אונזער סא̈סייעטי. א̈בער געוואָלד געשריען, וואָס זיינען מיר די סא̈סייעטי שולדיג, א̈ז דאָס איז נישט דער ריכטיגער מת? מיר קענען א̈לע מר. מא̈גערפעלד׳ס ווייב בעסי, א̈ יא̈?

— יא̈, יא̈! — הא̈בן א̈לע געשא̈קלט מיט די קעפּ.

— טא̈ פא̈ר־וואָס זא̈לן מיר עפּיס בא̈גרא̈בן א̈ ווייב עטל׳ן? — הא̈ט דער פּרעזידענט אויסגעשריען זעהר הויך.

— אמת, אמת! — הא̈ט אויסגעשריען דער וויספּרעזידענט — דער קבר איז נא̈ר פא̈ר מרס בעסי. א̈זוי שטייט אין אונזערע ביכער, נא̈ר בעסי׳ן קענען מיר בא̈גרא̈בן! דא̈טס־א̈ל!

— נו יא̈ — הא̈ט דער פּרעזידענט גענומען זיך קא̈כן — איינער וועט קומען צו דער סא̈סייעטי, מען זא̈ל אים בא̈גרא̈בן זיין ערשטע ווייב, א̈ צווייטער וועט וועלן בא̈גרא̈בן זיין צווייטע ווייב, נא̈ך איינער וועט וועלן בא̈גרא̈בן זיין מיטלסטע ווייב. עס קען דא̈ך ווערן א̈ מעשה א̈ן א̈ סוף! נישטא̈ קיין מא̈נקי־ביזנעס אין אונזער סא̈סייעטי. מיר קענען א̈לע א̈ייער ווייב בעסי און נא̈ר זי קענען מיר בא̈גרא̈בן! דא̈טס־א̈ל!

„קהו, קהו!‟ — הא̈ט ער זיך א̈זש פא̈רהוסט פון כעס.

— וואָס הייסט, א̈ז נא̈ר זי קענט איר בא̈גרא̈בן? זי לעבט דא̈ך! — הא̈ט זיך איצט צושריען טשא̈לי גרין — ער קען דא̈ך נישט בא̈גרא̈בן די לעבעדיגע א̈נשטא̈ט דער געשטא̈רבענער.

— און וואָס זיינען מיר שולדיג? — הא̈ט זיך צושריען דער וויספּרעזידענט — וואָס וועלן מיר טא̈ן, א̈ז היינט וועלן מיר בא̈גרא̈בן די ווייב עטל׳ן און מא̈רגן וועט שטא̈רבן די ווייב בעסי?

— שטא̈רבט א̈ליין! — הא̈ט זיך די מרס מא̈גערפעלד צושריען — איך בין אינגער און געזונטער פון א̈ייך! איך וועל א̈ייך א̈לעמען איבער־לעבן!

— א̈, איר בעסי מא̈גערפעלד, שווייגט בעסער, שווייגט! — הא̈ט זיך צובייזערט דער וויספּרעזידענט — מיר זיינען צוליב א̈ייך א̈רייג־געגא̈נגען אין א̈זא̈ גרויסן עקספּענס און איר גא̈ר נישט, איר שטייט זיך דא̈ און טענה׳ט! און א̈ייך, מר. מא̈גערפעלד, זא̈גן מיר: איר ווילט זיך הא̈בן עטליכע ווייבער, בא̈גרא̈בט זיי א̈ליין, געזונטערהייד, א̈בער דער קבר אין אונזער סא̈סייעטי איז נא̈ר פא̈ר דער מרס בעסי. נא̈ר זי קענען מיר בא̈גרא̈בן! דא̈טס־א̈ל!

איצט הא̈ט זיך שוין צוקא̈כט טשא̈לי גרין און הויך אויסגערופן:

— מעמבערס און מעמבערקעס פון אונזער סא̈סייעטי „ריעל פרענדס‟! הערט מיך אויס, א̈ז א̈זא̈ טעטיגער מעמבער ווי אונזער

עקס־פרעזידענט מר. מאַגערפעלד קען נישט באַגראָבן זיין ערשטע ווייב, איז אַזאַ סאָסייעטי נישט ווערט קיין נאָדל־פאָדעם און איך ווער אויס מעמבער! נישט נאָר אויס מעמבער, נאָר איך וועל די גאַנצע סאָסייעטי צוברעכן. איך האָב די סאָסייעטי געבויעט און איך וועל זי צוברעכן! אַז אַ מאַן קען נישט באַגראָבן אַ שטיקל ווייב, איז אויס מיט די „ריעל פרענדס״! אַדרבה, איך פרעג אייך, אַ סעקרעטאַר פון אַ סאָסייעטי קומט, מען זאָל אים באַגראָבן די ווייב? אַ וויצפרעזידענט קומט? אַ פרעזידענט קומט, מען זאָל אים באַגראָבן די ווייב? און מר. מאַגערפעלד איז געווען ביי אונז דריי מאָל פרעזידענט, פיר מאָל וויצ־פרעזידענט און סעקרעטער איז ער דאָ געווען דריי מאָל, יאָ, פופצן אַמטן האָט ער ביי אונז געהאַט, קומט אים, מען זאָל אים באַגראָבן אפילו פופצן ווייבער. און דאָ ווילט איר פאַר אים נישט באַגראָבן אפילו איין שטיקל ערשטע ווייב! איך ווער אויס מעמבער! אויס „ריעל פרענדס״, גוד באַי! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געכאַפּט זיין העט.

— וואַרט טשאַלי, לויפט נישט! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן.

אין האָל איז געוואָרן אַ טומל, עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן פאַרשידענע גרופּעס מיט פאַרשידענע מיינונגען. דער פרעזידענט און דער וויצפרעזידענט האָבן אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז יענע איז נישט דער ריכטיגער מת. אָבער צו טשאַלי׳ס מיינונג זיינען צוגעשטאַנען אַלץ מעהר און מעהר מעמבערס, איז דערפאַר געבליבן, אַז דערווייל זאָל מען באַגראָבן דעם נישט־ריכטיגן מת און ביי דער נעקסטער מיטינג וועט מען באַשליסן, וואָס מען זאָל טאָן מיט׳ן ריכטיגן מת, מיט בעסי׳ן, צי מען זאָל זי אַמאָל יאָ באַגראָבן אָדער נישט!...

# צוויי שיך



## אַ סקיצע

— שאַין, שאַין, מיסטער! — שאַין, מעם! שאַין מיס! — שאַין, שאַין! — האָט זינגעריש געקלונגען איבער׳ן יוניאָן סקווער פּאַרק. די יונגע קול׳כלעך פון די קליינינקע פּרנסה־זוכערס.

דער טאָג איז געווען אַ זומערדיגער און אַ מילדער. די סקוהלס זיינען געווען פאַרמאַכט. האָבן זיך חברה קליינוואַרג אַרויסגעלאָזט פאַרדינען געלט. אויף זייערע אינגעלשע אַקסלען זיינען אויף לעדערנע רימענס נאָכגעהאַנגען הילצערנע קעסטלעך, אין וועלכע עס איז געווען אַריינגעפּאַקט זייער אַרבייטס־געצייג, אַזעלכעס ווי: געלע און שוואַרצע בערשטלעך, געלע, שוואַרצע און ווייסע פלעשלעך און פושקעלעך מיט שוה־וואַקס, שטיקלעך געוואַנטענע שמאַטקעס און פאַררוקט אין אַ ווינקל צווישן די בערשטלעך און שמאַטקעס האָט זיך אויך געפונען אַ סענעוויטש און אַן עפּל, וואָס אַ מאַמע האָט אַהין זאָרגפעלטיג אַריינגעשטופּט.

די ניט אָפּגעטרייסלטע ברעקלעך פון זייער קינדערשן קייען, האָבן געמאַכט זיך רינגלען די טויבן פונ׳ם פּאַרק אַרום זייערע טריט און אַ פויגל־געפּליה איבער זייערע קעפּ. און אין כסדר׳דיגער באַגלייטונג פון ווייס־גרוי־גרינע טויבן און קליינע ברוינע פויגעלעך, זיינען די יונגע פאַרדינערלעך נאָך אַנאַנד אַרומגעלאָפן איבער די געשלענגלטע אַלייען פונ׳ם פאַרקל, געלאָפן פון באַנק צו באַנק צו די מענשן, וואָס זיינען דאָרט געזעסן און אַנטקעגן געלאָפן שטעג און וועג צו די וואָס זיינען געשטאַנען און געגאַנגען, צו יעדן מיט׳ן זעלבן אויסזינגענדיגן ניגון:

— שאַין, שאַין, מיסטער! שאַין, מעם! שאַין מיס! שאַין, שאַין!

כאַטש אום צו כאַפּן אַ קאַסטומער, זיינען די קליינע אַרבייטערלאַך כסדר אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק, האָט אָבער כמעט יעדער פון זיי אויך געהאַט פאַרכאַפּט אַ ווינקל אינ׳ם פּאַרק, אַ „סטיישאַן" הייסט דאָס, וואו צו בלייבן שטיין מיט זיין קעסטעלע, זיין וואַרשטאַטל. אַ יעדער איז געשטאַנען אָפּגערוקט פונ׳ם אַנדערן אַ פּאָר שפּאַן, אַז דער אַנדערער זאָל נישט אויסכאַפּן דעם אַנקומענדן קאַסטומער — און גאַנץ אָפט פלעגט טאַקע פאַר׳ן פאַרכאַפּן אַ בעסערן ווינקל אַרויסקומען צובלוטיגטע נעזלעך. די געשלעגן פאַר חיונה זיינען דאָרט געווען פּונקט ווי להבדיל ביי די דערוואַקסענע.

צוויי „פּאַרדינערלעך", ביידע אין די יאָרן פון אַרום צען, וועלכע האָבן איינער דעם צווייטן גערופן „מיקי" און „דזשעקי", האָבן מעהר ווי אַלע אַנדערע געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מענשן, וואָס זיינען געזעסן אויף אַ באַנק נישט ווייט פון אָט די „אַרבייטערלעך" און זייערע „וואַרשטאַטעלעך". מען האָט אויף זיי געקוקט, געשמייכלט און געקוועטשט מיט די אַקסלען אויף דער מאָדנער רעטעניש.

ביידע זיינען געווען דיזעלבע יאָרן, ווי אָפּגעמאָסטן דיזעלבע הויך, כמעט דיזעלבע דאַרקייט, ביידע גאַנץ און ריין געקליידעט. מיקי האָט פאַרמאָגט ברוינע אויגלעך און שאַטין האָר. דזשעקי האָט געהאַט שוואַרצע אויגן, שוואַרצע האָר און זיינע בעקלעך זיינען געווען אַ ביסל קיילעכיגער ווי מיקי׳ס.

ביידע זיינען געשטאַנען מיט זייערע „וואַרשטאַטעלעך" נאָהנט איינער נעבן אַנדערן. מען האָט געקענט זען, אַז די צוויי זיינען גוטע און נאָהנטע חברים׳לעך.

וואָס עס האָט זיך דאָ געוואָרפן אין די צושויער׳ס אויגן, איז געווען דאָס, וואָס מיקי האָט כסדר פאַרדינט, געהאַט קאַסטומער נאָך קאַסטומער, ווערנד זיין חבר׳ל דזשעקי איז געשטאַנען נעבן זיין „וואַר־שטאַטעלע" פּוסט און פּאַס.

כמעט יעדן, ווען מיקי האָט נור אָפּגעשטעלט מיט זיין געוועגליכן נגונדל „שאַין, שאַין!" איז באַלד געבליבן שטיין און אַרויפגע־שטעלט דעם טראָט אויף זיין קעסטעלע — און מיקי׳ס הענטלעך מיט די בערשטלעך אין זיי האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן אין אַ גאַלאָפּ איבער יענעם׳ס שוך.

און ווען דזשעקי האָט געפּרוּווט אָפּשטעלן, אויך מיט׳ן זעלבן מאַך מיט׳ן הענטל ווי זיין חבר׳ל, מיט׳ן זעלבן ניגון און ווערטער „שאַין, מיסטער, שאַין, שאַין!" איז זיך יעדער רואיג פאַרביי־געגאַנגען. אַמאָל האָט מען צו אים אַ דריי געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף „ניין!" און מערסטנס

אפילו דאָס אויך נישט! עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט אים גאָר נישט באַמערקט.

דער קלײנער אַרבײטער׳ל פֿלעגט נאָך יעדן דורכפֿאַל זײַנעם בלײַבן שטײן בײַ זײַן וואַרשטאַטל שטאַרק אַפּהענטיק, באַלד מיט אײנעם פֿון זײַנע פֿינגערלעך זיך נעמען קאַלופּן דאָס נעזל און מיט אומעטיגע אויגלעך זיך אַפּט פֿאַרקוקן אויף אַ טויב, וואָס האָט דערווײַל ערגיץ געפֿונען אַ ברעקל און דאָס געפּיקט.

איבערשלאָגן זײַן פֿאַרקוקן זיך פֿלעגט אים יעדעס מאָל דער קלאַפּ פֿון מיקי׳ס בערשטל אויף אַ נײַעם קאַסטומער׳ס שוך.

דערזען דעם נײַעם קאַסטומער בײַם חבֿרל, פֿלעגט דזשעקי גיך אַוועקכאַפּן זײַן פֿינגער פֿונם נעזל, אַרײַנטאָן זײַן הענטל אין זײַן לײדיגער קעשענע און אַ בלאָז טאָן מיט זײַנע ליפּן. דער בלאָז פֿלעגט אַרויסקומען ווי אַ צוזאַמענמישונג פֿון אַ פֿײַף מיט אַ זיפֿץ. און דער פֿײַפֿנדיגער זיפֿץ פֿלעגט זיך יעדעס מאָל פֿאַרענדיגן מיט די ווערטער:

מיקי, איך גײ אַהײם! איך האָב נאָך אפילו נישט קײן אָנהויב! וואָס וועל איך דאָ שטײן? איך גײ!

בײַ דזשעקי׳ס יעדעס מאָל אויסרײדן דאָס וואָרט „איך גײ אהײם!" פֿלעגט מיקי אַזש אַ ציטער טאָן, ווי ער וואָלט מורא האָבן, אַז טאָמער גײט דער חבֿר׳ל אַוועק, וועט זיך פֿון איהם אָפּטאָן די מזל׳דיגקײט. פֿאַנגט ער באַלד אָן:

— נײן, נײן, דזשעקי, גײ נישט! וואַרט נאָך, וואַרט! וועסט זען, וועסט באַלד אויך קריגן אַ קאַסטומער! באַלד, וואַרט נאָך, וואַרט!

ווען ער זעט אַז זײַנע ווערטער ווירקן, דזשעקי בלײַבט ווידער שטײן און קוקט מיט קנאה, ווי ער איז אַ בריה און פֿאַרדינט, טוט מיקי אַ שטעק אַרויס אַ שפּיץ צינגל פֿון זײַן ווינקל מײַלעכל און גיט כוואַטסקע ווידער אַ גליטש אַוועק מיט די בערשטלעך איבער׳ן קאַסטומער׳ס שוך אַלץ פֿלײסיגער און פֿלײסיגער.

נאָך מענשן גײען דערווײַל אַדורך, דזשעקי גיט זיך ווידער אַ לאָז אַנטקעגן די נײַע דורכגײער און בלײַבט ווידער מיט אַ דורכפֿאַל שטופּנדיג ווידער זײַן הענטל אין דער פּוסטער קעשענע.

ווען מיקי ווערט דערווײַל פֿאַרטיג מיט נאָך אַ קאַסטומער, שטעלט ער זיך יעדעס מאָל אַוועק נעבן חבֿר׳ל און פֿאַנגט אָן גליקליך צו קלינגען מיט זײַן הענטל אין זײַן פֿולער קעשענע. אָפּט נעמט ער אַרויס אַ הויפֿן דאַימס און ניקלס, גיט דאָס מיט די אויגלעך אַביסל אַ צײל איבער, אָבער שטופּט באַלד צוריק דעם הויפֿן אין קעשענע און צײלט דאָרט אינעווײניג מיט אַ הנאה׳דיגער קלינגערײַ.

ביי יעדן קלונג אין מיקי׳ס קעשענע כאַפּט דזשעקי מיט אַ ווינקל־אויג אַהין אַ בליק. דעם בליק פאַלגט באַלד נאָך דער פייפעדיגער זיפץ און באַלד נאָך דעם די באַקאַנטע ווערטער:

— איך גיי אַהיים!

אָדער:

— אַ טייערן פלאַץ האַסטו דאַ היינט אויסגעפונען! אַז קיינער גייט דאַ נישט דורך! איך גיי אויף יענער זייט פּאַרק! דאָרט זעט מען מענשן!

ער וויל דאָבייַ אַ הויב טאָן זיין קעסטעלע.

— אָל־ראַיט! — רופט אויס מיקי שמייכלענדיג — אָלראַיט, גיי, אַז דו ווילסט קריגן אַ פּאָר בוכטשעס אין די זייטן! זעסט נישט, אַז דאָרט שטייט היינט דער גרויסער ווילי. ער האָט שוין דאָרט פאַרכאַפּט דעם פלאַץ אין דער פרי.

דזשעקי גיט אַ בליק אַהין, וואו עס שטייט אַ הויך געוויקסיגער אינגל, לאָזט צוריק שטיין זיין וואַרשטאַטל, פאַרבייסט די ליפּן און שטופּט ווידער זיין הענטל אין דער פוסטער קעשענע. גראַבלט דאָרט מיט די שפּיץ פינגערלעך מיט דער האָפנונג, אַז אפשר, אפשר וועט נאָך פאָרט ווערן אַן אָנפאַנג!

מיט אַמאָל דערזען ביידע אַ נייעם דורכגייער. ווי צוויי הינטלעך גיבן זיי זיך גלייך אַ לאָז געגען דעם אָנקומענדן און ביי יענעם׳ס ביידע זייטן צולאָזן זיי זיך ווי אין אַ האַווקן: „שאַין, מיסטער, שאַין, שאַין!״ און נור ווי עפּעס אַ כשוף שטעלט אויף דער נייער דורכגייער זיין פוס אויף מיקי׳ס קעסטעלע.

אַזוי גייען אַוועק מינוטן נאָך מינוטן, האַלבע שטונדען נאָך האַלבע שטונדען.

די צושויערס, וואָס האָבן דאָס צוגעזען, האָבן נישט נור געשמייכלט אויף דעם מאָדנעם מזל פון די צוויי אַרבייטערלעך, נור אָפט האָט מען זיך שיער צולאַכט אויף׳ן קול. דאָס איז געווען, ווען דזשעקי פלעגט עטליכע שפּאַן נאָכלויפן נאָך אימיצן און יענער האָט זיך דורכאויס אָנטזאָגט פון אַ שאַין. און ווען מיקי איז דורך דער צייט פאַרטיג געוואָרן מיט זיין אַרבייט און זיך אויף אַ יאָג געטאָן נאָך דעמזעלבן מענשן, האָט יענער עפּעס באַלד חרטה געקראָגן, געגעבן אַ קוק אויף מיקי׳ן, אַ קוק אויף די אייגענע שיך און באַלד אַוועקגעשטעלט דעם פוס אויף מיקי׳ס קעסטעלע.

און ווי פּאָר יעדן ערפאָלגרייכען פילען מענשן ווי צו פּאַטשן „בראַוואָ״, אַזוי האָבן זיך אויך דאָ די באַנק־זיצערס געגעבן אַ כאַפּ צו די הענט. אָבער דערזעענדיג דזשעקי׳ס טרויעריג פּנים׳ל, פלעגט מען

אַוועקכאַפּן די הענט און זיך נור צושמייכלען ווי פון איינעם, וואָס פאַלט אום.

דזשעקי בלייבט אין אַזאַ מאָמענט שטיין ווי אַ שולדיגער. מיט אומעטיק פאַרשעמטע אויגלעך, כאַפּט ער אַ פאַר׳גנב׳טען קוק אויף׳ן חבר׳ס בערשטלעך, וואָס שאַפן אַזאַ שיינעם גלאַנץ אויף דעם בייזן שוך, וואָס האָט אים איצט אַזוי שטאַרק פאַרשעמט און באַליידיגט. זיין הענטל ווי פון זיך אַליין גיט ווידער אַ טאַפּ זיין ליידיגע קעשענע און ווי אַלעמן אַ סטראַשע צו טאָן, ברומן ווידער זיינע ליפּן: „מיקי, איך גיי אַהיים! אַז איך האָב נאָך אַלץ נישט קיין אָנהויב, איך גיי!"

די צושויער, דאָס דערהערנדיג, צושמייכלען זיך ווידער.

די ברענענדע נאָכמיטאָג־זון האָט קענטיג אויך געוואָלט זען, וואָס עס גייט פאָר אין דעם ווינקל פּאַרק, אָדער זי האָט געוואָלט צוטרייבן די מענשן, וואָס האָבן געשעפּט נחת פון אַ קליין אינגעלע׳ס ליידן. און זי האָט אַראָפּגעניִדערט צו דער באַנק מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז אַלע וואָס זיינען דאָרט געזעסן און הנאה געהאַט פון דעם ספּעקטאַקעל זיינען זיך גיך צולאָפן.

דריי חלקים גרינקייט פון דער באַנק איז מיט אַמאָל געוואָרן גאָלדיג געל, נור איין שטיקל פּלאַץ ביים עק פון דער באַנק, איז געבליבן שאָטנ־דיג גרין. דאָ האָט אַן אַראָפּגעבויגענע צווייג מיט אירע גרינע בלעטער מאַמעדיג באַשיצט פון דער ברענענדיגער זון איין מענשנקינד, וואָס האָט זיך געזוכט ביי איר צו באַהאַלטן.

מיד פון דעם טאָג אַלערליי שווערע איבערלעבונגען, איז ראַשעל סאָרגין דאַנקבאַר צו דעם שאָטנדיגן צווייג געבליבן זיצן אויף דער באַנק און מאַמעדיג נאָכגעקוקט די צוויי יונגיקע פּרנסה־זוכער. געזוכט צו פאַרשטיין די מאָדנע רעטעניש, וואָס איינעם גייט עס כסדר מיט דער פּוטער אַרויף און דעם צווייטן מיט דער פּוטער אַראָפּ.

— זיי זיינען נאָך קינדער! — האָט זי געטראַכט — נאָך נישט געמאַכט קיין שום קרומן וועג אין לעבן.ביידע אין דעמזעלבן עלטער, מיט דעמזעלבן פאַרשטאַנד, דיזעלבע פאַרלאַנגען. וואוזשע ליגט דאָ פאָרט די געהיימניס פון איינעם׳ס דערפאָלג און דעם צווייטענס דורכפאַל?

כדי די צוויי אינגלעך זאָלן נישט באַמערקן אירע פאַרשענדע בליקן, האָט ראַשעל געריוכערט פּאַפּיראָס נאָך פּאַפּיראָס און דורך דעם דורכזיכט פון דעם רויך כסדר געקוקט פון איינעם אויף׳ן צווייטן. זי האָט געוואָלט בייז ווערן אויף׳ן מזלדיגן מיקי. האָט אָבער נישט גע־פונען, אין וואָס אים צו באַשולדיגן. דער אָרבייטערל האָט נישט געטאָן

קיין זאַך, וואָס זאָל זיין אַרויס פון זיין ר׳עכט. ער לאָזט זיין אַרבייט נישט ביליגער און ער זאָגט נישט צו,׳ צו מאַכן בעסער.

זי האָט נישט געקענט געפינען קיין שום חסרון אויף מיקי׳ן און האָט נישט-ווילנדיג געמוזט גוטמוטיג צושמייכלען צו זיין ערפאָלג. אָבער איר שטענדיגער מיטגעפיל צום ליידענדען האָט אין איר אַרויס־געגרופן גרויס רחמנות צו דעם נישט־מזל׳דיגן דזשעקי׳ן — און יעדעס מאָל ווען דזשעקי איז צו אימיצן צוגעלאָפן, האָט זיך ראַשעל אַ הויב געטאָן פון דער באַנק, שיר געוואָלט מיט אים מיטלויפן און מיט־שרייען: „שאַין, שאַין!״ אָבי אים צו העלפן. און ווען אַ פאַרבייגייער איז זיך אַוועק זיין וועג אָדער זיך אָפּגעשטעלט ביי מיקי׳ן, איז ראַשעל יענעם פרעמדן פשוט געוואָרן אַ שונא. און, ווען עס איז צו איר אויער צוגעקומען די ווערטער „איך גיי אַהיים! איך האָב נאָך היינט נישט קיין אָנהויב!״ האָט ראַשעל באַלד גענומען טאַפּן אין איר אויסגע־ריבענעם האַנטבייטל און קוקן אויף אירע שיך, וועלכע זי האָט ערשט מיט אַ שעה צוריק אַליין אָפּגעפּוצט. אַזוי איז אַוועק איין מאָל, נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

ענדליך האָט דזשעקי באַשלאָסן אויף אַן אמת צו גייען און מיט אַ טרויעריגער מינע זיך פאַרמאַסטן, אוועק צו נעמען זיין וואַרשטאַטל. דערזען דאָס, האָט זיך ראַשעל האַסטיג געגעבן אַ הויב פון דער באַנק און זיך געלאָזט צו די אינגלעך טראַכטנדיג, זי מוז דעם ליידענדען אינגל געבן מוט, זי מוז אים מאַכן כאָטש אַן אָנפאַנג.

ביידע אַרבייטער־חברים׳לעך דערזען ווי אַ קאָסטומער לאָזט זיך צו זיי, האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן איר אַנטקעגן מיט׳ן באַקאַנטן געזאַנג: „שאַין, מעם, שאַין, שאַין!״ און גייענדיג מיט זיכערע טריט צו דזשעקי׳ן איז אויך ראַשעל׳ס טראָט פּלוצים געבליבן שטיין אויף מיקי׳ס קעסטעלע.

ווען מיקי׳ס בערשטלעך האָבן זיך גראַציעז אַרומגעגליטשט אויף איר שוך און דזשעקי׳ס קול׳כעל האָט הייזעריק געברומט: „איך גיי אַהיים!״, האָט ראַשעל זיך ווי אויפגעכאַפּט און מיט אַ צוטומלטן שמייכל גענומען קוקן פון איינעם אויף׳ן צווייטן. דאָ אויף איר שוך אין מיקי׳ס הענטלעך און דאָ אויף דזשעקי׳ס פּנימ׳ל און זי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס קומט אויך איר שוך אויף מיקי׳ס קעסטל.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט זי זיך אַליין געוואונדערט — איך האָב זיך דאָך אויפגעשטעלט צו נעמען אַ שאַין נור צוליב דזשעקי׳ן, נור אויס רחמנות צו אים. איך בין דאָך געווען בייז אויף יעדן, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אָט דעם מיקי, טאָ ווי אַזוי קומט אויך מיין פוס אַהער? וואָס פאַר אַ מין מאַגנעטישע קראַפט באַזיצט אָט

דער אינגעל? און מיט וואָס שטויסט עס צוריק יענער? וואו איז דאָ דער סוד?

גיך־גיך לויפן מיקי׳ס בערשטלעך איבער איר שוך און גיך־גיך לויפן ראַשעל׳ס געדאַנקען און באַאָבאַכטונגען פון איינעם אויף׳ן צווייטן. זי באַטראַכט די פּנים׳לעך, די באַוועגונגען און זי כאַפּט זיך, אַז זי האָט, דאַכט זיך, אַנטפּלעקט דעם סוד.

מיקי לויפט יעדן אַנטקעגן מיט אַ פרייליכקייט, מיט אַ שמייכעלע. ער שמייכלט אַזוי זוניג אַריין אין דעם קאַסטומער׳ס פּנים, אַז עס צעוואַרעמט באַלד יענעם׳ס געמיט. זיין קול׳כעל איז אַזאַ זיכערער, מיט אַזוי פיל גלויבן אין זיך, אַז עס מאַכט דעם קאַסטומער באַלד צו גלויבן, דאָס זיין שוך באַדאַרף טאַקע דעם „שאַין״. ווערענד דזשעקי לויפט און קוקט גאָר נישט דעם קאַסטומער אין פּנים. זיינע בליקן, ווען ער רופט און בעט, קוקן גלאַט אין דער וועלט אַריין. זיין קול׳כעל איז אַן אומעטיגער, אַ שווערער און נישט־זיכערער, אַזוי נישט זיכער, אַז דעם קאַסטומער גלויבט זיך נישט אַז ער דאַרף אַ „שאַין״.

אָבער פון וואַנען נעמט זיך די פאַרשידענקייט אין זייערע קינדערשע געמיטער? — טענה׳ן ווידער ראַשעל׳ס געדאַנקען.

דזשעקי גיט דערוויל נאָך אַמאָל אַ טאַפּ זיין קעשענע און בלאָזט אַרויס דורך זיין פייפענדיגען זיפץ:

— אָ, מיין מאַמע וועט דאָס היינט זיין אומעטיג!

און ראַשעל געפינט גלייך אין דעם אַן ענטפער אויף דער רעטעניש, וואָס מאַטערט זי.

— פון זייער היים — טראַכט זי ווייטער — פון זייער היים ברענגען זיי דאָס מיט. מיקי ווערט מסתמא אַרויס־באַגלייט פון זיין היים מיט אַ פרייליכן שמייכל, מיט אַ צערטליכן בליק, נעמט ער די שטימונג מיט מיט זיך און שטעקט מיט דעם אָן זיינע קאַסטומער. און דזשעקי גייט מסתמא אַרויס פון זיין שטוב באַגלייט מיט אומעט, מיט קאַלטקייט, און מיט אַ נישט־גלויבן אין זיך.

ראַשעל׳ס געדאַנקען ווערן איבערגעשלאָגן פון דזשעקי׳ס באַקאַנטע ווערטער: „נו, מיקי, איך גיי שוין אַהיים! איצט גיי איך שוין!״

— ניין, וואַרט נאָך אַ ווײַלע, וואַרט! — קומט מיקי ווידער אַרויס מיט דעמזעלבן.

דזשעקי הערט אים נישט און נעמט זיך צו זיין קעסטעלע.

— וואָס טוט מען? — טראַכט ראַשעל — ווי העלפט מען אים פאַרט אַרויס? גלאַט אים געבן אַ פּאָר סענט, ווערט אים נאָך מער אַנטמוטיגן, נאָך מער אָוועקנעמען דעם גלויבן אין זיין אייגענעם כח צו פאַרדינען.

דזשעקי לייגט צוזאַמען זיינע בערשטעלעך. מיקי אַרבייטעגדיג, כאַפּט צו אים אַ בליק און מורא האָבנדיג, אַז ער וועט באַלד נישט האָבן, פאַר וועמען זיך צו פּלייסן, בעט ער זיך:

— גיי נישט, זאָג איך דיר. וואַרט נאָך, וואַרט, וועסט זען, וועסט באַלד קריגן אַן אָנהויב, וועסט זען!

— אָ! — גיט אַ מאַך דזשעקי מיט'ן הענטל, נישט גלויבענדיג — אַה, ווייס איך וואָס, איך וועל נישט!

— יע, וועסט באַלד האָבן אַן אָנהויב! — זאָגט פּלוצלינג אַריין ראַשעל, פאַלנדיג אויף אַ מאָדנעם פּלאַן.

ביידע קינדער קוקן זי אָן פאַרוואונדערט. דזשעקי גיט דאָן אַ קרומען קוק אויף איר שוך, אויף וועלכן עס לויפן מיקי'ס בערשטלעך — און טראַכטנדיג: וואָס מישט זיך די פרעמדע אין זיינע געשעפטן? פאַר־וואָס האָט זי בעסער נישט געשטעלט אָט דעם שוך אויף זיין קעסטעלע? גיט ער ברוגז אַ ברום: „יע, יע, איך וועל שוין היינט קריגן אַן אָנהויב, יע! — און ער נעמט דערביי אָנטון דעם רימען אויף זיין אַקסל.

— לאָז נאָך אַ ווײַלע שטיין דיין קעסטעלע! — רופט אויס ראַשעל פעסט — איך זאָג דיר, אַז דו וועסט באַלד קריגן אַן אָנפאַנג!

איר פעסטער טאָן שוואַכט אָפּ דזשעקי'ס הענטלעך פון דער קעסטעלע און ער קוקט זי אָן.

מיקי, זי אויך אָנקוקנדיג, גיט דערווייל אַ קלאַפּ מיט'ן בערשטל אין איר שוך, איר אָנצוזאָגן, אַז דער שוך איז שוין פאַרטיג און זי זאָל אַרויפשטעלן איר צווייטן פוס.

ראַשעל נעמט אַראָפּ איר פוס, לאָזט איבער מיקי'ן, גייט צו צו דזשעקי'ס קעסטעלע און שטעלט דאָרט אַוועק איר צווייטן פוס.

ביידע אַרבייטערלעך גלאָצן אויס פאַרוואונדערט זייערע אויגלעך. מיקי בלייבט אויף די קניעלעך נעבן זיין קעסטעלע אָפּהענטיג און מיט אַ פאַרשעמטן שמייכעלע. דזשעקי שטייט אַ צוטומעלטער, קוקט אָט אויף מיקי'ן, אָט אויף ראַשעל'ס פוס, וואָס שטייט אויף זיין קעסטעלע, אָט אויף איר שמייכעלדיגן פּנים, ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ענדליך רייסט זיך אַרויס אויף זיינע ליפּעלעך אַ שמייכעל.

— נו, שאַין! — זאָגט ראַשעל — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו וועסט באַלד האָבן אַן אָנפאַנג!

ביידע חברים'לעך קוקן זיך איבער צוטומעלט, טראַכטנדיג, אַז דאָס וויל זי צוטיילן דעם דאַים אויף צווייען.

— נאָך גוט וואָס דער פּרייז איז איצט אַ דאַים! — טראַכטן ביידע.

דזשעקי שטייט נאָך אַ ווייל און ווייס נישט וואָס צו טאָן.

— נו, גיב מיר שוין דעם שאַין! — זאָגט ראָשעל ווידער, דאָס מאָל כמעט באַפּעלעריש.

דזשעקי גיט ווידער אַ קוק צום חבר׳ל און אַ קוועטש טוענדיג מיט זיינע אַקסלעך, וואָס עס מיינט: איך קען נישט העלפן, מען הייסט! נעמט ער זיך צום צווייטן שוך. זיינע הענטלעך לויפן פלייסיג מיט חשק און זיין בערשטל גיט באַלד מיט שטאָלץ אַ קלאַפּ אין איר שוך, וועלכעס מיינט, אַז עס איז שוין פאַרטיג.

ראָשעל זוכענדיג אין איר האַנט־בייטל פאַרשטייט, וואָס ביידע טראַכטען און מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל נעמט זי אַרויס צוויי דאַימס, גיט יעדן צו דאַים, זאָגט זיי „גוד־באַי״ און גייט אַוועק.

ביידע מיט די דאַימס אויף זייערע דלאָניעס קוקן איר נאָך.

— אירע שיך זיינען אויסגעדרייטע! — מורמלט אַרויס דזשעקי.

— און צוריסן! — כאַפּט אונטער מיקי.

— ווייסט, מיקי! — רופט אויס דזשעקי אויפגעלעבט — עס איז געווען פאַן, צו שאַינען מיר אַ שוך, דיר אַ שוך. אפשר זאָלען מיר זיך ווייטער טיילען, מיר אַ שוך, דיר אַ שוך?

— יע! — זאָגט מיקי — פון איצט אָן זאָל זיין מיר אַ קאַסטומער, דיר אַ קאַסטומער!...

# אַ טאַטע אויף אַ וואָך



## אַ פּאָרטרעט

לייזערל זיצט אויף אַ נידריג בענקעלע, האַלט אַ ספר אין זיין האַנט, אָבער זיינע אויגן קוקן נישט אַריין אין ספר, נאָר קעגנאיבער אים אויף דער וואַנט, וואו עס הענגט דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע בילד פון זיין פייגעלע'ן אין איר חופה־שלייער.

ער גראָבט אַריין אין דעם זיינע בליקן אַלץ טיפער און טיפער, און ביידע צוזאַמען, ער און דאָס בילד, וואַנדערן אַוועק אין דער ווייטער, ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

דער ווייסער שלייער אויף פייגעלע'ס קאָפּ מינעט זיך אין זיינע אויגן, ס'שווינדלט די ווייסקייט אַריין אין אַ גראָז־גרינקייט, פון דעם שלייער ווערט אַ סטענגעלע, וועלכעס האָט זיך אַמאָל געפלאָנטערט אויף פייגעלע'ס זעכצן־יאָריגן בלאָנדן קאָפּ.

ער זעט ווי דאָס וואָלט ערשט איצט געווען, ווי דאָס סטענגעלע האָט זיך פאַרקניפּלט אין אירע גאָלדענע לאָקן — און פייגעלע בעט אים, דעם זיבעצן־יאָריגן ישיבה בחור'ל, וועלכער פלעגט קומען צו זיי אין שטוב עסן אַ טאָג, ער זאָל אַרויספּלאָנטערן איר גאָלדענעם לאָק פון דעם גרינעם סטענגעלע.

און ווען זייערע ביידנס בליקן האָבן זיך דעמאָלט צוזאַמענגעטראָפן, האָט אים, לייזערל'ן גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, דער גאָלדענער לאָק, דאָס גראָז־גרינע סטענגעלע און די הימל בלויקייט פון פייגעלע'ס אויגן, האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן ווי אַ רעגנבויגן, זיינע צאַרטע, בלאַסע פינגער, זיינען געוואָרן נאָך בלאַסער, ווען זייערע שפּיצן האָבן אָנגערירט אירע גליטשיג זיידענע האָר. ער דערפילט

נאָך איצט יענעם ציטער, דאָס האַרץ טיאָכקעט, קלאַפּט שטאַרקער, שטאַרקער, די קניען בויגן זיך אונטער, דער קאָפּ דרייט זיך, פאַר די אויגן שוועבן גרינע סטענגעלעך, קאַרשען־רויטע ליפּן, זיידענע האָר גליטשען זיך אונטער די פינגער, אַט־אַט, און ער וואָלט זיכער אַוועקגעחלש׳ט, ווען עס קומט נישט פּלוצלונג אָן אַ מלאך אין גע־שטאַלט פון פייגעלע׳ס מאַמע. נאָר איר אָנקומען האָט אים דעמאָלט געראַטעוועט פון חלשות.

טאַקי צוליב דער מאַמע׳ס דערזען זיינע בלאַסע פינגער אויף דעם גרינעם סטענגעלע, איז שפּעטער געפּראַוועט געוואָרן זיינע און פייגעלע׳ס חתונה...

זיינע מידע און קורצזיכטיגע אויגן צעפינטלען זיך איצט. אין אויג גראָבט זיך אַריין אַלץ שטאַרקער אינ׳ם בילד, און דאָס צווייטע אויג פאַרזשמורעט זיך ווי אין אַ דרעמל, און שוועבט מיט אים אַוועק אויף די פליגלען פון זיינע זכרונות, צוריק צו די טעג און יאָרן פון זיין דורכגעלעבטן לעבן.

אַרום די ראַמען פון דעם בילד שפּאַרן זיך דורך אויסגעפּוצטע פּאָרלעך, טאַנצנדיג קאַדרילן, מחותנים ווינשען זיך מזל טוב, קלעז־מאָרים שפּילן — און פייגעלע, זיין כלה, זיצט אין מיטן צימער, אירע הימלקאָליר־אויגן און קאַרשן־ליפּן, פינקלען אַרויס פון אונטער דעם ווייסן חופּה־שלייער, אַ גליקליכע, אַ פריילעכע, קוקט זי צו אים, און צום ערשטן מאָל ווערט דאַן די פריילעכע פייגעלע אומעטיג, טאַקע ער, לייזערל, פירט זי אַריין אין ערשטן אומעט, „אל מלא רחמים׳ס״ מאַכט מען פאַר׳ן חתן׳ס טאַטע־מאַמע. אַ צעשראָקענע שטייט זי ביי זיין זייט, עפּעס זאָגט מען ווערטער, פון וועלכע פרעמדע ווייבער ברעכן אויס אין אַ געוויין... פרעמדע, ווייל קיין אייגענע משפחה האָט ער נישט, בלויז עטליכע ישיבה בחורים׳לעך זיינען דאָ פון זיין צד.

אַ קיילעכיגער יתום, זיך אויפגעהאָדעוועט פון עסן טעג און שלאָפן אין בית־המדרש אויף דער באַנק, דאָס קאַפּאָטקעלע צוקאַפּנס. האָט קיינמאָל אפילו ניט געקענט זיין מאַמען, און ניט זיין טאַטן! — סוד׳ען זיך ווייבער, ווישנדיג זייערע אויגן. זיי האָבן אָבער אַ טעות, די ווייבער, — טראַכט ער — ווייל זיין מאַמע׳ן האָט ער יאָ געקענט, כאָטש ער איז נאָר געווען פיר יאָר אַלט, דאָך געדענקט ער זעהר גוט, אַז זי האָט אויסגעזען אינגאַנצן ווי זיין כלה.

אַ מאַמע׳ס לאַסקע האָט ער דאָך אַמאָל געפילט, אָבער נאָך זיין טאַט׳ן איז ער אַ גאַנץ.

אָך, ווי ער פלעגט עס מקנא זיין די אינגלעך, וואָס זיינען געגאַנגען פרייטאָג־פאַרנאַכט מיט זייערע טאַטעס אין בית־המדרש, טראָגנדיג

אונטער זייערע אָרעמלעך זייערע סידורים, און שבת פּרי זייערע טאַטעס טליתים, און אויך דעמאָלט, ווען טאַטעס זיינען געקומען צום רבי'ן, פֿאַרהערן זייערע זיהן און פלעגן זיי אַ קניפּ טאָן אין בעקל פֿאַר'ן גוטן לערנען און עס פלעגט זיך דאָן מיט שטאָלץ אַזאַ אינגל פיעשטשען: „אֵי, טאַ־טע!" פלעגט זיך לייזערל דעמאָלט פֿאַררוקן אין אַ ווינקל, גלעטן זיין אייגענע באַק, און אין דער שטיל נאָכשעפּטשען: „טאַטע!" — ווי ער וואָלט וועלן אויספּרוּאוון, צי קען ער אויך אויסריידן דאָס וואָרט „טאַטע".

און דאָ שטייט דער חזן און דערמאָנט אים ווידער, אַז ער האָט נישט קיין טאַט'ן, אָבער איצט איז ער שוין נישט מער אַליין, זיין פייגעלע שטייט לעבן אים...

און אָט ענדיגט דער חזן די שווערע אומעטיגע ווערטער, קלעז־מאָרים שפּילן אויף אַ פרייליכס, מחותנים טאַנצן אידישע האָפּקעס, און ווי געשמאַק עס איז די גאָלדענע יויך, דערביי טוט זיין צונג אַ לעק זיין גומען, און אָט קומט דער מצוה־טאַנץ! — טראַכט ער ווייטער.

— געדענקסט, פייגעלע, געדענקסט אונזער מצוה־טאַנץ? — רופט ער אויס זיך אַ הויב טוענדיג פון בענקעלע, מיט אַן אויסגע־שטרעקטן פינגער, ווי ער וואָלט איר געוואָלט אַ טיאָכקע טאָן אין פלייצע, ווי עס איז געווען זיין געוואוינהייט.

— אַלטער בעל־עבירה'ניק! — דערהערט ער זיין פייגעלע'ס קול, אָבער ער כאַפּט זיך באַלד, אַז דאָס איז ניט געווען זיין פייגעלע'ס קול, נאָר דער קלאַפּ פון ספר, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן צוליב זיין אויפ־שטעלן זיך.

דער קלאַפּ וועקט אים אויף פון זיין חלום, אַ פאַרשעמטער פאַר זיך אַליין, הויבט ער אויף דעם ספר פון דער ערד, און דאָס אַ קוש טוענדיג, זעצט ער זיך צוריק אויף דעם נידריגן בענקעלע, דעם „עדות", אַז ניט פון זיין חתונה קומט ער איצט, נאָר פון זיין פייגעלע'ס לויה.

פייגע, זיין לאַנג־יאָריגע לעבנס־באַגלייטערין, זיין פריינט, זיין באַשיצערין, דורך די אַלע לאַנגע יאָרן, איז שוין נישטאָ מער... און ער איז געבליבן אַליין, אַליין...

אמת, ס'איז פאַראַן אַ גאַנצע משפחה: זיהן, טעכטער, אייניקלעך, אַלע פיינע קינדער, געלערנטע, איינער אַ דאָקטאָר, איינער אַ לאָיער, איינע אַ טיטשערין, איינע אַ נוירס, אָבער זיי זיינען אַלע כמעט ווי פרעמדע צו אים, זיי זיינען היינטוועלטיגע, האַלטן נישט פון זיין פרומקייט, פון זיין אַלטמאָדישקייט, און ער פאַרשטייט נישט זייער היינטוועלטיגקייט. דורך איר, דורך דער מאַמע'ן, האָט מען זיך אַלעמאָל

צוזאַמענגערעדט, זי האָט זיך מיט די קינדער יאָ פאַרשטאַנען, פאַר איר האָבן זיי אויסדערציילט זייערעליידן און זייערע פריידן.

אַז ער האָט עפּיס געוואָלט וויסן וועגן די קינדער, פלעגט ער דאַרפן פרעגן ביי איר, ביי זיין פייגע'ן און זי האָט אים שוין איבער־געגעבן אַלעס, וואָס עס טוט זיך ביי די קינדער.

אַזוי איז געווען דאָס גאַנצע לעבן, ער איז קיינמאָל נישט געווען אין שטוב קיין וויכטיגער, קיין „טאַטע", נאָר אַן „ער", און שפּעטער איז ער געוואָרן דער „אַלטער", אָדער „די אָלד מען"...

גאָר, גאָר אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט ער, אַ דאַנק דער שוויגער זיינער, געהייסן „דער גרויסער פאַרדינער", אָדער „דער שלומיאל"...

אַך, ווי עס האָט אים אַמאָל געקרענקט דאָס וואָרט „שלומיאל"... דער עיקר האָט דאָס אים געקרענקט, ווען זיין קינד, זיין יצחק'ל, דער איצטיגער דאָקטאָר איזי, ווען ער האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט.

יצחק'ל, זיין ערשטער זוהן, אויף וועמען ער האָט געהאָפט און געוואָרט מיט אַזוי פיל אומגעדולט, אַז ער זאָל שוין אַרויסריידן דאָס וואָרט „טאַטע", פון וואָס ער פלעגט כסדר חלומ'ען, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט וועמען צו רופן „טאַטע", דערפאַר וועט מען אים איצט רופן „טאַטע". אינגעלעך, מיידעלעך, פון אַלע זייטן וועלן אים רופן „טאַטע". איינס וועט זאָגן: „טאַטע, פיר מיך אין חדר", אַ צווייטער וועט זאָגן: „טאַטע, נעם מיך מיט אין בית־המדרש!" און אַ דריטע וועט זאָגן: „טאַטע פלאַנטער אויס דאָס סטענגעלע פון מיינע לאָקן!..."

אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך אַנדערש! זיין יצחק'ל איז שוין געבוירן געוואָרן אין דער גאָלדענער מדינה. ער האָט חלילה גאָר נישט צו אַמעריקע, אַ גאַנץ פיינע מדינה, נאָר ער, לייזערל האָט דאָ אין אַמעריקע געמוזט אָוועקוואַרפן זיין לערנען און ווערן אַ סוחר, אַרומטראָגן זיך מיט אַ קאָשיקל, וואָס זיין שוויגער האָט אַרומגעבונדן מיט אַ לעדערנעם רימען אויף זיין אַקסל, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען שיך־בענדלעך, שוועבעלעך, מזוזות, לוחות. און ווען ער פלעגט פון אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין איבער די בויאַרקער גאַסן נישט ברענגען גענוג אויף אָפּצוקאָכן אַ וועטשערע, האָט אים דעמאָלט די שוויגער געקרוינט מיט'ן נאָמען „גרויסער פאַרדינער" און אַלס צוגאָב פלעגט זי אים רופן „שלומיאל".

נאָר זי, זיין פייגע, האָט זיך פאַר אים שטענדיג איינגעשטעלט און כסדר גע'טענה'ט: „וואָס איז ער נעביך שולדיג, אַז מען וויל ביי אים נישט קויפן?"

אַלע מאָל האָט זי זיך פאַר אים איינגעשטעלט, אַלע מאָל, אפילו דאַן ווען ער האָט זיין גרעסטענעם איינציגן יצחק'ל געשלאָגן, וואָס ער האָט אים אַנשטאָט „טאַטע" גערופן „שלומיאל". ער געדענקט עס, ווי דאָס וואָלט געווען ערשט נעכטן. יצחק'ל האָט שוין שאַרף אַרויס־געזאָגט „מאַמע", „באָבע", אָבער ער האָט נאָך אַלץ נישט געקענט זאָגן „טאַטע". איינמאָל, ווען ער האָט אים געוויגט צום איינשלאָפן, האָט ער פאַר אים געזונגען און אין דערזעלבער צייט געלערנט אים זאָגן „טאַטע".

דאַכט זיך, אַז עס איז געווען אַזוי אַ: „ליו־ליו! זאָג טאַטע, ליו־ליו, זאָג טאַ־טע!"

אָבער די שוויגער אין צווייטן צימער האָט זיך דעמאָלט צו־שריגן, ער זאָל לאָזן דאָס קינד איינשלאָפן, אַז דאָס קינד וועט נאָך קענען זיין טאַטן, דעם שלומיאל... און באַלד איז שוין פייגע געווען אויף זיין זייט, צוקומענדיג צום וויגעלע און גוט איינדעקנדיג דאָס קינד, האָט זי גע'טענה'ט: „אוי, מאַמע, הער שוין אויף מיט דיין שלומיאל!"

און דאָס קינד, זיין גרעסטן יצחק'ל, איז געווען געוואוינט נאָכ־צוריידן זיין מאַמע'ן, האָט ער באַלד נאָכגערעדט:

— שלומיאל, שלומיאל!

די שוויגער און אפילו זיין פייגע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט, פון דעם קינד'ס חכמה, נאָר אים איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן, ער האָט שוין קוים דערלעבט, אַז יצחק'ל זאָל אַרויסריידן „טאַטע", האָט ער גאָר אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „שלומיאל"... ער האָט אים דעמאָלט געגעבן אַ פעטשל, און נאָך אַ פעטשל, און ער האָט געשריען, געבעטן:

— זאָג טאַטע! זאָג טאַטע!

נאָר דאָס קינד, אַזוי ווי אויף צו להכעיס, איז דוקא געפעלן געוואָרן דאָס וואָרט „שלומיאל", און ער האָט געשריען:

— שלומיאל... שלומיאל...

יאָרנלאַנג האָט מען אין שטוב איבערגערעדט דעם קינד'ס חכמה, אַזוי, אַז שפּעטער איז עס שוין אַליין פון זיך איבערגעגאַנגען צו די אַנדערע קינדער, און ווען נאָך שפּעטער האָבן די אינגלעך נאָך זייער סקול געדאַרפט אַרומלויפן פאַרקויפן צייטונגען און די מיידעלעך האָבן געדאַרפט אַרויסהעלפן דער מאַמען, ראַמען די צימערן און קאָכן וועטשערע פאַר די באָרדערס, איז שוין דעמאָלט אים אַליין קיין וואונדער ניט געווען, וואָס ער האָט אין שטוב ניט געהאַט קיין אַנדער נאָמען ווי נאָר „דער שלומיאל" אָדער דער „גרויסער פאַרדינער"...

נאָר פונדעסטוועגן, ווען ער איז נאָך געווען אַ סוחר מיט זיין קאַשיקל אויף זיין אַקסל, האָט ער נאָך פאַרט געהאַט עפּיס אַ נאָענט־קייט צו די קינדער. אַמאָל פלעגט ער זיי ברענגען אַ מתנה פון דער גאַס, עפּיס אַ מציאה פון אַ פּושקאַרט; אַמאָל פלעגט ער דערציילן אַ חכמה, וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט אין גאַס אָדער אַן עוולה פון אַ קונה, אָט די זאַכן זיינען געווען היינטוועלטיג, פאַרשטענדליך פאַר די קינדער, האָבן זיי זיך נאָך ווען־עס־איז אַמאָל צוגעהערט צו אים... אָבער ווען פון אַרומבלאָנקען מיט׳ן קאַשיקל איבער די גאַסן זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן זיינע פיס, אַזוי אַז ער האָט מער ניט געקענט טאָן אַ טראָט, און ער האָט געמוזט ווערן אויס סוחר מיט מענשן, נאָר אַ סוחר מיט געטליכע זאַכן, אַ דאַנק דעם גוטן פּרעזידענט פון זיין שול, וועלכער האָט אים דעמאָלט געגעבן די עצה, צו ווערן אַ מלמד ביי זיך אין שטוב, צוצוגרייטן אינגלעך צו בר־מצוה, און אים אויך באַלד געגעבן אַ פּאָר תלמידים.

פון יענער צייט אָן איז ער געוואָרן מיט זיינע קינדער נאָך פרעמדער. ער האָט מער ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס.

זיי האָט ניט אינטערעסירט, וואָס עס טוט זיך ביי אים, מיט זיינע תלמידים. צו דעם זיינען זיי נאָך געווען אין כעס, וואָס ער האָט זיי געבאַדערט מיט אַזאַ נאַרישקייט ווי וועלן זיי פאַרהערן דאָס ביסיל אידישקייט, וואָס זיי האָבן געלערנט ביי זייערע מלמדים. זיי זיינען געווען פאַרהאָרעוועט מיט זייער שטודירן, און מיט דאַרפן פאַרדינען אויף צו קאָנען שטודירן, האָט ער זיי נאָך געדרייט אַ ספּאָדעק מיט זיין לערנען און מיט זיין פרומקייט. צו דעם זיינען זיי נאָך געווען בייז, וואָס דעם ליכטיגסטן חדר, דעם פראָנטרום, האָט די מאַמע אים אָוועק־געגעבן, צו לערנען מיט די תלמידים, און זיי, זיינע קינדער, האָבן געדאַרפט מאַכן זייערע לעסאָנס אין די פינסטערע בעדרומס.

אָבער ווען די מאַמעס פון די בר־מצוה אינגלעך פלעגן קומען אין שטוב אַריין, אָפּצאָלן שכר לימוד, גרינע פּאַפּירענע פינפער, אָדער גאָר צענער דאָלאַרן, און אים נאָך דערביי גערופן „רב לייזרל״, האָט ער דעמאָלט ביי זיינע קינדער אַרויסגערופן אַ שטיקל דרך־ארץ. טוט זיך אַ יאַווע אַ ביסיל שטאָלץ אין זיין האַרצן, און ער טראַכט ווידער:

— און ווען אַ דאַנק דעם זעלביגן גוטן שול־פרעזידענט׳ס עצה האָט מען שפּעטער אָט־דאָ, אין דעם סילינג פון פראָנט־רום איינגע־סטראָיעט אַ חופה — טוען זיינע קורצזיכטיגע אויגן אַ בליק אַרויף צו דעם — און ער האָט עטליכע מאָל דורכ׳ן יאָר פאַרדינט צענערלעך, און אפילו צוואָנציגערס פאַר געבן „חופה וקדושין״ צו עלטערע פאָרלעך, צו אַלמן׳ס און אלמנות, און ווען מיט דעם געלט האָבן זיינע קינדער

געקענט באַצאָלן אין זייערע קאָלעדזשעס, איז דעמאָלט אַליין פון זיך פאַרשוואונדן דער צונאָמען „גרויסער פאַרדינער" און „שלומיאל". אַנשטאָט דעם, איז ער געוואָרן אַן „ער", „דער אַלטער", „די אָלד מען", אָבער אַליך נישט „טאַטע"...

ער ווייסט אפילו נישט אויב זיינע קינדער קאָנען גאָר אין אידיש אַרויסרעדן דאָס וואָרט „טאַטע", ווען ער פלעגט אַמאָל זיי הערן רעדן צו זייערע פריינט וועגן אים, איז עס שטענדיג געווען „מיי פאַפ", אַמאָל „מיי פאַטער", אָבער מערסטנטיילס איז דאָס געווען „די אָלד מען", אָדער „דער אַלטער".

— יאָ, טראַכט ער ווידער, — אַ שטיקל דרך־ארץ האָבן זיי יאָ אין זיך באַהאַלטן ערגעץ פאַר אים, אָבער ניט קיין נאָענטקייט, און געדולד אודאי ניט. ווער רעדט נאָך איצט, ווען ער דערזעט שוין נישט אַזוי גוט און ער דערהערט שוין נישט אַזוי גוט, ווער וועט זיך מיט אים איצט באַדערן? ווער וועט אים דערציילן, וואָס עס טוט זיך ביי זיינע קינדער?

— אוי, פייגע, פייגע! חבר מיינער! — האָט ער קוקנדיג אויפ'ן בילד, זיך צע'טענה'ט אויף אַ קול, — ביזט דאָך געווען אַ יאָר איינגער פון מיר, טאָ פאַרוואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט איצט, צו מיין זיבעציגסטן יאָר, אַליין אַליין?

ער האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז די קינדער אין די אַנדערע חדרים האָבן דערהערט זיינע טענות, האָט ער אויף גיך אַריינגעגראָבן זיינע אויגן אין ספר, און אָנגעפאַנגען פון דאָרט אַרויסזאָגן אויף אַ הויכן וויינענדיגן אָבער זיסן ניגון.

זיין קול האָט זיך טאָקי דערטראָגן צום אַנדערן צימער, וואו עס זיינען געזעסן זיינע ביידע זיהן אויף איבערגעקערטע הילצערנע קעסטלעך, איין טאָכטער איז דאָרט געזעסן אויף אַ נידריגן בענקעלע, און די צווייטע טאָכטער, די מיזינקע, איז געלעגן אין בעט, איינגע־גראָבן די פאַרוויינטע אויגן אין קישן. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי דורכגעלעבט אַ טויט אין זייער אייגענער משפחה, און פון דער נאָענ־טסטער און ליבסטער, דער דאָקטאָר איז געזעסן אַ האַלב פאַרשעמטער און געטראַכט: „וואָס טויג אים זיין גאַנצע דאָקטאָריע, אַז ער האָט זיין אייגענע מאַמע ניט געקענט ראַטעווען פון דעם סוד וואָס הייסט טויט?..."

דער לאָיער האָט איינגעזען, אַז אַלע זיינע אויסגעשטודירטע ספּיטשעס, וואָס זיין מאַמע האָט אַזוי ליב געהאַט פון אים צו הערן, האָבן דאָ איצט גאָר קיין ווערט ניט געהאַט. אַלע זיינען געזעסן ווי פאַרלאָרענע, ווי צעשראָקענע קליינע קינדער, קיינער האָט ניט גע־

וואוסט וואָס צו ריידן און וואָס צו זאָגן, איינער האָט געוואָלט צוציען צו זיין נידריגן בענקעלע אַ בוך, כדי אין דעם לייענען צו פאַרגעסן אַביסיל דעם טרויער, האָט ער באַלד דערפילט אין די בליקן פון די אַנדערע, אַז עפּיס איז אין אַזאַ צייט ניט פּאַסיג צו לייענען קיין ביכער. אַן אַנדערער האָט געוואָלט טאָן אַ בליק אין אַ צייטונג, האָט ער אויך דערפילט דאָס זעלביגע.

אַ טרויעריגע שטילקייט האָט געשוועבט אַרום זיי. זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, וואו צו זוכן טרייסט צו זייער צער, ווען זיי האָבן פּלוצלונג דערהערט לייזער׳ס אומעטיגן, אָבער זיסן תהלים־ניגון. די ווערטער האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, אָבער עפּעס האָבן אָט די אידישע ווערטער געבראַכט אַ גרוס פון דער מאַמען!...

און ווען לייזער האָט זיינע אויגן אויפגעהויבן, האָט ער דעם ערשטן דערזען לעבן זיך מיט׳ן קעסטל אין דער האַנט, זיין זוהן דעם דאָקטאָר, זיין יצחק׳ל.

— „טאַטע", זאָג עס העכער! — האָט דער דאָקטאָר גע־בעטן, זעצנדיג זיך נאָנט לעבן אים אויף דעם איבערגעקערטן קעסטל.

— וואָס זאָגסטו? — האָט לייזער ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויערן, אַז ער האָט עס טאַקי געהערט זיין יצחק׳ן אַרויסריידן דאָס וואָרט „טאַטע" צום ערשטן מאָל אויף אַ פּשוט׳ן אידישן לשון, און אַזוי שאַרף „טאַטע!"

— איך זאָג, טאַטע, אַז דו זאָלסט זאָגן דיינע תפילות העכער, איך וויל עס אויך הערן, פּליז, טאַטע!

אַ נייער מין טרער האָט גענומען פינקלען אין לייזער׳ס אויגן, און איידער ער איז געקומען צו זיך, האָט זיך ביי זיין צווייטער זייט געזעצט זיין צווייטער זוהן, דער לאָיער, זיין יאַנקעלע.

— יאָ, יאָ, טאַטע, לערן הויך! איך וויל אויך הערן, נאָ, אָט זיינען דיינע גלעזער, טו זיי אָן, וועסטו בעסער זעהן, טאַטע! — האָט אים דער לאָיער אַנגעטאָן זיינע גלעזער.

אַ צעטומלטער האָט לייזער גענומען מישן די בלעטלעך.

— אָט דאָ, טאַטע, האַלטסטו, אָט דאָ איז פאַרבויגן דאָס בלעטל, טאַטע! — האָט זיין טאָכטער ביילקעלע, די סקול־טיטשערין, אַ מיש געטאָן די בלעטלעך פון זיין ספר, זיך אויך צורוקנדיג מיט איר בענ־קעלע נאָנט צו אים.

— טאַטע, פאַרטייטש די ווערטער, מיר זאָלן זיי פאַרשטיין, יאָ טאַטע! — האָט געבעטן זיין מיזינקעלע סערקעלע, די נוירס, זיך

אַריינשפּאַרנדיג מיט איר בענקעלע זעהר נאָנט צו אים, און אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין שטערן.

— יאָ, קינדערלעך, אודאי, הערט זיך נאָר צו, און איך וועל פּאַרטייטשן יעדעס וואָרט! — האָט זיך לייזער פלוצלונג דערפילט ווי אַ קעניג, און האָט אָנגעהויבן זאָגן קאַפּיטלעך תהלים און פּאַרטייטשן.

די זיהן און טעכטער האָבן זיך איצט, ווי קליינע קינדער, געטוליעט צום טאַטן, עפּעס איז ער איצט געוועזן דער העלד, דער שטאַרקער, וואָס האָט זיי געקאָנט באַשיצן אין זייער גרויסער טרויער.

זיינע ווערטער, וואָס ער האָט פון׳ם ספר אַרויסגעזאָגט, זיינען געוועזן עפּיס גאָר אַ באַזונדער שפּראַך, אין וועלכן ער רעדט זיך דורך מיט דער מאַמע׳ן.

לייזערל האָט מיט גרויס חשק און מיט אַ זיסן ניגון געזאָגט קאַפּיטלעך תהלים און דאָס פּאַרטייטשט.

די זיהן און טעכטער האָבן צום ערשטן מאָל דערזען, אַז זייער טאַטע איז אַ וויסער, אַ קענער, אַז ער קען עפּיס, וואָס זיי קענען נישט, זיי האָבן אים אַלע שטאַרקער אַרומגערינגלט און געוואָלט הערן נאָך און נאָך זיין ליבן ניגון.

— איר ווילט הערן נאָך, קינדער? — האָט ער ביי יעדן איבערמישן אַ בלעטל געפרעגט, כדי צו הערן יעדעס מאָל דעם ענטפער:

— יאָ, טאַטע!

די קינדער האָבן דעמאָלט באַשלאָסן, אַז זייער מאַמע איז ווערט, זיי זאָלן זיצן נאָך איר אַ פולע וואָך שבעה, און לייזערל איז אַ גאַנצע וואָך געווען אַ „טאַטע״!...

## „ספאָנסאָרס“ פון שיינע־רחל׳ס שריפטן



יוסף אַדלער
לאַלאַ איזראַעל
י. אייבלסאָן
מאָריס אייזענמאַן
י. אַלקאָן
מאיר אַנגסטרייך
מ. אָסטערמאַן
הערי אַראָנסאָן
מאַקסימיליאַן באַדער
מילטאָן באַדער
דוד באַראַל
דוד באַרנס
אהרן בוים
הערמאַן בורג
מ. ביילין
בנימין בילאָווסקי
אברהם בלום
פ. בלומענרייך
סעם בערקע
דזשייקאָב בראַון
י. ה. גאָלדבערג
ליבוש גאָלדבערג
מ. גאָלדפעדער
הערי גאָלדשטיין
פיליפ גאָסין
ראובן גאָראָבעץ
הערי י. גודעלמאַן
ה. גודפעלד
מערי גיבסאָן
א. גלאַזער
אברהם גלאַסבערג
געווירץ עט עגערט
יעקב גראַב
א. גראָס

עלי גרענט
דר. ה. דיאַמאַנד
שמואל מיכאל דרעזנער
לואיס האַלענדער
מ. האמער
אברהם הויזמאַן
ק. הויזוועטער
דר. סעמיועל הערשמאַן
ה. וואַנק
נייטהען וואַרשאַ
אב. וועהיטמאַן
דזשועל וויזען
מאָריס ווין
אַננאַ וויניק
וויליאַם ווישינסקי
הערי זאַמקאָוו
לואיס זאַמקאָוו
ראָזאַלין זאַמקאָוו
ב. זאַמקאָף
דזשוליוס זאַמקאָף
לואיס זאַמקאָף
סאַל זאַמקאָף
עלי זאַמקאָף
פעני זאַמקאָף
רובין זאַמקאָף
מ. זאנד
בערנאַרד זעמעל
ס. טוירק
יעקב יאָזעפסבערג
ב. יאַנאָף
לואיס ע. לאַנגער
נחמה לאַנדאַן
סעם לינקאָפסקי
פיליפ לעווין

